ובמיוחד של אנשים צעירים, כדי לשלחם לעבודת כפייה במחנות. המשטרה היהודית היתה עורכת צייד על אנשים ומוציאה אותם בלילה ממיטותיהם. הייתי בת שש־עשרה כאשר ניתקוני מיקירי ומקרובי, וביחד עם עשרות נערות בגילי הועברתי למחנות, לעבודת כפייה.

לאחר מכן נודע לי שסבי נפטר בגיטו, וגם הוא זכה לבוא לקבר ישראל. בימים ההם היתה זו באמת זכייה גדולה. בשנת 1943, כשהייתי כבר באושוויץ, נתקבל מכתב משכנתנו הנוצריה ובו הודיעה לנו, שכל יהודי ז׳יחלין גורשו מן הגיטו למחנה המוות בחלמנו ושם הושמדו.

כאשר הרוסים התקרבו לפולין, הוציאונו מאושוויץ והוליכונו, במצעד הידוע לשימצה, לרייוונסברוק ומשם לנוישטט־גלוויץ. ב־5 במאי 1945 שוחררנו. אחרי השחרור נדדתי על פני ארצות וערים, עד שהגעתי לקוטנו, בה קוויתי למצוא מישהו ממשפחתי. אבל איש מהם לא נשאר. כולם ניספו בידי הרוצחים. בקוטנו נפגשתי עם חברי לספסל הלימודים שהיה מיועד להיות בעלי, ושנינו החלטנו, שהדרך היחידה הפתוחה לפנינו היא לעלות ארצה.

בפולין נפגשנו עם חברים נוספים מ„השומר הצעיר״, התארגננו לקבוצה ובאנו בדברים עם העומדים בראש התנועה. מצויידים בתעודות־זהות מזוייפות הגענו לגרמניה. שם הצטרפנו לקבוצה ושמה „טוסיא אלטמן״, יצאנו לאיטליה ומשם הפלגנו בעלייה ב׳ לארץ־ישראל.

ב־1 באפריל 1946 הגענו לנמל חיפה, אולם שלטונות המנדט לא הרשו לנו לרדת לנמל והגלו אותנו לקפריסין. באי הזה ישבנו למעלה משנה ושם נולד בננו הבכור. הסוכנות היהודית השתדלה אצל הממשלה הבריטית, כי תשחרר לפחות את המשפחות שיש להן ילדים קטנים ותאפשר להם להכנס לארץ. הודות לתינוק שלנו הגענו איפוא לארץ עוד לפני הכרזת המדינה.

תחילה ישבנו במחנה־עולים ברעננה, אחר כך בקיבוץ הזורע, ובשנת 1947 עלינו עם המתנחלים הראשונים על אדמת קיבוץ גזית. כך נסתיימה דרכנו מלאת הסבל והיסורים והתחלנו לחיות חיים חדשים, חיי חופש בישראל.

# יהודי דומברוביץ בגיטו ז׳יחלין

(מסמך)

ז׳יחלין, 10 ביולי 1940

לכבוד נציגי הג׳וינט בוורשה

מאת היהודים שגורשו מדומברוביץ
ונמצאים כעת בגיטו ז׳יחלין

כבוד האדונים הנכבדים מאוד!

אנחנו מתכבדים בזה לפנות אליכם בבקשה נמרצת הכתובה בדמעות, ואנו תקוה שתואילו להיענות לעתירתנו.

אנחנו, יהודי דומברוביץ זה שנים רבות לא היה בתוכנו אדם עשיר, כל אחד מאתנו היה מתפרנס בקושי והרויח את לחמו בדוחק. בימים האחרונים, כשהונהגה עבודת כפייה, תקף כל אחד מאתנו יאוש נורא ופחד מפני כליון. רכוש לא היה לאף אחד מאתנו וגם להשתכר אי אפשר היה. קיומנו נשבר לחלוטין וכל אחד מאתנו היה בוכה ושואל — מה יהיה בסופנו? כעבור זמן לא רב ראינו את הקץ, וסבלנו וענויינו עלו על כל סבלינו הקודמים. גורשנו מבתינו בעירום ומחוסר כל אל הגיטו בקוטנו. פה ישבנו תחת כיפת הרקיע במשך שלושה שבועות, וסבלנו מרעב ומגשם שירד עלינו.

כעת גורשנו מגיטו קוטנו לגיטו ז׳יחלין ואנחנו נמצאים במצב שלאחר יאוש. אין לנו כל אפשרות להשתכר לפת לחם. נשארנו בלי כסף, בלי פרנסה ובלי לבוש לבשרנו.

אנחנו פונים אל אנשי ה„דז׳וינט" הנכבדים מאוד במלים חמות הנובעות מלב כואב: אדונים נכבדים, הצילונו מן המים העמוקים, שאנו טובעים בהם. הושיטו לנו יד עזרה! אולי עוד לא אבדנו כליל. אולי ישנה עוד אפשרות להציל את חיי נשינו וטפנו, שקול בכיים מגיע עד לשמים. אולי ישנה עוד תקוה להצילנו. מצבנו טרגי עד מאוד וקשה לנו לתאר את הכל.

אנו מאה וארבעים נפשות, כולנו עניים מרודים. אין בתוכנו אף אחד שיימצא בכיסו זהוב לקנות פרוסת לחם.

רחמו עלינו ושלחו לנו עזרה מיידית בידי נציגי ז׳יחלין, הנמצאים כעת בוורשה. אל תתמהמהו, פן יהיה מאוחר מדי, חלילה וחס.

היה בדעתנו לבקר בעצמנו אצלכם, אלא שמחמת הוצאות הדרך והקשיים בקבלת רשיון הסתפקנו במשלוח מכתב זה, ואנו מקוים שבקשתנו זו תביאנו למטרה הנאותה, כאילו היינו בעצמנו מבקרים אצלכם. הלוא תדברו עם נציגי ז׳יחלין, והם ימסרו לכם בעל־פה על המצב הטראגי שלנו. כשישבנו בבתינו, ואף שמצבנו היה קשה, לא פנינו אליכם. אבל עכשיו, כשהגענו למצב שלאחר יאוש וללא מוצא, אנו פונים אליכם במלים: אנא, אל תשיבו פנינו ריקם.

בהוקרה עמוקה אנו מסיימים את בקשתנו.

חברי הועד:

משה דרכמן, הרב דק״ק דומברוביץ, מאיר וישגרוצקי,
מיכל אייזיק, (חתימה בלתי־קריאה)

(המסמך המקורי — ראה עמ׳ 331 בחלק האידי)

## מעשה גבורה

באחד ממחנות־העבודה שהקימו הנאצים נתפש ילד יהודי, אשר עבד במטבח של המחנה, בהטמנת כמה תפוחי־אדמה.

קלגסי היטלר ימ״ש החליטו לערוך לו משפט ראווה. הוציאו את כל יושבי המחנה לכיכר, העמידום בחצי גורן, ומולם התייצבה חבורה של קלגסים ובתוכם קצינים. הילד הועמד באמצע.

בלא אומר ודברים ניגש אחד הקצינים הנאצים אל הילד, שלף את אקדחו ובבת־שחוק שטנית הריק את כל מחסנית הכדורים אל תוך גופו הקטן.

במחנה היו גם ז׳יחלינאים, ביניהם משה קלמר ז״ל, בנו של הירש מרדכי. בראותו את דמו השפוך של הילד, אחזתו עברת־זעם ועיניו חשכו. בלא היסוס קל שבקלים תפס מוט ברזל, הסתער על הקצין והרגו בו־במקום.

מייד נפתחה עליו אש מכל צד והוא נפל נקוב כדורים ליד גופת הילד.

במותו קידש את שם גבורת ישראל ברבים.

# הקץ המר

### מיכאל שוורצברג

המלחמה הגיעה לז׳יחלין ביום ו׳, 1 בספטמבר 1939, בשעה 6 בבוקר, בצפירות אימה, ברעש מטוסים ובהתפוצציות פגזים; בדם, באש ובזעקות פחד. במשך היום כולו הופצצה העיר והיו קרבנות לאין מספר. ז׳יחלין, שהיתה תחנת מעבר חשובה לצבא, סבלה מהפצצות יותר מערים אחרות.

מייד עם פרוץ המלחמה הורגש מחסור במצרכי מזון. אייזיק קלמר, יושב ראש ההסתדרות בעיר, הקים, ביחד עם יתר העסקנים, ועד־עזרה לפליטים שבאו לז׳יחלין ממקומות שונים. הוועד פעל כל זמן שנמשכו הקרבות בסביבה בין צבא פולין וצבא גרמניה. באותו זמן ביערנו מן הספרייה את כל הארכיון. כמה מסמכים החבאנו ואת השאר שרפנו, כדי לא להעמיד בסכנה אנשי ציבור.

ב־17 בספטמבר כבשו הגרמנים את העיר, ומייד עם היכנסם גירשו את היהודים מבתיהם אל כיכר השוק. כמה שעות עמדנו שם, מוקפים שומרים שירו מעל לראשינו כדי להפחידנו ואחר־כך הריצו אותו חזרה לבתינו. בימים הבאים התחילו לתפוס יהודים ברחוב וגם להוציאם מבתיהם לעבודות שונות. מייד גזרו על היהודים, שאסור להם לעסוק במסחר במצרכי מזון. חנויות המכולת של היהודים, האיטליזים והמאפיות נסגרו. את האופים הכניסו לבתי־כלא כדי לסחוט מהם כופר. אחר כך בוטלה הגזירה והאופים שוחררו.

כעבור זמן־מה הוצאו גזירות חדשות. ליהודים אסור היה לצאת מבתיהם אחרי שעה 5 בערב. העוברים על הפקודה יירו. אבל היהודים נמנעו ממילא לצאת מבתיהם מחשש שמא ייתפסו לעבודה. פחדו גם מתלישת הזקן יחד עם עור הפנים, מעשה שהיה חביב על הגרמנים, או מהתעללות כגון חליצת נעליהם של הקרבנות ושילוחם הביתה בבוץ ובשלג כשהם יחפים. היהודים נשארו מחוסרי פרנסה, לכן נאחזו בקש שהגרמנים זרקו להם, והוא הקמת לשכת תעסוקה, שתספק לגרמנים יהודים לעבודה.

בנובמבר 1939 נצטוו היהודים לענוד מצד שמאל של הבגד העליון טלאי צהוב מפנים ומאחור. ליהודים אסור היה ללכת על המדרכה אלא באמצע הרחוב ביחד עם הסוסים (בפירוש כך היה כתוב בפקודה). היהודים היו חייבים להסיר את כובעיהם כשנתקלו בגרמני ברחוב, ולא — נענשו קשות. הציבור הפולני התייחס באדישות לרדיפת היהודים ובמקרים רבים עזר לגרמנים במעשיהם הנפשעים. הנוער היהודי ברח בחלקו מזרחה, לשטחים שהיו תפוסים בידי הרוסים. נדמה היה להם, שמשם תבוא הגאולה...

ביוני 1940 הוקמו בז׳יחלין שני גיטאות. מאות אימהות עם ילדיהן השתרכו ברחובות בכיוון הגיטו, כשהן גוררות עמן את מטלטליהן. אולם מייד נפסק הדבר. על היהודים נאסר להוציא את רכושם מן הבתים שעזבו. בגיטו הכניסו 3, 4 משפחות לחדר קטן אחד. המצוקה גדלה מיום ליום והדבר הביא לריב וקטטות.

נסעתי לוורשה והתקשרתי עם קיבוץ בורוכוב, שהועבר בתחילת המלחמה ללודז׳. השתתפתי בהעברת חלוצים מוורשה לביאליסטוק. משם אפשר היה בדרכים־לא־דרכים להגיע לארץ־ישראל. רק מעטים הגיעו למטרתם. רבים נפלו בדרך, ואחדים השתתפו במרד בגיטו ביאליסטוק.

שתיתי את קובעת כוס התרעלה עד תומה. פעמים רבות ראיתי את המוות לנגד עיני. נשארתי בחיים משום ששיחק לי מזלי, ולא מפני שניחנתי ביתר תבונה. כאשר חזרתי לז׳יחלין לא מצאתי שם איש. הכל נעלמו בעשן המשרפות במחנה המוות חלמנו. כך בא הקץ על הקהילה היהודית בז׳יחלין, שנתקיימה דורות על דורות.

# ספר זשיכלין

רעדאַקטאָר: **עמי שמיר**

רעדאַקטאָר פון יידיש־טייל: **דוד שטאָקפיש**

רעדאַקציע־קאָלעגיום:

יעקב בן־בינה
רבקה קאַנאַריק
משה זיגער

**אַרויסגעגעבן דורכן פאַרבאַנד פון זשיכלינער אין ישראל און אַמעריקע**

תשל״ד • 1974

# פאָרוואָרט

„ספר זשיכלין" דערשיינט 32 יאָר נאָך יענעם פינצטערן טאָג אין חודש אויגוסט 1942, ווען די לעצטע יידן פון געטאָ זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן אינעם פאַרניכטונג-לאַגער כעלמנאָ — און די יידישע זשיכלין האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

זשיכלין איז געווען אַ קליין שטעטל אין האַרץ פון צענטראַל-פּוילן, אַרומגערינגלט מיט איינגעדרעמלטע דערפער און דערווייטערט אַ 3 קילאָמעטער פון דער נאָענטסטער באַן-סטאַציע — אָבער דאָך געשפּרודלט מיט לעבן. די צאָל יידן האָט קיינמאָל ניט איבערגעשטיגן די צאָל פון דריי טויזנט, פון דעסטוועגן האָט די דאָזיקע קליינע קהילה, וואָס אירע יידן האָבן זיך מפרנס געווען גאָר שווער, זיך אויסגעצייכנט מיט אַ וואַכזאַמער און רייכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ניט געווען קיין איין שטרעמונג ביי יידן, אָדער אַ פּאַרטיי און אָרגאַניזאַציע אין די לעצטע זיבעציק יאָר, וואָס זאָל ניט געווען זיין רעפּרעזענטירט אין זשיכלין. אַלע אידעישע און סאָציאַלע קאַמפן וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אינעם מזרח-אייראָפּעישן יידנטום אין לעצטן האַלבן יובל — האָבן געפונען זייער אָפּקלאַנג און לעבעדיקן אויסדרוק אינעם יידישן ישוב אין זשיכלין.

אין דער תקופה צווישן צוויי וועלט-מלחמות, איז די יידישע קהילה אין זשיכלין, וואָס האָט עקזיסטירט הונדערטער יאָרן — דערגאַנגען צו איר הויכפּונקט און דער ציוניסטישער געדאַנק האָט פאַרנומען אַלץ מער דאָס צענטראַלע אָרט אינעם לעבן פון די אָרטיקע יידן. פיל פון די זשיכלינער יידן האָבן זיך אַריינגעפלאָכטן אינעם שטראָם פון דער דריטער עליה קיין ארץ-ישראל און געגעבן זייער צושטייער צום אויפבוי פון לאַנד. אַנדערע ווי-

דער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע, אויסטראַליע און אַנדערע לענדער, נאָר תמיד אָפּגעהיטן אין זייערע הערצער דעם אָנדענק און סענטימענט פאַרן שטעטל פון זייערע קינדער- און יוגנט-יאָרן.

קיין איינער פון די יידן וואָס זענען געבליבן אין שטאָט פון סעפּטעמבער 1939 — האָט זיך ניט געקענט פאַרשטעלן, אַז אַזאַ שנעלער סוף וועט קומען צו אַ גאַנצער יידישער קהילה. אין סעפּ-טעמבער 1939 האָבן היטלערס רוצחים אָקופּירט פּוילן און אין פאַרלויף פון קנאַפּע דריי יאָר איז דער רוב יידן אומגעקומען. באַזאַמען מיט די אַנדערע פּרעכטיקע קהילות אין פּוילן, האָט אויך איבער דער יידישער זשיכלין זיך אַראָפּגעלאָזט די האַק פון נעם הענקער — און ס'איז ניט געבליבן פון איר קיין שריד. אַפילו דאָס בית-הקברות ווו ס'האָט גערוט דער געביין פון אונדזערע קדושים — איז אינגאַנצן צעשטערט געוואָרן.

דער געשיכטע פונעם קליינעם שטעטל, וועמענס אָפּשטאַמיקע און שארית הפליטה אומעטום געדענקען זייערע וואָכעדיקע און יומטובדיקע טעג דאָרטן, און אַלע ווי איינער האָבן פאַר זשיכלין פיל טיפע סימפּאַטיע — זענען געווידמעט די ווייטערדיקע בלעטער. דאָס בוך איז געשריבן געוואָרן פון זשיכלינער און דערשינען אַ דאַנק דער זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, מיט דער הילף פון אונדזערע לאַנדסלייט אין די פאַר. שטאַטן און אַנדערע לענדער.

ספר זשיכלין איז אַ מאָנומענט צום אָנדענק פון אונדזערע קדושים, אונדזערע ברידער און שוועסטער וואָס זענען אומגע-בראַכט געוואָרן דורכן נאַצישן צורר, ווי אויך פאַר די בני עיר וואָס זענען אַוועק אין דער אייביקייט און ניט זוכה געווען צו תקומת ישראל.

# זשיכלין
## (לויט היסטאָרישע מקורות)

אַ ישוב, אַמאָל אַ שטעטל, אויפן פלאַכלאַנד ביי די ברעגעס פון טייך סלודוויא וואָס פאַלט אַריין אין דער בזורא נעבן לוביטש, קוטנער קרייז. 3 קילאָמעטער ווייט — פניעוואַ, אַ באַן־סטאַציע אויף דער ליניע וואַרשע־בידגאָשטש, 21 קל״מ פון קוטנע און 24 קל״מ ווייט פון לוביטש. פאַראַן דאָרט אַ געמויערטער קלויסטער, אַ פאָלקס־שול פאַר יינגלעך און מיידלעך, אַ געריכט, אַ פאָסט־אַמט, צוויי דאָקטוירים, אַן אַפטייק, צוויי דאַמף־מילן, אַ קוזניע, אַ גאַרבעריי, צוויי וואַרשטאַטן אויסצואַרבעטן לייוונט, אַ זייף־פאַבריק, 205 הייזער (דערפון 105 פון שטיין) פאַרזיכערטע קעגן שריפות אויף אַ סומע פון 256,200 רובל. 40 הייזער געהערן צו קריסטן.

די צאָל סטאַבילע איינוווינער 6396 (1418 קריסטן און 2579 יידן). נישט־שטענדיקע איינוווינער — 1434 (971 קריסטן, 363 יידן). צוזאַמען: 7830 איינוווינער (3799 מענער, 4031 פרויען). געשעפטן — 184 (7 קריסטלעכע). בעקערס — 16 (4 קריסטן). די גרעסטע צאָל בעלי־מלאכהס זענען שוסטערס (50), אָרגאַניזירט אין אַ צעך. פאַראַן אין ישוב 2 מערק, אַן אַלטער און נייער און צוויי פלעצער פאַר אַ פערד־מאַרק און אַ קי־מאַרק. די נעמען פון די גאַסן: פאַדוואַל, פאַזנאַנסקע, לוביצקאַ, זשאַביע און טילנע.

די גיטער אַרום זשיכלין אין יאָר 1894 האָבן אַרומגענומען די מאַיאָנטקעס: בודזין, פשיקע, סאָקאָלוועק. דאָ געפינט זיך אַ צוקער־פאַבריק, אַ דאַמף־מיל, אַ ברויערײ, אַ ווינטמיל, 2 וואַרשטאַטן אויסצואַרבעטן לייוונט און אַ ציגל־פאַבריק.

אין צענטער פון ישוב געפינט זיך אַ קליינער שלאָס, וועלכער איז אויפגעבויט געוואָרן אין 14טן יאָרהונדערט. דער שלאָס ווערט דערמאָנט אין דאָקומענטן פון יאָר 1332.

אין יאָר 1397, דעם 20סטן יוני, האָט קלעמענט, פון הערב לענטשיץ און מעשטשוג דע ראַספּער איבערגעוויזן אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון זיינע יורשים אַלע דערפער וועלכע האָבן באַלאַנגט צו זשיכלין — צו ווויטשיקן פון סלאָנסק און צו זיינע ברידער. פון דעם איז צו דרינגען, אַז זשיכלין האָט באַקומען דעם מעמד פון אַ שטאָט נאָך פאַרן יאָר 1450, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי דאָס יאָר פון אַנטשטייונג פונעם ישוב. פונדאַנען שטאַמט „אַלבערטוס דעזש", ראַטגעבער פון קעניג, וואָס ווערט דערמאָנט אין די דאָקו־

מענטן פון די יאָרן 1466 און 1469. וועגן אים דערציילט נישעצקי, אַז „ער האָט געגרינדעט און פאַרפעסטיקט דאָס שטעטל זשיכלין אינעם קרייז לענטשיץ". אַלנפאַלס איז ריכטיק, אַז דער מלך קאַזשימיעזש יאַגעללאָנטשיק האָט אים געגעבן נייע פריווילעגיעס פאַר זיינע דינסטן אויפן קעניגלעכן הויף, לטובת דעם שטעטל וואָס איז שוין געהאַט געשאַפן געוואָרן. אַ סברה, אַז זיין זיידע האָט דאָ אין יאָר 1418 אויפגעבויט אַ גמינע־קלויסטער אין וועמענס קעלערן מ'האָט קובר געווען אין יאָר 1471 דעם דערמאָנטן וויצע־מיניסטער.

אין יאָר 1552 האָט זשיכלין געציילט 131 איינוווינער. צו איר גמינע האָבן דאַן געהערט: די פאָלוואַרקס זשיול, שיקע, ראַקאָווא, דעסשוקי, דאָבזשעלינאַ, בוסקאָוואַ זשעלאַני, בוסקאָווא מאַיאַר, קאַמיעניצאַ, ראַקאָוויעץ, סקזשישעוואַ מאַלאַ, גומינאַ (ראַטשקעוויזנאַ), גומינאַ סיטקי, גומין, גומין ראַפּאַליזנאַ, מאַרסעוואַ, טשוקולובאַ, באָב־ראָווא, זשביקאָווא, בודזין, פזשיקוטי. אין די אַלע דערפער איז געזעסן די קליין־שלאַכטע אויף נישט גרויסע פאַרצעלעס.

וואַרדאַם, וואָס האָט באַזוכט די געגנט אין יאָר 1670—72, שרייבט: „זשיכלין, אַ קליין שטעטל וואָס אַזעלכע געפינען זיך אַן אַ צאָל אין מאַזאָווישע און אין גאַנץ פּוילן. די דאָזיקע שטעטלעך אונטערשיידן זיך פון די דערפער דערמיט, וואָס זייערע איינוווינער געניסן פון מערער פרייהייט, אָדער זיי גופא ווערן באַטראַכט ווי שלאַכטע־לייט, אָדער פויערים וואָס אונטערליגן דעם מלך און נישט דעם ווילקיר פון די פעאָדאַלן. אויך אין זשיכלין זיצן שלאַכטע־לייט. איינעם פון זיי האָב איך באַגעגנט, מיט אַן אָנגעהאָנגענער שווערד אויפן גאַרטל, ווי ער האָט געפירט אַ וואָגן מיט מיסט אויפן פעלד".

אויך די שפּעטערדיקע אייגנטימער — די גרעטשינסקיס, ראַקאָוויצקיס און פּרוש־קאָוויצקיס האָבן נישט בייגעשטייערט צו הייבן דעם ניוואָ פון שטעטל. די איינציקע צירונג פונעם שטעטל איז דער קלויסטער אויפן נאָמען פון די הייליקע פּיאָטר און פּאַוועל, אויפגעבויט פון ציגל אין יאָר 1782, אויפן אָרט פון פריערדיקן, הילצערנעם קלויסטער. אין משך פון 30 יאָר, אָנהייבנדיק פון 1838, ווערט דער קלויסטער אָנגעפירט דורכן גלח קאָנדראַצקי. אין פאַרלויף פון דער צייט איז ער באַדייטנדיק אויסגעברייטערט געוואָרן: מ'האָט צוגעבויט נאָך אַ פליגל פאַר די מתפללים, אַן אַרכיוו און אַ נייער אַלטאַר (מזבח).

סעווערינאַ פּרושקאָווא (איצט דיכינסקא), אַ באַרימטע שרייבערין, האָט געשאָנקען דעם קלויסטער דאָס בילד פון הייליקן סטאַניסלאַוו קאָסטעק. פון די איבערבלייבענישן פונעם אַלטן קלויסטער — צוויי בילדער, ווי דאָס באַווייזן די אויפשריפטן: פון יוזעף סאַללאַהובאַ, זון פון פינאַנס־מיניסטער פונעם ליטווישן פירשטנטום און זיין פרוי אַנטאָנינאַ, די גרעפין אַגינסקא.

אַ מויער און קראַטן רינגלען אַרום די בית־הקברות־קאַפּליצע, ווו עס שטייען 3 אייזערנע מצבות: פון פעליקס טיקלאַ, געשטאָרבן אין יאָר 1847 און פון קאַראָל געשטאָרבן אין 1848 און פון טעאָדאָר גראַבּסקי.

די ידישע שיל איז געבויט געוואָרן פון האָלץ אין יאָר 1780, אויפן סמך פון אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון אַנטאָני אָסטראָווסקי, דער אַרכיבישאָף פון גניעזן. בערך אין יאָר 1880 איז פון ציגל אויפגעבויט געוואָרן אַ נייע שיל.

אין יאָר 1890 פאַרנעמט זשיכלין אַ שטח פון 14,881 מאָרג, פון וועלכע 13,098 מאָרג געהערן צו די הויף־לייט, 197 מאָרג — צו די פּויערים און 386 מאָרג — צו דער שטאָט. די צאָל איינוווינער — 997. צווישן די סטאַבּילע איינוווינער געפינען זיך: 21 פּראַוואָסלאַוון, 236 פּראָטעסטאַנטן און 2,201 יידן, דער עיקר — אין ישוב גופא.

אין דער מוניציפּאַלער גמינע געפינען זיך צוויי צוקער־פאַבריקן — וואַלענטינאָוו (אין בודזין) און דאַבּזשעלין; 5 עלעמענטאַר־שולן (2 אין זשיכלין, 2 ביי דער צוקער־פאַבריק און איינע אין פינעוואַ).

שוין אין די יאָרן 66—1764 האָבן יידן געוווינט אין זשיכלין, נאָר זייער צאָל איז געווען אַ קליינע. אַ ידישע קהילה איז דאָרט נישט געווען. די ידישע איינוווינער פון זשיכלין האָבן דעמאָלט באַלאַנגט צו די קהילות אין קוטנע און גאָסטינין און זיי געצאָלט די שטייערן.

אין יענער תקופה האָבן אין די אַלע דריי קהילות זיך געפינען אַ 930 ידישע נפשות.

## זשיכלין *

זשיכלין געפינט זיך אין קוטנער פּאָוויאַט, ליגט ביים טייך סלודוויאַ, 19 קילאָמעטער אויף מזרח פון קוטנע.

די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין שטח פון שטאָט זאָגן עדות וועגן דער לאַנגער עקזיסטענץ פון דער שטאָט. פאַרן יאָר 1331 האָט שוין עקזיסטירט אַ דאָרף מיט אַ

* פונעם בוך „מיאַסטאַ פּאָלסקיע וו טיסיאָנצלעטשו" — „פּוילישע שטעט אין טויזנט יאָר". דערשינען אין יאָר 1965 אין פאַרלאַג פון נאַציאָנאַלן אינסטיטוט א. נ. פון די אָסאָלינסקיך, וראָצלאַוו־וואַרשע־קראָקע. 2 בענד.

קלויסטער וואָס האָט געהערט צום לענטשיצער ריטער כייאַלאַ. אין יענעם יאָר האָבן זשיכלין דעראָבערט די קרייצגלערס. פון מיטלאַלטער ביזן 19טן יאָרהונדערט איז זשיכלין געווען אַן אייגנטום פון דער שלאַכטע. מען דאַרף זיך משער זיין, אַז דאָס צוטיילן שטאָטישע־רעכט האָט געהאַט אַן אָרט פאַרן יאָר 1397. מיטגעווירקט צו דעם האָבן אַזעלכע מוניציפּאַלע פאַקטאָרן, ווי דאָס זיצאָרט פון דער פּאַראַפיע, דער שלאָס און דער צענטער פון גיטער, די גינסטיקע אומגעבונג צוליבן קרייצן זיך פון די וועגן אויף דער גרענעץ פון צווי ראַיאָנען: גרויספּוילן און מאַזאָווּשע. פאַר דער צייט פון די ווייטערדיקע צוויי יאָרהונדערטער איז וועגן זשיכלין פאַרבליבן זייער ווייניק ידיעות. פון זשיכלין האָט געשטאַמט וואָיטשעך, דער וויצע־קאַנצלער פון קאַזימיעזש יאַגעלאָנטשיק.

אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָבן געוווינט אין זשיכלין העכער 20 האַנטווערקער פון פאַרשידענע ספּעציאַליטעטן, עס זענען אויך געווען ביר־שענק. די מערהייט איינוווינער האָט זיך באַשעפטיקט מיט לאַנדווירטשאַפט. געווען דאָ אַ שול. אין דער צייט איז די שטאָט פאַרניכטעט געוואָרן פון אַ שריפה. אין 17טן יאָרהונדערט האָט זשיכלין זיך נישט אַנטוויקלט, ס׳איז גיכער געווען אַ רעגרעס. אין 1775 האָט זשיכ־לין געהאַט 69 הייזער, אַ גרויסע קרעטשמע און שענק פון ביר, האָניק און בראָנפן. דער דעמאָלטיקער אייגנטימער טאָמאַש פּרושאַק, דער דאַנציקער קאַשטעלאַן, האָט אויסגעבעטן ביים קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט אַ פּריווילעגיע צו באַנייען די יאַרמערק און באַקומען 44 נייע. אָבער דאָס האָט נישט געווירקט אויף דער אויפלעבונג פון דער שטאָט, וועלכע האָט אין יאָר 1790 געהאַט 68 הייזער און געציילט 350 איינוווינערס. די יידן האָבן אין יאָר 1780 אויסגעבויט אַ שיל.

אין דער צייט פון דער פּרייסישער אָקופּאַציע האָט זיך געמערקט נישט קיין גרויסע פאַרגרעסערונג פון דער צאָל הייזער — ביז 77 און אַ וווּקס פון דער באַפעלקערונג ביז 743. צווישן 57 האַנטווערקער זענען געווען 6 קירזשנערס, 3 גאָלדשמידן און 3 גאַרבערס. אין די יאָרן פון וואַרשעווער פירשטנטום איז פאַרגעקומען אַ ווייטערדיקע פאַרבעסערונג. אין יאָר 1812 האָט זשיכלין געציילט 817 איינוווינער.

אין 1820 זענען שוין אין זשיכלין געווען 104 הייזער (אין דעם 4 געמויערטע), באַוווינטע דורך 1391 מענטשן, מיט אַ גרויסן איבערוואָג פון דער יידישער באַפעלקערונג (846). די איינוווינער האָבן זיך באַשעפטיקט מיט האַנטווערקעריי, האַנדל, געווען צווישן זיי קרעמערס און לוין־אַרבעטער. עס פלעגן פאַרקומען יעדע וואָך מערק (זונטיק) און

8 יאַרמערק. אין 1858 האָט זשיכלין געציילט 94 הייזער און 1611 איינוווינער, אין דעם — 1062 יידן.

בעת דעם יאַנואַר־אויפשטאַנד איז שוין אין יאַנואַר 1863 אין זשיכלין געווען מלחמה־צושטאַנד. אַן אָפּטיילונג פון אַן ערך 500 ערד־אַרבעטער און מיעשטשאַנעס האָבן פאַרטריבן פון דאָרט די צאַרישע זעלנער און דעראָבערט די שטאָט.

שטאָט־רעכט האָט זשיכלין צייטווייליק פאַרלוירן אין 1870 און איז געוואָרן אַ זיצ־אָרט פון דער גמינע, אָבער ווידער זיך אַנטוויקלט צוליב דעם הויפּט־וועג פון סאָכאַ־טשעוו קיין קוטנע. די בויונג פון דער באַן־ליניע וואַרשע—קוטנע—פּויזן האָט מיטגע־ווירקט צום אַנטשטיין פון דער אַגראַר־אינדוסטריע, ספּעציעל צוקראַוויניעס. דאָס האָט געהאַט אַ דירעקטן איינפלוס אויפן ווייטערדיקן גורל פון זשיכלין. אין 1886 ציילט דאָס שטעטל 2000 איינוווינער, וועלכע האָבן זיך אויסגעהאַלטן פון דער אַרבעט אין דער אָרטיקער פאַבריק פון זייף און ליכט; אין דער גאַרבעריי; אין דער דאַמף־מיל און אין די נאָענטע צוקער־פאַבריקן. צום סוף פון 19טן י״ה האָט שוין זשיכלין געציילט 205 הייזער, אין דעם 130 געמויערטע און 7830 איינוווינער. אויסער די אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל און אויך דער האַנטווערק. די דאָזיקע אַנטוויקלונגען האָט געבראַכט דערצו, אַז אין יאָר 1924 האָט זשיכלין ווידער באַקומען שטאָט־רעכט. געווען דאָרט 426 הייזער און נישט געקוקט אויף די פאָלגן פון דער מלחמה, האָט די צאָל איינוווינער באַטראָפן 7098 און עס האָט געאַרבעט די פאַבריק פון עלעקטרישע מאַשינען. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז זשיכ־לין געווען, לויט דער גרויס, די צווייטע שטאָט אין קוטנער פּאָוויאַט. אין 1939 האָט זשיכלין געציילט 8276 איינוווינער.

אין יאָר 1946 האָט זשיכלין געציילט 6000 איינוווינער. אין די לעצטע יאָרן איז זשיכלין אַ באַדייטנדיקער צענטער פון דער עלעקטראָטעכנישער אינדוסטריע. די שטאָט וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון 8,87 קוו. מטר. אַנטוויקלט זיך און ווערט איבערגע־בויט, שטיצנדיק זיך אויף די אָרטיקע אינדוסטריע־־אונטערנעמונגען. אין דעצעמבער 1961 האָט זשיכלין געציילט 7880 איינוווינער, געהאַט 3 גרונט־שולן, 4 פאַכשולן און אַ ליצײ. אין שטאָט איז דאָ וואַסערלייטונג, קאַנאַליזאַציע און צענטראַלע באַהייצונג.

דער אַלטערטימלעכער פאַראַפיע־קלויסטער פון שפּעטן באַראָק, שטאַמט פון סוף 18טן י״ה.

# זשיכלין — עיר ואם בישראל

## יעקב בן־בינה

מיט ציטער און פּאַרכטיקייט טרעט איך צו צו פאַרצייכענען מיינע זכרונות פון זשיכלין ווו כ׳בין געבוירן, געזויגן דער מאַמעס מילך, באַקומען די ערשטע דערציונג אין חדר, ווי אַלע זשיכלינער יידישע קינדער, און אַלגעמיינע בילדונג — ביים אָרטיקן גלח. דערנאָך האָב איך מיטגעלעבט די אַנטוויקלונג פונעם געזעלשאַפטלעכן, קולטורעלן און פּאָליטישן לעבן אין שטעטל, ביז מיין עולה זיין קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1926.

אין די ווייטערדיקע שורות וויל איך אַרויסברענגען זכרונות פונעם זשיכלינער שטייגער־לעבן, פון די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס, פּאַרטייען און בכלל — וועגן דעם ברויזנדיקן יידישן לעבן. יאָ, געווען אַמאָל אַ שטעטל — און איצט עקזיסטירט זי נישט מער פאַר אונדז.

### א

שווער צו געפינען אין וועלכער ס׳איז ענציקלאָפּעדיע דעם נאָמען זשיכלין, אויף אַ מאַפּע צי אין אַ געאָגראַפישן לערנבוך. דאָס שטעטל ליגט 3 קילאָמעטער פון דער באַן־ליניע וואַרשע־טורין (טאָרון), צווישן לאָוויטש און קוטנע פון איין זייט, און גאָמבין — פון דער צווייטער זייט. דער מרחק צווישן איר און די דערמאָנטע ערטער איז אַ 25—20 קילאָמעטער. דער נאָמען פון דער באַן־סטאַציע איז געווען פּניעוואָ, אויפן נאָמען פון אַ דערבייאיק דערפל. ערשט אין די יאָרן 1920—1919, ווען זשיכלין איז פון אַ גמינע פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאָט, האָט אויך די באַן־סטאַציע באַקומען דעם נאָמען זשיכלין.

פונעם באַן אין שטאָט אַריין פלעגט מען קומען צופוס אָדער מיט אַ דראָזשקע. אין דער פאַרשטאָט בודזין האָט זיך געפינען אַ צוקער־פאַבריק. שפּעטער איז דאָרט געעפנט געוואָרן אַ פאַבריק פון מאַטאָרן — אַ פיליאַל פון אַ שווייצאַרישער פאַבריק. אָנגעפירט מיט דער אונטערנעמונג האָט דער פּרעזידענט פון פוילן, גאַבריעל נאַרוטאָוויטש, וואָס איז שפּעטער דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ נאַציאָנאַליסט פון דער רעכטער, אַנטי־סעמיטישער פּאַרטיי — די ענדעקעס.

אין בודזין האָט זיך געפונען אַ שיינע אַלייע וואָס איז געווען דאָס אָרט פון שפּאַציר און צוזאַמענטרעפן פון דער יוגנט. אויף אָנצוקומען אין שטאָט, האָט מען באַדאַרפט

אַדורכגיין איבער אַ הילצערנע בריק איבערן טייכל וואָס איז אַריינגעפאַלן אין דער בזורא. נאָכן אַדורכגיין די בריק איז מען אָנגעקומען אויף דער הויפּט־גאַס — די בודזינער, וועלכע האָט נאָכן טויט פון נאַרוטאָוויטשן, געטראָגן זיין נאָמען. פון ביידע זייטן גאַס זענען געווען יידישע געשעפטן, צווישן זיי — בלויז אַ 3—2 קריסטלעכע, דערפון איינע — די אַפּטייק. דאָרט איז געווען דאָס איינציקע אָרט מיט אַ געפלאַסטערטן טראָטואַר, דעריבער איז נישט קיין וווּנדער וואָס דער עולם האָט אויף יענעם אָרט שפּאַצירט און זיך געטראָפן. אין עק גאַס האָט זיך אויסגעשפּרייט דער מאַרק־פּלאַץ און אויף זיין פראָנט — דער קלויסטער מיטן הויכן טורעם, פונוואַנען דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען אייניקע מאָל אין טאָג.

רעכטס, האָט ביזן בית־הקברות זיך געצויגן די ביסקאָווער גאַס, באַוווינט פון דער אָרעמקייט. לינקס פונעם מאַרק־פּלאַץ — די פּאַשיצקאַ־גאַס, מיט אירע מוניציפּאַלע אַמטן, שולן, די גרויסע מיל פון ווידיסלאַווסקין. הינטערן קלויסטער האָט זיך געפינען די פּאָדוואַל־גאַס און נאָך איר — נאָך צוויי סקווערן.

אַרום דער פּאַשיצקאַ־גאַס האָט זיך געפונען דער יידיש־רעליגיעזער צענטער: די גרויסע שיל, דאָס בית־המדרש, די מקווה, דעם רבס הויז, דאָס שעכטהויז פאַר עופות און דער ברונעם פון וועלכן כמעט די גאַנצע שטאָט האָט געשעפּט וואַסער.

אין דער גרויסער שיל האָבן געדאַווענט דער רב און די אָנגעזעענסטע בעלי־בתים פון שטאָט. די ערטער („שטעט") אין דער שיל זענען געווען געקויפטע און סטאַבילע. אויפן 2טן שטאָק האָט זיך געפונען די ווייבער־שיל („עזרת־נשים"). די שיל האָט אויך געהאַט אַ פּאָליש, וווּ ס׳האָבן געדאַווענט די בעלי־מלאכות. אין דער שיל גופא האָט מען מתפלל געווען נאָר אין די שבתים און יום־טובים. דאַקעגן דאָס בית־המדרש איז געווען אָפן אַ גאַנצע וואָך, דאָרט האָט געדאַווענט עמך און אויך דער דיין. טאָג און נאַכט זענען דאָרט געזעסן יידן און געלערנט אַ בלאַט גמרא און תוספות. אורחים פון דער פרעמד פלעגן ביינאַכט שלאָפן אין בית־המדרש.

געווען אויך חסידישע שטיבלעך — יעדער רבי און זיין שטיבל, וואָס יעדער פון זיי האָט געוואָלט האָבן אַ שליטה אויף דער יידישער גאַס. אַן אָנהענגער פון איין רבין האָט נישט געוואַגט אַריינצוגיין אין אַ צווייט שטיבל, אַפילו דאָרט צו דאַווענען.

אַ סך שטעטלעך אין פוילן און אין ליטע זענען באַרימט געוואָרן אין זכות פון זייערע באַוווּסטע ישיבות, אָדער רבנישע הייף, אָבער זשיכלין האָט נישט פאַרמאָגט קיין שטענדיקע ישיבה וואָס זאָל צוציען צו זיך בחורים פון דער פרעמד. עס זענען נאָר געווען בית־המדרש לערנערס וואָס האָבן מיט אייגענע כוחות און מיט דער הילף פון

עלטערע געלערנט גמרא און תוספות. געווען אויך אַ רבנישער הויף, וואָס איז נישט באַרימט געוואָרן אויסער דער שטאָט. די חסידים פון דאָזיקן רבין האָבן נישט געטראָגן קיין שטריימלעך און אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, נאָר פּשוטע פאָלקס־מענטשן זענען זיי געווען.

ב

אין די יאָרן 1918/19 איז אין זשיכלין געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה דורך דער אגודת אמוני ישראל, ווי אויך אַ רעליגיעזע מיידל־שול „בנות יעקב״.

די דערציונג פונעם ידישן קינד אין שטעטל האָט זיך אָנגעהויבן פון דער פריסטער קינדהייט. דער אָנהייב — אין חדר ביים דרדקי־מלמד, דערנאָך, שטופנווייז, איז מען דערגאַנגען צום לערנען חומש און רש״י — ביז אַ בלאַט גמרא. נישט אַלע קינדער האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט ממשיך צו זיין אין לערנען, אַפילו אין חדר, ווייל נישט יעדער טאַטע־מאַמע זענען געווען אימשטאַנד צו צאָלן אַפילו אַ נידעריקן שכר־לימוד. זשיכלין האָט נישט פאַרמאָגט קיין תלמוד־תורה ווו אָרעמע יידישע קינדער זאָלן לערנען אומזיסט. אייניקע עסקנים האָבן זיך באַמיט צו צעטיילן די אָרעמע קינדער צווישן עטלעכע חדרים. אָבער נישט אַלע זענען דערגאַנגען צום לערנען אַפילו חומש און רש״י. די־אָ קינדער האָבן גאָר יונג געהאָלפן די עלטערן אינעם עול פון פרנסה אָדער לערנען זיך איינעם פון די ידישע פאַכן — ביי די עלטערן, צי ביי אַ פרעמדן בעל־מלאכה. ווי ס׳האָט זיך דעמאָלט געפירט, זענען די יוגנטלעכע אָנגעדונגען געוואָרן ביי אַ מייסטער אַלס לערנ־יינגלעך אויף אַ יאָר אָדער צוויי, אָן באַלוינונג און אָן באַשטימטע אַרבעטס־שעהן.

מיטן קהלישן לעבן האָבן אָנגעפירט בעלי־בתישע יידן וואָס האָבן געהאַט אי געלט, אי די דעה. זייער טעטיקייט איז געווען דער עיקר אויפן רעליגיעזן געביט. אַן אויסגעוויילטע קהילה־פאַרוואַלטונג איז נישט געווען, נאָר דאָזאָרעס, אנשי שלומנו. אַפילו די המשמשים בקודש האָבן באַדאַרפט פאַר זיך אַליין זאָרגן.

די כלי־קודש און דער קהילה־פּערסאָנאַל זענען געווען: דער רב, דיין, חזן, דער שמש אין דער גרויסער שיל, דער שמש אין בית־המדרש, דער מקווה־הייצער, דער שומר פון בית־הקברות, דער שול־קלאַפּער וואָס האָט געוועקט צו די תפילות און צוויי שוחטים.

דער רב און דער דיין האָבן געצויגן זייער חיונה פונעם ספּעציעלן שטייער פון דער שחיטה. אויף פורים און אַנדערע יום־טובים האָט מען זיי געשיקט מתנות. די שוחטים האָבן געלעבט פון שעכטן קי און עופות. דער חזן און די שמשים פלעגן יעדן פרייטיק און ערב די יום־טובים גיין איבער די הייזער און צונויפזאַמלען באַשטייערונגען. נאָך אַ הכנסה קוואַל האָבן זיי געהאַט — פון חתונות און בריתן.

אין זשיכלין איז נישט געווען קיין יידישע שול. אין דער שטאַטישער פוילישער שול האָבן יידישע עלטערן נישט געוואָלט שיקן זייערע קינדער, ווייל מ'האָט געלערנט אין די שבתים און יעדן אינדערפרי האָט מען אָפּגעריכט אַ קריסטלעכע תפילה. דעריבער האָט אַ יידיש קינד געלערנט אַ גאַנצן טאָג אין חדר.

די דאָזיקע האָבן בכלל נישט געזאָרגט פאַר אַלגעמיינער בילדונג. געווען אַ פּריוואַטע שול פונעם גאָמבינער לערער, ווי מ'האָט אים גערופן. די עלטערן וואָס האָבן געוואָלט אַז זייערע קינדער זאָלן קענען לייענען און שרייבן, ווי אויך אַ ביסל רעכענען, האָט מען זיי געשיקט צום גאָמבינער לערער. אַ טייל האָבן זיך געלערנט מיט אייגענע כוחות און אין געהיים געלייענט ביכער און צייטונגען. דאָס זענען געווען די משכילים אין שטעטל. די טאַטע־מאַמע וואָס האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער אַ ברייטערע בילדונג, האָבן געפינען דעם וועג צום גלח, אָדער זיך געוואָנדן צו פוילישע סטודענטן וואָס זענען בעת די פעריען געקומען אַ היים קיין זשיכלין. אין יענער תקופה האָט אין שטעטל זיך געפונען נישט מער ווי איין יידישער סטודענט, דער זון פון יצחק טאַראַנטשיק.

פאַר די מיידלעך איז עס לייכטער געווען, ווייל זיי האָבן נישט באַדאַרפט לערנען אין חדר און געקענט זיך לערנען ביי קריסטלעכע לערערס צי לערערינס, אָדער אין דער פוילישער שול.

אין שטעטל זענען אָנגעקומען איינצלנע צייטונגען. די מער געלערנטע בחורים פלעגן זיך אויסטוישן מיט ביכער. געווען אַ פּרווו צו עפענען אין 1912 אַ ביבליאָטעק — און זי איז טאַקע געעפנט געוואָרן — נאָר די מאַכט־אָרגאַנען האָבן זי פאַרמאַכט. אויף דער איניציאַטיוו פון אייניקע אויפגעקלערטע יונגעלייט, האָט מען פאַרבעטן קיין זשיכלין הלל צייטלין אויף אַ רעפעראַט. דאָס איז אין יענער צייט געווען אַ געוואַגטער שריט.

### ג

פון וואָס האָבן זיך מפרנס געווען יידן אין זשיכלין ?

די מערהייט — קליינהענדלערס, אַ ביסל סוחרים און דאָרפס־יידן וואָס האָבן געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און איינגעקויפט אָדער פאַרקויפט די פויערים פאַרשידענע אַרטיקלען. אַנדערע האָבן געוואַרט אויפן טאַרג־טאָג, אָדער אויפן יאַריד און גאָר אַנדערע פלעגן זיך אַוועקלאָזן אויף יאַרידן אין די אַרומיקע אָדער ווייטע ערטער. געווען אויך מילכיקערס וואָס האָבן געקויפט אין די דערפער מילך און זי פאַרוואַנדלט אין פאַרשידענע פּראָדוקטן. ס'האָבן נישט געפעלט קיין עופות־הענדלער, סוחרים פון אייער, בהמות און תבואות, וועלכע איז פאַרקויפט געוואָרן אין די גרויסע שטעט. אייניקע יידן

זענען אויך געווען אין האַנדלס־באַציונגען מיט די פּריצים אין דער געגנט, אַרענדירט פון זיי וואַלד, אָפּגעקויפט דעם שניט און געבאַרגט געלט אויף פּראָצענט. די האָבן שוין געהערט צו די פאַרמעגלעכע יידן.

אויסער דעם זענען געווען בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, שטעפּערס, קצבים, בעקערס, היטלמאכערס, בעלי־עגלות, טרעגערס, וואַסערטרעגערס, מלמדים און פריזירער־פעלדשערס וואָס האָבן זיך פאַרנומען נישט נאָר מיט שערן און ראַזירן, נאָר אויך מיט מעדיצין: געריסן ציין, געשטעלט באַנקעס און פּיאַווקעס אדג״ל. די האָבן געהאַט פּרנסה בכבודיק.

דער רוב בעלי־מלאכות האָט געאַרבעט אַליין, בלויז די קינדער האָבן זיי צוגע־האָלפן. געווען אָבער אויך אַזעלכע וואָס האָבן באַשעפטיקט אַרבעטער. די אַרבעט־שעהן — אָן אַ גרענעץ, פון באַגינען ביז דער שפּעטער נאַכט. דער רוב האַנטווערקער האָט קוים געהאַט פּרנסה, אויסער איינצלנע וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די פּריצים און די באַאַמטע.

הגם אין דער סביבה האָבן זיך געפונען עטלעכע צוקער־פאַבריקן און וואַרשטאַטן פון גיסעריי און צו פאַריכטן מאַשינען — האָט דאָרט אַ יידישער אַרבעטער נישט געקענט זיין באַשעפטיקט. בלויז איין מאָל אין יאָר, פאַר פּסח, פלעגט דער משגיח אויף



דער שניידער־צעך אין זשיכלין

כשרות אַריינקומען אין דער צוקער־פאַבריק. אין וווידיסלאַווסקיס מיל איז איין מילנער און איין מאַשיניסט — אויסער דער משפחה — געווען יידן. די אַנדערע אַרבעטער — קריסטן.

געווען אויך שותּפותדיקע אונטערנעמונגען צו שטריקן זאָקן מיט אַ האַנטמאַשין. מיט דעם האָבן זיך באַשעפטיקט בעלי־בתּישע זין וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס בית־המדרש און געוואָרן זעלבשטענדיקע אַרבעטער. מ׳האָט זיי צוגעשטעלט רוישטאָף און זיי האָבן געליפערט פאַרטיקע סחורה. דאָס זענען געווען באַוווּסטזיניקע, אינטעליגענטע אַרבעטער.

ד

אין יאָר 1905 איז רוסלאַנד, און צוזאַמען מיט איר די אונטערדריקטע פּוילן, פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ רעוואָלוציאָנערער כוואַליע וואָס האָט אויך דערגרייכט קיין זשיכלין. בראש פון דער מרידה זענען געשטאַנען די שטריקערס און אויך אייניקע בית־המדרש בחורים וואָס האָבן אין געהיים געשטיצט די רעוואָלוציאָנערן. פון די אַקטיוויסטן געדענק איך די ברידער סקראַבעק, די ברידער כלאַווני און אַנדערע וואָס זענען אַוועק „אויף שלעכטע וועגן״. זיי האָבן אויפריכטיק געגלויבט, אַז אָט קומט אַ נייע תּקופה פון פרייהייט פאַר אַלע, אויך פאַר אונדזער פאָלק. מען האָט זיי גערופן „די ווילדע יינגען״.

די אַרבעטער זענען נישט געווען גענוג קלאַסן־באַוווּסטזיניק צוליב זייער צוריק־געשטאַנענקייט. האָבן די מער אויפגעקלערטע אָנגעהויבן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע טע־טיקייט, ווי אויך פאַרשפּרייטן וויסן און סאָציאַליסטישע אידעאַלן, זיי האָבן אויך געפירט אַ טעטיקייט אויסצובעסערן די באַדינגונגען פונעם אַרבעטער. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין קאָנספּיראַציע, אויס מורא פאַר אַ „שלעכט אויג״ און דער געפאַר פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר.

נאָענט פון זשיכלין זענען ניט געווען קיין וועלדער ווו מ׳זאָל זיך קענען צונויפזאַמלען אָדער געפונען אַ באַהעלטעניש. נאָר אויפן וועג קיין גאָמבין זענען געשטאַנען עטלעכע אַלטעביימער, טאָפּאָלעס. דאָרט פלעגן די „רעוואָלוציאָנערן״ זיך פאַרזאַמלען אין די שבתים, כדי זיך אָרגאַניזירן און אויפקלערן. אויף צו מאַסקירן די דאָזיקע צונויפטרעפן, האָט מען מיטגענומען די קינדער, גלייך מען גייט אויף אַן אויס־פלוג צי אַ פּיקניק. די אַקטיוויסטן האָבן געלייענט פאַר די פאַרזאַמלטע נייעס פון די צייטונגען וועגן געשעענישן אין רוסלאַנד און אין די גרויסע שטעט פון פּוילן, און דערנאָך איינגעשטעלט פּאַרטיי־קעמערלעך.

נישט איין מאָל האָב איך אויסגעפירט די שליחות פון אַ פאַרבינדלער וואָס האָט

איבערגעגעבן צעטלען און ידיעות וועגן צוזאַמענטרעפן, פאַרזאַמלונגען אדג״ל. אין אַנדערע ערטער זענען אין יענער תקופה פאָרגעקומען אַטענטאַטן אויף גובערנאַטאָרס און פּאָליציאַנטן, כדי אַ סוף מאַכן צו דער צאַרישער טיראַניע. אין זשיכלין זענען אָבער נישט געווען קיין גרויסע מושלים, נאָר צוויי נעבעכדיקע פּאָליציאַנטן. נאָר אַזוי ווי קעגן צאַר מוז מען דאָך עפּעס טאָן, איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצופירן אַן אַטענטאַט אויף זיין פאָרשטייער אין שטעטל — דעם פּאָליציאַנט.

אַ געוויסן מוצאי שבת, ווען איינער פון די צוויי פּאָליציאַנטן איז אַרויסגעגאַנגען פון שענק וואָס האָט זיך געפינען אינעם הויז ווו ס׳האָט געווינט מיין משפחה — איז ער דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דער צאַר איז געבליבן אויף זיין טראָן און די מאַכט האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרשווייגן. קיין זשיכלין איז אַראָפּגעשיקט געוואָרן אַ שטראָף־באַטאַליאָן פון באַוואָפנטע זעלנערס אָנצולערנען דעם המון, נאָר פאַר אַלעמען נקמה גענומען אין די יידן. די זעלנערס זענען אינמיטן טאָג געשטאַנען אין גאַס מיט נאַהייקעס אין די הענט און יעדן פאַרבייגייענדיקן ייד דערלאַנגט שמיץ. די פּאָליאַקן האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם „ספּעקטאַקל״.

עס זענען אויך דערגאַנגען קלאַנגען וועגן אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין אַנדערע שטעט, אַדורכגעפירט דורך דער „שוואַרצער סאָטניע״, ווי די פּאָגראָמשטשיקעס אַליין האָבן זיך גערופן. די פּאָגראָם־מלאכה האָבן זיי געפירט מיט דער הילף פון דער פּאָליציי.

אין זשיכלין האָט צווישן די רעוואָלוציאָנערן זיך אָרגאַניזירט אַ זעלבשוץ, כדי נישט לאָזן ווילדעווען די פּאָגראָמשטשיקעס און פאַרטיידיקן דאָס שטעטל. נאָר אין דער אונטערשטער שורה איז נישט געקומען צו קיין צוזאַמענשטויס און אַלץ איז אַדורך בשלום.

דער סוף פון יענער תקופה געדענקט זיך גוט: די אַלע וואָס האָבן תמימותדיק געגלויבט אַז אַ נייע תקופה קומט אָן און זענען גרייט געווען אַליין זיך מקריב צו זיין פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט — האָבן זיך ביטער אַנטוישט. זיי האָט באַהערשט יאוש און מ׳האָט נישט געוואָלט מער בלייבן אין זשיכלין. אַ טייל איז אַריבערגעפאָרן אין די גרויסע שטעט און אַנדערע האָבן זיך געלאָזט אויף יענער זייט ים, זוכנדיק אַ תכלית אין לעבן.

די אַנטיסעמיטן אין פּוילן האָבן אויפגעהויבן דעם קאָפּ און ביי דער אונטער־שטיצונג פון דער רעגירונג זענען זיי אַרויס אין אַן אָפענער מלחמה קעגן די יידישע סוחרים. זיי האָבן פּראָקלאַמירט אַ בויקאָט אויף די יידישע געשעפטן און מיט דער לאָזונג „סוווי דאָ סוועגאָ״ („אַן אייגענער צו אַן אייגענעם״) זענען געעפנט געוואָרן

קריסטלעכע געשעפטן. אויך אין זשיכלין איז דאָס געשען. די אַנטיסעמיטן האָבן אויך אָרגאַניזירט קאָרטעלן וואָס האָבן איינגעקויפט די מילך און תבואה ביי די פויערים, וואָס האָט צוגענומען די אַזוי אויך מאָגערע פרנסה פון אַ סך זשיכלינער יידן. אַזוי האָבן די צוקער־פאַבריקן געשאַפן אַ באַזונדערן קאָרטעל און די צוקער־פאַבריק אין בודזין און נאָך איינע אין דער געגנט האָבן זיך פאַרמאַכט. דאָס האָט זייער שלעכט געווירקט אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון שטעטל.

אין יענער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אין לאָדזש, קאַליש און אַנדערע ערטער די טעקסטיל־אינדוסטריע און יידן זענען דאָרט אַריינגעדרינגען. אַ סך משפחות מיט פיל קינדער האָבן פאַרלאָזט זשיכלין און אַריבער אין אַנדערע מקומות, זוכנדיק פרנסה. זשיכלין האָט זיך אויסגעליידיקט פון דער שפּרודלדיקער יוגנט און ס׳האָט זיך אָפּגע־שטעלט יעטוועדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, וועלכע איז, אַגב, במילא געווען פאַר־באָטן. דאָס שטעטל האָט ווי איינגעדרימלט.

ה

אויסער די מלחמות צווישן די רבנישע הייף — גערער חסידים קעגן די סקער־ניעוויצער, סאָכאַטשעווו קעגן אַלעקסאַנדער אאַז״וו, האָט אויף דער יידישער גאַס זיך אויך געפירט אַ קאַמף פאַר מאַכט: ווײַלן אַ רב, באַשטימען דאָזאָרעס פון אייגענע מענטשן. אין אַזעלכע פאַרמעסטן זענען תמיד אַרויס אַלס זיגערס די גערער חסידים.

ערשט אין 1911/12 האָבן אַלע חסידים, די קעגנערס פון די גערער, זיך אָרגאַני־זירט כדי אַ סוף צו מאַכן צו זייער ממשלה. אַנשטאָט באַזונדערע שטיבלעך, האָט מען געעפנט אַ בית תפילה מיטן נאָמען „לינת הצדק״, ווו ס׳האָבן געדאַוונט נישט נאָר חסידים, נאָר אויך עמך־יידן, פאָלקס־מענטשן. די איניציאַטאָרן דערפון זענען געווען שמעלקע בידערמאַן, מענדל קראַוס, אברהם וווּרמאַן און אַנדערע. די פּראַקטישע אַרבעט האָט גענומען אויף זיך דוד שטיינבערגער. מיר שיינט, אַז דאָס איז געווען זיין ערשטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. שפּעטער איז דער בית תפילה געוואָרן דער צענטער פון די ציוניסטן און פון „מזרחי״.

די דאָזיקע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן ערב די וואַלן פון אַ דאָזאָר, אָדער דעם ראש הקהל. צום ערשטן מאָל האָבן די קעגנערס פון די גערער געוואָגט אַרויסצושטעלן זייערס אַ קאַנדידאַט, דעם פאָלקס־מענטש ר׳ יהושע פּיוזל קעלמער — אַנטקעגן דעם גערער קאַנדידאַט ר׳ משה כאַלעמסקי. אַזוי ווי מיין פאָטער איז געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע פון די „אַנטי־גערער״, האָט מען אויף מיר אַרויפגעלייגט די אַרבעט פון

צוגרייטן עטלעכע טראַנספּאַראַנטן. כ'האָב דערינבער געשריבן לאַזונגען מיט קידוש־לבנה אותיות: „היום הרת עולם — יידן, שטימט פאַר אייער דאַזאַר ר' יהושע פייוול קעלמער".

די אַרבעטער וואָס האָבן ביי אונדז געאַרבעט, בראש מיט שמערל ווערמאַן, האָבן ביינאַכט פונאַנדערגעקלעפּט די אויפרופן. די וואַל־קאַמפּאַניע איז געלונגען און צום ערשטן מאָל איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ דאַזאַר פון עמך, ר' יהושע פייוול קעלמער און די הערשאַפט פון גער איז געוואָרן איינגעבראָכן. דער נייער פרנס ר' יהושע פייוול האָט אָבער אַנטוישט זיינע וויילערס און נאָכן אויסקלויבן אים, איז ער אַריבער צו די גערער חסידים.

די עיקרדיקע קולטור־טעטיקייט אין יענער תקופה זענען געווען: די אויפטריטן פון די מגידים וואָס פלעגן פון צייט צו צייט קומען אין שטעטל און צווישן מנחה און מעריב האַלטן אַ רעדע אין בית־המדרש. אַזוי האָט דאָס שטעטל זיך געלעבט זיין געוויינלעכן לעבן, אויסער שמחת תורה און פורים. דעמאָלט האָבן יידן זיך דערלויבט, נאָכן אויסטרינקען עטלעכע גלעזלעך, צו פאַרגעסן די נויט אין וועלכער מ'האָט געלעבט אַ גאַנץ יאָר און זיך משמח זיין, אַפילו כאַפּן אַ טענצל. אין פורים פלעגן זיך באַווייזן די פורים־שפּילערס. דאָס זענען געווען בית־המדרש בחורים וואָס האָבן צוגעגרייט אַ פאַרשטעלונג אויף אַ תנ"ך־טעמע און מיט איר אויפגעטרעטן אין אַזעלכע היימען ווו זיי האָבן געקענט האָפן אויף אַ פּאַסיקער באַלוינונג. אין אַזאַ שטוב פלעגט זיך צונויפּ־זאַמלען די גאַנצע משפחה און שכנים, כדי הנאה האָבן פון דער פאַרשטעלונג.

פון צייט צו צייט פלעגן אויך אויפטרעטן טרופּעס פון לאָדזש און וואַרשע אינעם זאַל פון די זשיכלינער פייערלעשער. די פאַרשטעלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן נאָענט צו חצות, ווייל דער טעאַטער־עולם איז אין רוב באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות און אַרבעטער וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביז די שפּעטע אָוונט־שעהן און נישט געקענט זיך דערלויבן פריער איבעררייסן די אַרבעט.

יעדער חתונה אין שטעטל האָט אַרויסגערופן אַלגעמיינע שמחה און נישט געהערט בלויז צו דער משפחה. די חופה איז געשטעלט געוואָרן אין שיל־הויף, ווו מ'האָט געברענגט צו פירן די כלה באַזונדער און דעם חתן באַזונדער. בראש האָט געשפּאַנט די קאַפּעליע, נאָך זיי — די געסט און אַלע קינדער פון שטעטל.

ו

אַזוי האָט זיך געלעבט ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914. זשיכלין האָט דירעקט נישט געליטן פון דער מלחמה. דאָס שטעטל איז געווען

דערוויטערט פון סטראַטעגישע ערטער, אין דער נאָענט איז נישט געווען קיין טייך אָדער אַן אַנדערער אָנהאַלט־פּונקט אין וועלכן אַן אַרמיי זאָל זיך וועלן קלאַמערן. אַ דאַנק דעם איז דאָס שטעטל ניצול געוואָרן פון אַ חורבן.

ווי נאָר ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן די צווייי פּאָליציאַנטן, וועמענס אויפ־גאַבע איז געווען צו היטן די אָרדענונג — פאַרלאָזט דאָס שטעטל און זשיכלין איז געבליבן הפקר (דער פּאָליציי־עלטסטער מאַרכעווקאַ האָט נאָכן קריג זיך אומגעקערט אין שטעטל און זיך געשטעלט בראש פון דער אָרטיקער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי — פּ. פּ. ס.). האָבן די פייערלעשערס גענומען אויף זיך די אויפגאַבע פון אָפּהיטן די אָרדענונג אין שטאָט. צו דער אַרבעט האָבן זיך אויך געמאָלדן יידן. אָנגעטאָן אין די מונדירן פון די פייערלעשערס, האָבן זיי טאָג און נאַכט געהאַלטן אָרדענונג.

אָבער אינגאַנצן גלאַטיק איז עס נישט דורכגעגאַנגען. אַ געוויסן טאָג האָבן זיך באַוויזן אין זשיכלין רוסישע זעלנער וואָס זענען געפאָרן אויפן פראָנט — און דעמאָנס־טרירט זייער „גבורה" מיט אויפרייסן יידישע געשעפטן, געראַבעוועט וואָס ס'איז געקומען אונטערן האַנט, ביי דער מיטהילף פון די פּאָליאַקן. די פייערלעשערס, אָנגעפירט דורך פּאָליאַקן, האָבן אַפילו נישט פּרובירט איינשטילן די צעיושעטע זעלנער, הגם דאָס איז געווען זייער אויפגאַבע און זיי זענען אויך געווען אימשטאַנד דאָס צו טאָן.

אין יאָר 1915 איז זשיכלין אָקופּירט געוואָרן דורך דער דייטשער אַרמיי. די יידן, צו דער גרעסטער איראָניע, האָבן דעמאָלט אויפגענומען די דייטשן מיט אָפענע אָרעמס און געזען אין זיי דערלייזערס, נישט קיין פיינדלעכע אַרמיי. די רוסישע מאַכט, ווי באַוווּסט, האָט נישט אַרויסגעוויזן די מינדעסטע זאָרג צו אַנטוויקלען דאָס שטעטל און קיינער האָט נישט באַדויערט וואָס זיי האָבן געליטן אַ מפּלה. קיין עלעקטרישע באַלייכ־טונג איז נישט געווען אין שטאָט — נישט אין די שטובן, נישט אויף די גאַסן, וועלכע זענען געווען באַלויכטן דורך דריי נאַפט־לאַמטערנס ביז 11 ביינאַכט, אין די ווינקלען פון די צענטראַלע גאַסן. דערנאָך האָט געהערשט אַ פינצטערניש — חושך מצרים. דער וואָס האָט שפּעט ביינאַכט באַדאַרפט גיין אין גאַס, האָט זיך געמוזט צולייכטן מיט אַ לאַמטערל אין וועלכן ס'האָט געברענט אַ ליכט.

דער ערשטער אויפטו פון די דייטשן איז געווען: עלעקטרישע באַלייכטונג אויף די גאַסן און אין די הייזער, הגם אויך באַגרענעצט ביז 12 ביינאַכט, דאָך איז עס געווען אַ גרויסער פאָרשריט. די דייטשן האָבן אויך איינגעפירט אָרדענונג און ריינקייט אין די גאַסן און אין די הייף. דאָס מיליטערישע שפּיטאָל אין בודזין איז געווען אָפן פאַר אַלע קראַנקע, אָן אַן אָפּצאָל. אין יענער צייט האָט געהערשט אַ טיפוס אין שטאָט און

מ׳האָט די קראַנקע איינגעאָרדנט אינעם זאַל פון די פייערלעשערס. ס׳האָט זיך אַפילו אָרגאַניזירט אַ גיכע הילף פאַרן שפּיטאָל. לעבן דעם וואַסער־גרוב איז פאַרפלאַנצט געוואָרן אַ שטאָטישער גאָרטן וועלכן מ׳האָט גערופן „זאַמד־גריבער״. שפּעטער איז געעפנט געוואָרן אַ שול פאַר יידישע קינדער. פון פּלאָצק זענען געקומען דיפּלאָמירטע לערערס, ווי אויך צוויי זשיכלינער לערערינס, העלא לאַנדשניידער און פלאַרא. דאַקעגן די וואָס האָבן בשעתו פאַרלאָזט דאָס שטעטל, זענען איצט צוריק געקומען אַ היים, ווייל אין דער גרויסער שטאָט האָבן זיי געליטן הונגער. אין זשיכלין האָט מען זיך פאַרט געפילט ווי אין דער היים, צווישן אייגענע. צווישן די צוריק געקומענע זענען אויך געווען: די משפחה דוד שטיינבערג־שמיר, יהושע זיגער, אברהם זידערמאַן, געצל, יוסף ראָזענגאַרטן און אַנדערע. אויך איינוווינער פון דער גרויסער שטאָט, נישט זשיכלינער, האָבן זיך באַזעצט אין אונדזער שטעטל: גאָמבינסקי, מייזעל און זיין שוועסטער, דער סטודענט טאָראַנטשיק פון לאָדזש, קאָזאָסאָוויטש און בול פון וואַרשע און אַנדערע. די אַלע האָבן אַריינגעבראַכט אַן אויפלעבונג אינעם איינגעדרימלטן שטעטל. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַן אַלגעמיינע ביבליאָטעק און אַ ספּאָרט־פאַריין מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט אַ געניטער אינסטרוקטאָר פון לאָדזש.

עס זענען אויך אַנטשטאַנען פּאָליטישע פּאַרטייען, ווי: בני ציון, פּועלי־ציון, „בונד״, צעירי ציון און אַ סקויטן־אָרגאַניזאַציע.

ז

די יוגנט, וואָס האָט ביז איצט זיך געלאַנגווייליקט פון אומטעטיקייט, האָט אויפגעוואַכט. מ׳האָט אַרויסגעוויזן איניציאַטיוו, גענומען זיך לערנען מיט דער הילף פון די אָנגעקומענע געסט. מ׳האָט געשאַפן קורסן פאַר העברעיש, אויך פּריוואַטע לעקציעס פאַר אַלגעמיינע בילדונג זענען געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג. אַ באַגער און בענקשאַפט צו לערנען און וויסן האָט באַהערשט אַלעמען. מ׳האָט זיך צוגעכאַפּט צום בוים פון וויסן. דאָס איז געווען אַ דראַסטישער איבערגאַנג — ווי פון פינצטערניש צו ליכט. מיט דורשט האָט די יוגנט גענומען לייענען ביכער, ווי מדבר־וואַנדערער וואָס פאַלן צו צום טרינקען וואַסער. טאָג און נאַכט, ביים ליכט פון אַ נאַפט־לעמפל צי ביי אַ ליכטל, האָט מען געלייענט אַלץ וואָס איז געקומען אונטערן האַנט. קלאַסישע ליטעראַטור, יידישע און אַלגעמיינע טעמעס, וויסנשאַפטלעכע ביכער, סאָציאָלאָגיע, געשיכטע. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבסט־דערציונג.

די ערשטע פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק איז געווען אַן אומפּאַרטייאישע. הגם בעצם האָבן זיך דאָרט באַטייליקט חברים פון אַלע פּאַרטייען. איך האָב זוכה געווען

צו זיין דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער ביבליאָטעק, ביז דער שפּאַלטונג, ד.ה. ביז זי איז באַהערשט געוואָרן פון פּועלי־ציון. דעמאָלט האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן געשאַפן אַן אייגענע ביבליאָטעק.

דער טורן־פאַריין איז געשאַפן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון גאַמבינסקין. ער איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. עס זענען אויך געווען אַקטיווע חברים וואָס האָבן זיך געאיבט אונטער דער אָנפירונג פונעם ספּעציאַ־ליסט פון לאָדזש. מ׳האָט איינגעקויפט ספּעציעלע מכשירים צו גימנאַסטיק. דער פאַריין האָט אויך געהאַט פּאַסיווע מיטגלידער, אונטערשטיצערס מיט געלט. פון צייט צו צייט פלעגט פאָרקומען אַ „טורן־פעסט״ וואָס האָט אַריינגעבראַכט יומטובדיקייט אין שטעטל. צו אַזאַ אונטערנעמונג זענען איינגעלאַדן געוואָרן די יידישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס פון די אַרומיקע שטעטלעך. אויך ספּאָרטלער פון אַנדערע ערטער זענען אויפגעטרעטן אויף די „פעסט״־פייערונגען. צום אָרגאַניזיר־קאָמיטעט האָבן געהערט חברים פון אַלע פּאַרטייען.

מיטן פאַרענדיקן די מלחמה האָבן אַ טייל צוגעפאָרענע פון דער פרעמד פאַרלאָזט זשיכלין און זיך אומגעקערט אַהיים. א. מייזעל און זיין שוועסטער האָבן אָרגאַניזירט לעקציעס פאַר העברעיש און פּויליש. זיי האָבן אויך פּרובירט עפענען אַ חדר מתוקן; אָבער נישט אויף אַ לאַנגער צייט, ווייל זייער ווינציק עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַר דעם. זיי האָבן אויך רעזשיסירט די העברעישע פּיעסע „יהודון״ פון שווייגער, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די שילערס פון די אָוונט־קורסן מיט גרויס דערפאָלג.

דוד שטיינבערגער איז געוואָרן זייער אַקטיוו ביים איינשטעלן דאָס קולטורעל־געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל און באַזונדערס זיך געווידמעט דער אָרגאַניזאַציע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן — „בני ציון״. ער האָט אויך אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר העברעיש און יעדן פרייטיק צו־נאַכטס רעפערירט וועגן דער געשיכטע פונעם יידישן פאָלק. דער לאָקאַל איז געווען צו קליין אויף אַריינצונעמען אַלע צוהערערס. ער האָט אויך צוגעגרייט פייערונגען און פאָרשטעלונגען, אַפילו דיריגירט מיט אַ קינ־דער־כאָר. די ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען י. ל. פּרצס „מקובלים״, מיטן אָנטייל פון דוד שטיינבערגער און זיידערמאַן. דערנאָך האָט ער איינרעזשיסירט שלום עליכמס „מענטשן״. ער פלעגט אויך רעפערירן איבער אַקטועל־פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס. דוד שטיינבערגער האָט אויך געגרינדעט אַ העברעישע שול מיט דיפּלאָמירטע לערערס פון אַנדערע מקומות.

יהושע זיגער, זיידערמאַן, מיידאַט און אַנד. האָבן געשאַפן די פּועלי־ציון פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין זשיכלין און דערנאָך געוואָרן אַ גרויסע פּאַרטיי.

דער סטודענט טאָראָנטשיק פון לאָדזש האָט געגרינדעט די סקויטן־אָרגאַניזאַציע אין זשיכלין און אין קוטנע. אין זשיכלין בין איך געשטאַנען בראש פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט דעמאָלט געטראָגן אַ ריין סקויטישן כאַראַקטער. מיר האָבן געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט, איינגעאָרדנט אויספלוגן הינטער דער שטאָט, ווי אויך קיין גאָמבין און קוטנע. מיר זענען געווען אַ גרופּע אידעאַליסטישע יוגנטלעכע, אומפּאַרטייאיש. נאָר טריי די ציוניסטישע ווערטן, וועלכע האָבן צו יענער צייט אויס־געזען זייער ווייט פון פאַרווירקלעכונג. מ׳האָט אויך טאָג־טעגלעך מקיים געווען די מצווה פון ערטיילן הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע, ווי אויך דערפילט געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבן, ווי — אַן ערן־וואַך ביי פאַרשידענע אויפטריטן.

בראש פון דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אַ פּאַטראָנאַט, צו וועלכן ס׳האָבן געהערט: דוד שטיינבערגער ז״ל, ראָזענפעלד ז״ל און מאיר העלמער יב״ל. מיט דער צייט איז די סקויטן־גרופּע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זשיכלינער קן השומר הצעיר, אונטער דער אָנפירונג פון בונים שטיינבערגער. פאַרלאָזנדיק די סקויטן־אָרגאַניזאַציע, האָב איך צוזאַמען מיט א. געצל געגרינדעט די צעירי ציון. צו די ערשטע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן געהערט: א. וואָרענבערג, יהושע וווידיסלאַווסקי, זשוכאָוויצקי און אַנדערע. דערנאָך האָבן אין צעירי־ציון זיך אָנגעשלאָסן יוגנטלעכע וואָס האָבן נישט געפונען קיין באַפרידיקונג אין די עקזיסטירנדיקע ציוניסטישע פאַרטייען. מיט דער צייט איז פון דער גרופּע אויסגעוואַקסן די פּועלי־ציון (צ.ס.) פּאַרטיי (רעכטע פּועלי־ציון).

יענער פעריאָד אין זשיכלין איז רייך געווען אין אַקטיוויטעט און דערוואַכונג די אַטמאָספער — אַ ראָמאַנטישע, אַלץ האָט אויסגעזען שיין און האַפערדיק. ס׳האָבן געהערשט באַגייסטערונג און דערהויבונג. מיר האָבן דאָך געהאַט אַ ציל, וועלכן מ׳האָט געשטרעבט צו רעאַליזירן, הגם די אָנשויונגען זענען געווען פאַרשידנאַרטיקע.

די פּאַרטייען אין זשיכלין האָבן געהאַט אַ בכבודיקן אָנזען אין די צענטראַל־קאָמיטעטן אין וואַרשע. די אָנגעזעענסטע רעדנערס פון אַלע פּאַרטייען זענען געקומען קיין זשיכלין, צווישן זיי — באַדייטנדיקע שרייבערס וואָס האָבן רעפערירט אויף ליטעראַרישע טעמעס.

יעדער שבת זענען פאָרגעקומען קולטור־אונטערנעמונגען און רעציטאַציעס. געווען כאָרן, אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער טעאַטער־פאָרשטעלונגען — אַלץ מיט אָרטיקע כוחות.

ח

אין יאָר 1917 האָט זיך דערהערט די בשורה פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. מענטשן האָבן פאַר פרייד זיך געקושט אין די גאַסן, גלויבנדיק אַז משיח איז טאַקע געקומען. די אַלגעמיינע ציוניסטן האָבן אַראָפּגעבערענגט אַלס רעדנער דעם הרב מיליקאָווסקי. זיין באַזוך איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומפאַרגעסלעכער געשעעניש פאַר די וואָס האָבן אים געהערט רעדן אין דער גרויסער שיל. דער רוב יידישע געשעפטן און וואַרשטאַטן זענען געווען געשלאָסן. די שיל איז פאַרפולט געוואָרן ביזן לעצטן אָרט, מענער און פרויען צוזאַמען, ווי אין שמחת תורה. די סקויטן זענען געווען די ערן־וואַך פאַרן גאַסט. ער האָט עלעקטריזירט דעם עולם מיט זיין רעדע וואָס האָט געקלונגען ווי אַן אָנזאָג פון דערלייזונג. דער ציוניזם אין אַלע זיינע שאַטירונגען האָט זיך געפילט יום־טובדיק און גענומען פראַקטיש זיך גרייטן צו די וויכטיקע געשעענישן.

סוף 1918 האָט זיך פאַרענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה. אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע. דער צאַר האָט אַבדיקירט. דער קיסר ווילהעלם אין דייטשלאַנד איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן פון טראָן. ס'ווערט געבוירן אַ נייע וועלט — מיט האָפענונגען, אַן ראַסן־דיסקרימינאַציע און פרייהייט פאַר אַלע פעלקער. די דייטשן האָבן פאַרלאָזט פוילן, אויך זשיכלין. פוילן ווערט אומאָפּהענגיק, נאָך אַ לאַנגער תקופה פון פאַרשקלאַפונג. די יידישע יוגנט גלויבט, אַז די נייע תקופה וואָס שטייט אונטערן צייכן פון פרייהייט, וועט אויך זיין גילטיק פאַר אונדזער פאָלק.

די ציוניסטישע פאַרטייען פילן, אַז ציוניזם איז נישט מער קיין חלום, נאָר אַ ווירקלעכקייט צו וועלכער מ'דאַרף זיך פאַרברייטן. אַן אויסנאַם איז געווען די לינקע פּועלי־ציון וואָס האָט געמיינט, אַז די גאולה וועט קומען פון רוסלאַנד. נאָר צום באַדויערן, האָבן די יידישע מאַסן אין פוילן, וואָס האָבן געמיינט אַז אויך זיי וועלן געניסן פון זעלבשטענדיקייט און גלייכע רעכט וועלכע פוילן האָט באַקומען — האָבן זיך ביטער אַנטוישט.

פוילן האָט געפייערט איר אומאָפּהענגיקייט מיט פּאָגראָמען, ווי ביים צאַר, אין פינסק, לעמבערג און אַנדערע ערטער. די נייע רעגירונג, נישט נאָר וואָס זי האָט ניט אונטערדריקט די פּאָגראָמען און אַ סוף געמאַכט צו דער פאַרווילדונג און שחיטות; נאָר מיט פאַרשידענע תירוצים באַרעכטיקט די נידערטרעכטיקע מעשים. אַ שווערער וואָלקן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויך איבער זשיכלין.

דוד שטיינבערגער האָט מיך פאַרבעטן, כדי אַרומרעדן די לאַגע. מיר זענען אַוועק

אויף אַ טרעפונג אין פועלי־ציון קלוב. מ'האָט אויך גערופן עטינגערן, גאַמבינסקין ווי אומפּאַרטייאישע געזעלשאַפטלעכע טוערס. נאָך אַ לענגערן מיינונגס־אויסטויש איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ מיטן אָנטייל פון אַלע פּאַרטייען. די מחיצות זענען געוואָרן אָװעקגענומען. אויפן אָרט איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָנד צו קויפן פאַרטיידיקונג־מיטלען. מיר האָבן געגלויבט, אַז מ'וועט קענען קויפן געווער ביי די דייטשן, וועלכע האָבן נאָך סטאַציאָנירט נישט ווייט פון זשיכלין. מ'האָט מיך באַשטימט צו שטיין בראש פון דער זעלבשוץ.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך אָרגאַניזירט אַ גרופּע און זיי צעשטעלט אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט. מיר זענען געווען וואַך אַ גאַנצע נאַכט. באַגינען האָב איך, דורך אַ פאַרמיטלער, געפּרוּווט זיך טרעפן מיט די דייטשן, אָבער צוקומענדיק צו דער בריק, האָבן מיר דאָרט אָנגעטראָפן אויף אַ פּוילישע וואַך.

עטלעכע טעג און נעכט האָבן מיר געהאַלטן שמירה אין שטאָט, נאָר אַלץ איז אַדורך בשלום. די דאָזיקע איבערלעבונג האָט אויף יעדן באַזונדער געהאַט אַ ווירקונג. טיף אין האַרץ איז אַריינגעדרונגען דער באַוווסטזיין, אַז פרייהייט פון אַנדערע פעלקער מיינט נאָך נישט פרייהייט פאַר אונדזער פאָלק. מיר האָבן נאָר באַדאַרפט זיין דאָס שמירעכץ אויף די פרייהייט־רעדער פאַר אַנדערע. דאָס איז אָודאַי געווען איינע פון די וויכטיקסטע סיבות דערצו, וואָס אַ סך זשיכלינער יידן האָבן באַשלאָסן צו רעאַליזירן זייער טרוים און מיט אַלע וועגן עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין שטאָט האָט דאָך געבליט די ציוניסטישע און חלוצישע באַוועגונג און פון זייערע רייען האָבן אַ סך עולה געווען.

אויך אין ארץ־ישראל האָבן אַ סך זשיכלינער געהאַט אַ ברייט פעלד פון אַרבעט. יעדער לויט זיינע פעיקייטן און באַוווסטזיין — אין דער הגנה, אין דער הסתדרות, אין די פאַרטייען, קיבוצים, אין דער פּרעסע און אַפילו אין סאַמע חשובסטן אָרט אין דער מדינה — די כנסת — איז געווען אַ זשיכלינער ייד: משה קעלמער ז"ל. די קערנער, וואָס זענען פאַרזייט געוואָרן אין זשיכלין, האָבן געגעבן פרוכט אין ארץ־ישראל.

ט

אין יאָר 1939 איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. פּוילן איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער היטלעריסטישער אַרמיי. ס'איז איבערגעריסן געוואָרן יעטוועדע פאַרבינדונג מיט זשיכלין. אין לאַנד זענען אָנגעקומען נישט קלאָרע און זעלטענע ידיעות

וועגן דעם אומקום פון די יידן אין אייראָפּע. מיר דאָ האָבן זיך נישט געקענט פאָר־שטעלן ווי גרויס ס'איז דער אומגליק, אַז אונדזערע עלטערן, שוועסטער, ברידער און נאָענטסטע מענטשן זענען אומגעקומען. אין יענע יאָרן איז אַנטשטאַנען אין ארץ־ישראל די זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט מיטן ציל צו העלפן ווי ווייט מעגלעך די שארית הפליטה. דער אומגליק איז אָבער געווען אַ סך אַ סך גרעסער ווי מיר האָבן זיך פאָר־געשטעלט. נאָכן חורבן זענען געבליבן איינצלנע, וואָס זענען זיך צעפאָרן אין פאַר־שידענע לענדער. ווינציק זענען געקומען קיין ישראל.

זשיכלין איז געבליבן אָן יידן.

# די זשיכלינער רבנישע דינאַסטיע

## אסתר ציגלער (זשיכלינסקי)

איך וויל אָנצייכענען אייניקע קורצע שטריכן וועגן לעבן און וועגן די מנהיגים פון יידישן זשיכלין און מיט דעם געבן מיין באַשיידענעםביישטייער צו דער געשיכטע פון אונדזער פאַרשניטענער היימשטאָט.

ראשית, וויל איך פאַרנאָטירן די געשיכטע פון דער זשיכלינער רבנישער דינאַס־טיע, פון וועלכער איך בין אַן „אוד מוצל מאש", און טאָקע די איינציקע וואָס איז פאַרבליבן. דער ערשטער זשיכלינער רבי איז געווען ר' שמואל אבא זצ"ל, אַ תלמיד פון רבין ר' פישעלע סטריקאָווער, וואָס איז אין זיינע יונגע יאָרן געפאָרן צום רבין ר' בער פון מעזריטש און דערנאָך צום רבין ר' אלימלך פון ליזשענסק.

דער רבי ר' שמואל אבא איז געבוירן געוואָרן י"ט כסלו תק"ע (1810). ער האָט געשמט אַלס בעל־מופת און גרויסער תלמיד־חכם. געווען אַ גרויסער פּאַטריאָט און בעתן פוילישן אויפשטאַנד אין יאָר 1831, האָט ער געהייסן זיינע חסידים זיי זאָלן צו־שטיין און העלפן די פּאָליאַקן, מחמת דער רבי האָט געזען אין צאַר און אין די רוסן גרויסע יידן־שונאים. צום באַדויערן, האָבן זיינע חסידישע קעגנערס, די קאָצקער און פשיסכער חסידים, געמסרט דעם רבין פאַר דער רוסישער מאַכט. ער איז אַרעסטירט און פאַרשפאַרט געוואָרן אין דער לענטשיצער תפיסה אין יאָר 1845. נאָך גרויסער שתדלנות מצד זיינע וואַרשעווער חסידים, איז דער רבי אין דעם זעלבן יאָר באַפרייט געוואָרן.

אין זיין בוך „אמשים" שרייבט נחום סאָקאָלאָוו, אינעם קאַפּיטל „אליעזר בן־יהודה" (ז' 13), אַז צום ערשטן מאָל האָט ער געהערט רעדן עברית פון זשיכלינער רבין:

„דעם אמת געזאָגט, דאָס גערעדטע העברעישע וואָרט האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט אין מיינע קינדער־יאָרן און וואָס האָט איבערגעלאָזט אויף מיר אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק, איז געווען דער העברעיש־דיבור פון אדמו"ר רבי שמואל אבא ז"ל פון זשיכלין, וואָס פלעגט אין די שבתים ריידן נאָר לשון־הקודש. דער דערמאָנטער אדמו"ר איז געווען אַ תלמיד פון מיין זיידן ז"ל און ער האָט מיך אויפגענומען אַלס איינילקל פון רבין. כ'בין דעמאָלט אַלט געווען 7 יאָר און ער האָט מיך עקזאַמינירט מיט שאַלות פון תלמוד, ניט זייער קיין שווערע, אויף וועלכע כ'האָב גלייך געענטפערט. נאָר זיין ריידן לשון הקודש מיט אַ תלמודישן אַקצענט האָט מיך פשוט באַצויבערט — און פון דעמאָלט אָן האָט ניט אויפגעהערט ביי מיר דער חשק צו ריידן עברית — ניט נאָר אין די שבתים, נאָר אין די וואָכנס־טעג. פאַר דעם צוועק האָב איך געגרינדעט פאַריינען מיט העכער 50 יאָר צוריק.

ירושלים, כ' טבת, התרצ"ג

דער רבי ר' שמואל אבא איז נפטר געוואָרן כ"ו אלול תרל"ט (1879) און זיין זון ר' משה נתנאל זשיכלינסקי, איז מתמנה געוואָרן אַלס רבי אין זשיכלין. דער רבי ר' משה נתנאל איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרע"ב (1912). נאָך זיין הסתלקות איז זיין בכור, ר' מנחם ידידי', מיין זיידע, געוואָרן רבי.

דער רבי ר' מנחם ידידיה זשיכלינסקי איז געוואָרן אַן איידעם פון הרב ר' ישעי' שאַפּירא, וועלכער האָט געשטאַמט פון קאָזשעניצער מגידס רבישער דינאַסטיע. זיין רביצין, מיין באָבע, האָט געהייסן רייזעלע, זי האָט געשמט אַלס גרויסע חכמת און צדקת.

דער רבי ר' מנחם ידידי' האָט געהאַט פיל חסידים אין גאַנץ פוילן, וואָס פלעגן קומען הערן זיין תורה און חידושים, באַוווּנדערן זיין גרויסע חכמה און פרעגן עצות. אין די הונדערטער איז מען געקומען צו פאָרן פון וואַרשע, לאָדזש און אַנדערע שטעט און ישובים. באַזונדערס זענען גרויסע המונים געקומען פאַר די ימים־נוראים. דעם רבינס הויף איז אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר געווען פול מיט מענטשן, פאַר וועמען דער רבי איז געווען אַ מקור פון טרייסט, האָפענונג און התעוררות.

פיל פון די חסידים פלעגן געפונען אַן אַכסניה ביים רבין אין הויז און זיי זענען געווען די גליקלעכע. אַנדערע האָבן זיך איינקוואַרטירט אין פאַרשיידענע האָטעלן, ווי סטאַשוקאָווסקי, קובא, אייגעלע א. א. גאָר אַ סך האָבן געפונען אַן אָרט אין פּריוואַטע הייזער און ביי באַקאַנטע.

די רביצין, מיין באָבע, איז געווען אַ גרויסע אשת חיל. ס'איז געווען אַ מנהג, אַז יעדער חסיד וואָס איז געקומען אויף יום־כיפור, האָט געבראַכט זיין כפרה, אָבער געקאָכט



די משפחה פון זשיכלינער רבי

איז עס געוואָרן אין רבינס הויז, אונטער דער אויפזיכט פון דער רביצין. אויך פיש, חלות און געבעקס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך איר.

מוצאי יום־כיפור איז געפירט געוואָרן דער טיש ביז שפּעט ביינאַכט. די חסידים האָבן זיך געריסן אַהיימצונעמען אַביסל געבעקס פאַר זייערע משפחות — און פאַר אַלע האָט די רביצין געהאַט אַ שמייכל און געזאָרגט, אַז יעדער זאָל אַהיימפאָרן צופרידן. די רביצין איז געווען באַליבט ביי אַלע חסידים.

דער הויף פון זיידן ר׳ מנחם ידידי׳ איז באַשטאַנען פון אַ גרויס באַקוועם הויז, פון אַ גרויסן און קליינעם בית־מדרש. אין קליינעם בית־מדרש איז געדאַווענט געוואָרן אַ גאַנץ יאָר, דאַקעגן אין גרויסן בית־מדרש האָט מען געדאַווענט נאָר אין די ימים־נוראים, צו וועלכע עס זענען געקומען הונדערטער מענטשן. דער רבי האָט געשמט ווי אַ גרויסער בעל תפילה. סידני ווערמאַן וועלכער וווינט היינט אין ניו־יאָרק, האָט מיר דערציילט, אַז די חסידים אין אַמעריקע האָבן פאָרגעלייגט דעם רבין אַ גרויסע סומע געלט ער זאָל קומען אַהין אויף איין יום־טוב, כדי דאָרט צו דאַווענען, אָבער ער האָט אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז זיין אָרט איז אין זשיכלין, צוזאַמען מיט די אָרטיקע יידן. דער רבי

פלעגט דאַוונען אין יום־כיפור כל־נדרי, מוסף און נעילה. ער פלעגט אויך בלאָזן שופר און זאָגן תורה. זיין דאַוונען איז געווען פול מיט התלהבות, ער איז געוואָרן דורכגעוויקט פון טרערן און שוויס. שחרית און מנחה האָט געדאַוונט מיין טייערער פאָטער, דער רבי ר׳ שמואל אברהם אבא, וועגן וועלכן דער אויבנדערמאָנטער סידנע ווערמאַן האָט געזאָגט, אַז ווען מיין פאָטער האָט געדאַוונט, האָט זיך געדאַכט אַז אַ בת־קול קומט פון הימל. דער עולם איז געווען זייער אַ גרויסער און מען פלעגט לייענען תורה גלייכצייטיק אין 5—6 פלעצער. בדאי צו דערמאָנען, אַז ערב יום־כיפור פלעגן די שטעטלשע יידן, חסידים און נישט חסידים, קומען צום רבין מיט אַ „קוויטל״. דער רבי האָט געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר יעדן ייד און אַלעמען געווונטשן אַ גוט יאָר.

גרויס איז געווען דער אָנפאַר פון חסידים אויף ב׳ כסלו, צו דער יאָרצייט פון רבין ר׳ משה נתנאל ע״ה, און כ״ה אלול, צו דער יאָרצייט פון רבין ר׳ שמואל אבא ע״ה. דער עולם איז דעמאָלט געגאַנגען צום „אוהל״, ווו עס געפינען זיך די קברים פון די רביים און מתפלל געווען, געוויינט און געבעטן פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק.

דער רבי איז יומם ולילה געזעסן און געלערנט. ער האָט אַפילו נישט געוווּסט דעם אונטערשייד אין קליינגעלט, אַזוי גרויס איז געווען זיין אויסגעטאָענקייט פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

דעם רבינס משפחה איז באַשטאַנען פון צוויי זין — מיין פאָטער רבי ר׳ שמואל אברהם אבא ע״ה און ר׳ יצחק־יעקב טוביה, מיין פעטער ע״ה — און אַן איינציקע טאָכטער חיה־רחל־דבורה ע״ה.

דער רבי איז געווען באַליבט אויך ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. ער האָט געהאַט אַן הנאה אָפּט צו שפּאַצירן איבער די פעלדער, באַזונדערס אין שניט־צייט, און די גויים פלעגן אים אָפּגעבן גרויס דרך־ארץ. אַזוי האָט זיך געפירט, ביז ס׳איז געקומען דער גרויסער אומגליק, ווען די דייטשן ימח שמם זענען אַריין אין שטעטל און פאַרשפּאַרט די זשיכלינער יידן אין אַ געטאָ. מיט איין מאָל איז איבערגעריסן געוואָרן דאָס גאַנצע הייליקייט און די טראַדיציע. דער רבי האָט אין זיין באַהעלטעניש ווייטער געפירט זיין רבנישן דרך פאַר די אָרטיקע יידן, זיי געטרייסט מיט בעסערע צייטן און פאַרויסגעזאָגט די נאָענטע ישועה. ער האָט פאַרבונדן זיין באָרד מיט אַ טיכל און זי נישט געלאָזט אָפּשניידן. איינמאָל איז אַן ס.ס.־מאַן אַריינגעקומען צו מיין זיידן אין הויז און אים געטראָפן זיצן און לערנען, דערצו נאָך — מיט דער באָרד. ער איז אַריינגעפאַלן אין רציחה און מיר באַפוילן צו ברענגען אַ שער, כדי אָפּצושערן מיין זיידנס באָרד. דער רבי

האָט אויפגעהויבן די הענט, ווי כלומרשט צו שיצן זיך קעגן אָפּשערן די באָרד — און אין דעם מאָמענט איז די שער אַרויסגעפאַלן פון די הענט פון ס.ס.־מאַן. ער האָט זיך משמעות איבערגעשראָקן און איז אַרויס, נישט טוענדיק קיינעם קיין שלעכטס.

דעם רבינס צער איז געווען אין לשער, ווען ער האָט געמוזט צוזען די יידישע פּיין און טראַגעדיע. דאָס האָט פאַרקירצט זיינע יאָרן און ער איז נפטר געוואָרן אין זשיכלינער געטאָ חול־המועד פּסח ת״ש. די חסידים האָבן נאָך באַוויזן קובר צו זיין דעם רבין אין „אוהל״. באַלד נאָך דער קבורה, נאָך אויפן בית־החיים, האָבן די חסידים געקרוינט מיין פאָטער ר׳ שמואל אברהם אבא זצ״ל פאַר זייער רבי. ער האָט איבער־גענומען די מנהיגות און געפירט „טיש״ אין געטאָ.

אינצווישן האָבן זיך פאַרשטאַרקט די פּייניקונגען, רדיפות און דער קאָשמאַר. די נאַציִשע רוצחים האָבן באַפוילן, אַז אַלע יידן מוזן זיך אָפּשערן די בערד, אָבער מיין פאָטער האָט זיך אָפּגעזאָגט אויסצופירן זייער נידערטרעכטיקן באַפעל עד מסירות־נפש.

דער מצב איז אין געטאָ געוואָרן אומדערטרעגלעך. עטלעכע טעג פאַר פּורים תש״ב האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו ליקווידירן דאָס געטאָ און אַז אַלע יידן וועלן אַריבערגעפירט ווערן קיין קרושניעוויץ. דערצו דאַרף יעדער ייד באַצאָלן אַ סומע געלט פאַרן טראַנספּאָרט.

מען האָט מיר דערציילט, אַז מיין פאָטער, דער לעצטער זשיכלינער רבי, האָט איבערגעגעבן זיינע חסידים, אַז זיין פאָטער ע״ה איז אים געקומען צום חלום און געזאָגט, אַז טרויעריקע טעג רוקן זיך אָן פאַרן יידישן פאָלק, אַז אַלע שערי רחמים אין הימל זענען פאַרשלאָסן, מען דאַרף תשובה טאָן, פאַסטן תעניתים און מתפלל זיין צום רבונו של עולם מען זאָל צונישט מאַכן דעם טרויעריקן גזר־דין. מען האָט ווייטער דערציילט, אַז אסתר תענית זענען די נאַצי־מערדער אַריין צו מיין פאָטער און אים, צוזאַמען מיט נאָך יידן, אַוועקגעפירט קיין קרושניעוויץ, אין דער קירכע. שפּעטער זענען זיי אָפּגעפירט געוואָרן קיין כעלמנאָ, צו די גאַז־אויוונס.

מיין פאָטער, דער קדוש ר׳ אברהם שמואל אבא זצ״ל, איז געווען דער לעצטער טראַגישער יורש־העצר פון דער זשיכלינער דינאַסטיע. ער איז אַלט געוואָרן פופציק יאָר, ווען די נאַציִשע בעסטיעס האָבן אים דערמאָרדעט. מיין פאָטער איז געווען אַן איידעם פון שטשאַוער רבין ר׳ אליעזר ווייבלום, וועלכער האָט געשטאַמט פון רבין ר׳ אלימלך פון ליזשענסק, פון „ייד הקדוש״ פון פּשיסכא. דעם טרויעריקן גורל פון אַלע יידן אין זשיכלין האָט אויך געטיילט מיין טייערע מוטער, די רביצין דבורהלע, מיינע צוויי

ברידער אביגדור און בצלאל אשר, מיין באָבע די אַלטע רביצין רייזעלע און מיין פאָטערס ברידער ר׳ יצחק יעקב טובי׳. אין דער זעלבער צייט בין איך געווען צוזאַמען מיט מיין עלטסטן ברודער ר׳ מרדכי אפרין ז״ל און זיין פאַמיליע איו לאָסק. דעם 26סטן אויגוסט 1942 איז ער מיט זיין משפחה אומגעבראַכט געוואָרן אין כעלמנאָ און מיך האָט מען אַריבערגעשיקט אין לאָדזשער געטאָ.

אַזוי האָט זיך טראַגיש פאַרענדיקט אַ ליכטיק בלאַט אין דער געשיכטע פון פוילישן ידנטום און פון חסידים בכלל, און פון אונדזער אומפאַרגעסלעכן שטעטל זשיכלין בפרט.

# אַזוי האָט אויסגעזען אונדזער שטעטל

## יוסף ראָזענגאַרטן

די נישט גרויסע יידישע קהילה זשיכלין האָט פאַרמאָגט אירע רביים, רבנים, דיינים, למדנים, תורה־יידן, געזעלשאַפטלעכע און פאַרטייאישע טוערס. געווען אַן אָנגעזעענע צאָל שילן און בתי־מדרשים, שטיבלעך, מנינים און די שיל אין הויף פון ר׳ מנחם. אינטערעסאַנטע געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין די שטיבלעך: נאָכן שבתדיקן דאַווענען פלעגט מען באַהאַלטן די טליתים פון די וואָס האָבן נישט באַצאָלט די נדרים, אָדער זייער חלק דירה־געלט, מיט דער האָפענונג, אַז אין אַ וואָך אַרום, וועלן זיי דאַרפן זיך ווענדן נאָכן צוגענומענעם טלית כדי קענען דאַווענען שבת און דערפאַר מוזן אָפּצאָלן די חובות. די חסידים האָבן געהאַט צוויי טליתים: איינעם אויף וואָכנס־טעג, אַ צווייטן — אויף שבת.

פרייטיק נאָכמיטאָג האָט אויף די גאַסן פון זשיכלין גוט זיך געלאָזט פילן דער ערב שבת. יידן האָבן געאיילט אין דער מקווה, כדי באַגעגענען די שבת מלכה. אַברהמעלע שילקלאָפּער האָט מיט זיין הילצערנעם האַמער געגעבן דריי קלעפּ אין טיר אָדער לאָדן פון יעדער יידישער שטוב אין שטעטל און אַזוי דערמאָנט וועגן זיך דערנענטערנדיקן שבת. פאַרנאַכט־צו האָבן יידן זיך געלאָזט גיין אין שיל אַריין, אין בית־המדרש, אָדער אין שטיבל צי אין אַ מנין.

אין בית־המדרש האָבן דער עיקר געדאַוונט בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, בעלי־עגלות און עמך־יידן. דאָרט האָט פאַרן עמוד געדאַוונט אין די שבתים, יום־טובים און ימים נוראים דער דיין ר׳ אהרון יהודה, אַ תמימותדיקער ערלעכער ייד, אַן אמתער צדיק. שבת נאָכמיטאָג האָט ער מיטן עולם געקנעלט אין בית־המדרש די פּרשה פון דער וואָך און אַלע האָבן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט און דרך־ארץ זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט דער דיין געפאַסט און אין די טעג ווען ער האָט געגעסן, איז עס נאָר געווען אויף צו דערהאַלטן זיין דאַרן קערפּער און צו שטאַרקן דעם גייסט ער זאָל קענען דינען דעם באַשעפער. זיין קול איז טאַקע געווען שוואַך, נאָר עס האָט זיך געלאָזט הערן ווייט. יידן און קריסטן האָבן אים געאַכטעט און געשעצט.

דאָס בית־המדרש איז געשטאַנען נאָענט פון דער שיל, נאָר געווען אַנדערש אין זייער אויסערלעכן אויסזן, ווי אויך אינעווייניק. אויך די מקווה האָט זיך געפונען נאָענט

און אַלע דריי בנינים האָבן געבילדעט אַ מין דרייעק. דעם רבס הויז האָט געגרענעצט מיטן בית־המדרש און די טיר פונעם בית־דין איז געווען אַנטקעגן דעם אַריינגאַנג אין בית־המדרש. אינמיטן פּלאַץ האָט זיך געפונען דער ברונעם פונוואַנען שטעטלדיקע יידן האָבן געשעפּט קוואַל־וואַסער. מיט דער צייט האָט מען דאָרט צוגעשטעלט אַ וואַסער פּאָמפּע וואָס האָט דעם ברונעם פאַרוואַנדלט אין אַ מאָדערנעם פּלומפּ.

*

אין זשיכלין זענען געווען 4 הויפּט־גאַסן: די בודזינער, ביסקאָווער, פּאָשיצקע און פּאָדוואַל, וועלכע ס'האָט פאַרייניקט דער מאַרק־פּלאַץ. פאַרשטייט זיך, אַז אויסער די צענטראַלע גאַסן, זענען נאָך געווען געסלעך און הינטערגעסלעך. דער הויפּט־אַריינפאָר אין שטעטל איז געווען פון דער באַן־סטאַציע פניעוואָ — 3 קילאָמעטער פון זשיכלין. דער צווייטער אַריינקום קיין זשיכלין איז געווען פון דער שטאָט גאָמבין, וועמענס איינציקע פאַרבינדונג מיטן באַן איז געווען דורך זשיכלין. פון דער באַן־סטאַציע אין שטעטל איז מען געפאָרן מיט דראָזשקעס און בריטשקעס, געשפּאַנטע אין פערד. נישט איינמאָל פלעגן די דראָזשקאָזשעס זיך אַרומקריגן צוליב אַ פּאַסאַזשיר.

די יידישע באַפעלקערונג אין זשיכלין, פאַרן אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג, האָט געציילט אַ 650 משפחות און באַשטאַנען פון האַנטווערקער, קליינהענדלער, דאָרפס־גייער, אַרבעטער. זייער ווינציק יידן זענען געווען פאַרמעגלעך, אויסער איינעם: משה־מענדל ווידיסלאַווסקי. אַ געוויסער פּראָצענט האָט זיך מפרנס געווען בכבוד, נאָר דער רוב האָט געהאַט שווערע דאגות פרנסה. ס'האָבן נישט געפעלט קיין אָרעמעלייט. די יידישע געשעפטן האָבן זיך געפינען על־פּי־רוב אַרום דעם מאַרק און ביי דער „טיפלע" — די יידישע יאַטקעס.

איינמאָל אין וואָך, דאָנערשטיק, איז פאָרגעקומען אין שטעטל דער מאַרק־טאָג, און צוויי מאָל אין יאָר — אַ יאַריד, צו וועלכן עס זענען געקומען סוחרים פון מרחקים. דער טומל און האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאָג פריער, ווייל עס האָבן זיך באַוויזן פרעמדע סוחרים און געוואָלט פאַרנעמען די ערטער פון די אָרטיקע מאַרק־שטייערס. אויף דעם באָדן איז געקומען צו קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן. נאָר דאָס וואָס ס'האָבן געטאָן סוחרים פון אַנדערע שטעט לגבי די יאַרידן אין זשיכלין, אַזוי האָבן זשיכלינער סוחרים געהאַנדלט אין אַנדערע ערטער.

די עיקרדיקע פרנסה האָט מען געצויגן פון די מאַרק־טעג און יארידן, ווייל דעמאָלט פלעגן קומען אין שטעטל אַ סך פּויערים פון דער אומגעגנט און פאַרקויפט אייער, הינער, פּוטער, קאַרטאָפל, אויך קי, קעלבלעך און פערד. פאַר דעם געלט וואָס זיי האָבן געלייזט האָט מען געקויפט אין די יידישע געשעפטן אַ סך סחורות און פאַרשידענע אַרטיקלען.

נאָך אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע, זענען ייִדן געלאָפן פאַרנאַכט אין בית־המדרש כדי אַריינכאַפּן אַ מנחה־מעריב און טיילמאָל אויך הערן אַ דרשה פון אַ מגיד וואָס האָט זיך באַוויזן אין שטעטל. מען פלעגט ממש שלונגען יעדער וואָרט זיינס. מיר, די חדר־ייִנגלעך און פון דער ישיבה פלעגן זיך צונויפדרענגען ביי די טרעפּלעך וועלכע האָבן געפירט צום ארון הקודש כדי פון דער נאָענט זען דעם מגיד און גוט הערן זיין רעדע. תמיד פלעגן זיך געפינען פּרייוויליקע כדי צונויפזאַמלען ביים אַרויסגאַנג באַשטייערונגען פאַרן מגיד. קלאָר, אַז מ׳האָט אויך געזאָרגט צו פאַרבעטן אים אויף אַוונט־ברויט און אַ נאַכטלעגער.

נאָך דער פּטירה פון רב ר׳ איטשע מאיר אין פריען עלטער (40 יאָר), האָבן די גערער חסידים אָפּגעהאַלטן אַ נצחון מיטן אַוועקזעצן אויפן כסא הרבנות אין זשיכלין אַ מקרוב פון גערער רבין ר׳ מרדכי אלתר. אונטער זיין השפעה האָבן די גערער חסידים געוואָלט אַרויפלייגן זייער חותם אויף דער קהילה און אויפן גאַנצן רעליגיעזן ייִדנטום אין שטעטל, אָבער זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אַנטשלאָסענער קעגנערשאַפט פון די פאָלקס־שיכטן און אויך פון פּרומע ייִדן, בראש פון וועלכע ס׳איז געשטאַנען דער שוחט ר׳ מנחם־מענדל מאיר ראָזנבוים, אַ טרייער ציוניסט. די צוויי לאַגערן האָבן תמיד געפירט צווישן זיך אַ מחלוקת און נישט איינמאָל האָט מען באַדאַרפט אַלאַרמירן רבנים, גדולי התורה, זיי זאָלן דערפירן צו אַן אויסגלייך.

ביזן ערשטן וועלט־קריג האָבן דער רוב ייִדישע קינדער אין שטעטל זיך דערצויגן אין די חדרים און ישיבות. קיין איין קינד איז נישט געבליבן אויסער דער ראַם פון רעליגיעזע דערציונג. אָרעמע קינדער האָבן געלערנט אין דער תלמוד־תורה און די ישיבה־בחורים פון דער פרעמד האָבן „געגעסן טעג״ ביי זשיכלינער ייִדן. מ׳האָט אויך געזאָרגט אַז זיי זאָלן האָבן וווּ צו שלאָפן.

אין שטעטל זענען געווען טעטיק אייניקע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, ווי: לינת הצדק, ביקור חולים, הכנסת כלה, תלמוד תורה, מתן בסתר און אַנדערע.

*

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט איבער אַלע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן זיך פונאַנדערגעטראָגן די בשורה פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע, וועלכע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דעם 2טן נאָוועמבער 1917. אונדזער שטעטל האָט זיך ווי אויפ־געוועקט פון שלאָף, אין וועלכן מ׳איז געווען איינגעזונקען אין די מלחמה־יאָרן. אין די ציוניסטישע און נישט־ציוניסטישע קרייזן האָבן זיך געפירט שטורמישע דיסקוסיעס. פּרומע ייִדן האָבן געטענהט, אַז די ציוניסטן האָבן אויפגעהערט גלויבן, זיי ווילן פאַרלויפן דעם וועג פון משיחס קומען, הגם אונדזער דור איז נאָך נישט רייף דערצו.

נאָר די מערהייט זשיכלינער יידן האָט די בשורה אויפגענומען מיט באַגייסטערונג און דער טאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ יום־טוב.

דער פאַראיין „בני ציון" האָט אין זאַל פון דער פוילישער פאָלקס־שול צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג, צו וועלכער עס האָבן געשטראָמט מאַסן יידן, יום־טובדיק געקליידעט. דער זאַל האָט נישט געקענט אַלעמען אַריינגעמען. דער אַלטער לערער און ציוניסט דוד שמיר (שטיינבערג), אָנגעטאָן אין אַ סמאָקינג, מיט אַ צעשטראַלט פנים, איז געווען דער איינציקער רעדנער וואָס האָט אויפגעקלערט די באַדייטונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. זיין רעדע איז אַ סך מאָל איבערגעריסן געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. די אסיפה האָט זיך פאַרענדיקט אין אַ געהויבענער שטימונג און מיטן געזאַנג פון דער „התקוה".

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ברויזנדיק געזעלשאַפטלעך לעבן. ס'איז דערוויילט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישע קהילה־פאַרוואַלטונג מיט אַ ציוניסטישער מערהייט. אַלס פאַרזיצער איז געוואָרן אויסגעקליבן אברהם יצחק ראָזענפעלד, וואָס איז אויך געווען דער פאַרזיצער פון „בני ציון", און סעקרעטאַר — דוד שמיר (סעקרעטאַר פון „בני ציון").

די אַנטשיידנדיקע מערהייט אין אונדזער שטעטל פון דער יידישער באַפעלקערונג



„פרייהייט" — די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון פועלי־ציון צ.ס. אין זשיכלין

איז געווען אַ ציוניסטישע. אַלע פּאַרטייען אין דעמאָלטדיקן פּוילן האָבן געהאַט זייערע פיליאַלן אין זשיכלין: אַלגעמיינע ציוניסטן, מזרחי, הפועל המזרחי, פאָלקיסטן, צעירי ציון (שפּעטער — צעירי־ציון צ. ס. וואָס האָט זיך פאַראייניקט מיט די רעכטע פּועלי־ציון), השומר הצעיר, לינקע פּועלי־ציון און אַנדערע. גרויסע טיילן מיטגלידער פון די אַלע פּאַרטייען זענען געווען אַקטיוו ביים זאַמלען געלטער פאַר די ציוניסטישע פאָנדן, ווי: קרן קיימת, קרן היסוד, אַרבעטער־פאָנד, תורה ועבודה און אויך פאַר אומפאַר־מעגלעכע אַקאַדעמיקערס אין פּוילן.

געווען אויך אַ קליינע גרופּע בונדיסטן און פאָלקיסטן, אָן אַ גרויסער השפּעה. דאַקעגן די אָנהענגער פון אגודת ישראל האָבן אַרויסגעוויזן פאַנאַטיזם אויפן רעליגיעזן געביט.

ווי נאָר די האַרמאַטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אויפגעהערט צו דונערן, איז אין זשיכלין געעפנט געוואָרן די „תרבות"־שול אונטער דער לייטונג פון דוד שטיינבערג־שמיר. ער האָט אויך אַראָפּגעברענגט פּעדאַגאָגישע קרעפטן פון וואַרשע, צווישן זיי — מיין ברודער יוסף. ער האָט אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר עברית, תנ"ך און געשיכטע. אין די טעג פון נאַציאָנאַלע יום־טובים האָט ער אָרגאַניזירט פייערונגען, רעציטאַציע־אָוונטן און פאָרשטעלונגען פון שילערס וואָס האָבן געזונגען חלוצישע לידער.

*

צו יענער צייט זענען אויך געווען טעטיק דריי דראַמאַטישע קרייזן:

א) פון פאַראיין בני ציון, אונטער דער אָנפירונג פון דוד שמיר, וועלכער האָט צוו. אַנד. פאָרגעשטעלט שלום עליכמס „מענטשן".

ב) פון צעירי ציון צ. ס., אונטער דער אָנפירונג פון ישראל זאַפּראַן, וועלכער האָט צוו. אַנד. פאָרגעשטעלט דעם „דאָרפס־יונג" און „אוריאל אקאָסטאַ".

ג) ביי די לינקע פּועלי־ציון, וועלכער האָט אַראָפּגעברענגט דעם רעזשיסער הערמעלין.

פון צייט צו צייט פלעגן אונדזער שטעטל באַזוכן פאַרשידענע טרופּעס פון אַנדערע שטעט. אַלס יונגל האָב איך זייער ליב געהאַט צו באַזוכן טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אָבער דאָס איז נישט געווען אַזוי פשוט, ערשטנס, ווייל כ'האָב נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ בילעט, און צווייטנס, ווייל כ'האָב מורא געהאַט פאַר טאַטע־מאַמע — פלעג איך אויסנוצן דעם פאַרלאַנג פון די טעאַטער־מענטשן צוצושטעלן זיי פאַרשידענע רעק־וויזיטן און קאָסטיומען, ווי אַ שטריימעל, זשופּיצעס, זיידענע קאַפּאָטעס — וועלכע איך פלעג „גנבענען" פון דער מלבושים־שאַנק אין שטוב. פאַר דער דאָזיקער אויסשטאַטונג האָט מען מיך געלאָזט באַזוכן די פאָרשטעלונגען.

געווען ביי אונדז אין שטעטל צוויי ביבליאָטעקן פון די בני ציון און פון לינקע פּועלי ציון. געווען אויך אַ ספּאָרט־פאַראיין וועלכער האָט געפירט אַ פאַרצווייגטע

טעטיקייט אונטער דער אָנפירונג פון אינסטרוקטאָר זיידע. דער טורנפעסט, פאָרגעקומען אין יאָר 1918, איז באַרימט געוואָרן אין גאַנץ פוילן. ס׳האָט אויך עקזיסטירט אַ ספּאָרט־קלוב אונטער דער אַפּוטרופּסות פון צעירי ציון צ.ס. און פועלי ציון.

באַרימטע רעדנערס פלעגן באַזוכן זשיכלין. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונדז באַזוכט הלל צייטלין. יענער טאָג איז ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן קולטור יום־טוב.

זשיכלין האָט אַרויסגעגעבן פון זיך אַ סך עולים וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין אַלע עליות קיין ארץ־ישראל, אָנהייבנדיק פון דער צווייטער עליה און אַלע שפּעטערדיקע. אין לאַנד געפינען זיך אַ 150 משפחות, פאַרוואָרצלטע אין די שטעט, מושבים און קיבוצים און אייניקע לאַנדסלייט פאַרנעמען גאָר וויכטיקע פּאָזיציעס אינעם געזעלשאַפטלעכן און פּאַרטייאישן לעבן אין ישראל.

געווען איז זשיכלין אַ וווּנדערבאַרע, וואַכזאַמע און ברויזנדיקע יוגנט. געווען אַ יידיש שטעטל זשיכלין — אַן עיר ואם בישראל מיט אירע שבת־יום־טובדיקע יידן, בעלי־מלאכות און סוחרים, אַרבעטער און קליינהענדלער — און צום גרויסן באַדויערן האָבן די יאָרן פון גרויל און אומקום אין אייראָפּע אָפּגעווישט פון דער יידישער מאַפּע אויך דעם דאָזיקן שפּרודלדיקן יידישן ישוב.

# אַ בינטל זכרונות

## מ. קאָרן

איך געדענק זשיכלין אַזוי ווי כ׳האָב זי געזען אין מיינע פריסטע קינדער־יאָרן: אַ קליין, פאַרפּינצטערט שטעטל, אָן שום באַלייכטונג. איך געדענק מיין שרעק, גייענדיק־לויפנדיק ביינאַכט אַהיים פון חדר דורכן מאַרק, וועלכער איז „פול געווען מיט לצים״. איך געדענק, ווען די שטאָט האָט זיך „מאָדערניזירט״ און מ׳האָט אינמיטן מאַרק אויפגעהאָנגען אַ נאַפט־לאָמפּ — און מיר זענען געווען שטאָלץ מיט זשיכלין. אין אָוונט האָט דער ווינט באַוועגט דעם לאָמפּ הין־און־צוריק און געוואָרפן אַרום זיך אַ רויט ליכט. איך מיין, אַז דאָרט איז מיין מורא געווען נאָך גרעסער ווי פריער.

אויך אין די הייזער איז ליכטיקער געוואָרן, אָבער קיין שום געזעלשאַפטלעך לעבן איז נישט געפירט געוואָרן. חוץ חדרים און אַ בית־המדרש, האָט די רוסישע הערשאַפט נישט דערלויבט עפּעס אַנדערש.

איך וויל אָבער גלויבן, אַז אונטער אָט דעם פּינצטערן און דערדריקנדיקן לעבן, האָט געטליעט דער פאַרלאַנג צו אַ פריי און קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן לעבן. אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אין אונדזער שטעטל, ווי אין גאַנץ פּוילן, אין די טעג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914, ווען די דייטשן זענען אַריין אין זשיכלין. מיר טאָרן נישט און קענען נישט פאַרגעסן די באַרבאַרישע היטלעריסטן, אָבער אין אונדזער לעבן וואָס איז געווען אונטערדריקט דורך די רוסן און פּאָליאַקן, האָבן די דייטשן צו יענער צייט געבראַכט אַ געוויסע אויפלעבונג. זיי האָבן דערלויבט, צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן, צו שאַפן פּאָליטישע פּאַרטייען פון אַלע ריכטונגען, ווי אויך קולטורעלע און ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס.

מיר שיינט, אַז אין זשיכלין איז דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן אין יענער תקופה געווען מער אַנטוויקלט ווי אין אַלע אַנדערע קלענערע און אַפילו גרעסערע שטעט. הייַנט, אין דער פּערספּעקטיוו פון צייט, קאָן איך זאָגן, אַז איך באַדויער דעם אופן מיט וועלכן מיר האָבן געפירט די פּאַרטיי־אַרבעט. איך שטעל אין אַ זייט די וואָס האָבן זיבן מאָל אַ טאָג געזאָגט לשנה הבאה בירושלים, ווי אויך די וואָס זענען געווען קעגנער פון אַ יידישער מדינה. איך רעד נאָר וועגן די פּאַרטייען, וואָס זייער הויפּט־אידייע איז געווען צו שאַפן אַ יידיש לאַנד, נאָר אונטער פאַרשיידענע פּאָליטישע און אידעאָלאָגישע פאָרמען. איז אַנשטאָט צו פירן אַ געמיינזאַמע טעטיקייט אַרום דעם צענטראַלן פּראָבלעם וואָס האָט געהייסן ארץ־ישראל, האָבן מיר געאַרבעט צעטיילט און צעריסן. אָבער אונדזערע האָפענונגען זענען פאַרווירקלעכט געוואָרן, מיט פיל בלוט און קרבנות, אָבער מדינת ישראל איז געשאַפן געוואָרן און עם ישראל חי.

✶

כמעט אין אַלע שטעטלעך פון פּוילן האָבן עקזיסטירט דראַמאַטישע קרייזן וועלכע האָבן פון צייט צו צייט „געשפּילט טעאַטער". אַ געוויסן טאָג זענען קיין זשיכלין געקומען די חברים פון קוטנע און אונדז פאַרגעלייגט אויפצופירן אַ שיינע פּיעסע, וואָס זיי האָבן רעפּעטירט און אַז מיר זאָלן זיי אַנגאַזשירן דעם אָוונט.

מיר האָבן געדונגען דעם קליינעם זאַל (זשיכלין האָט געהאַט צוויי זאַלן) און אָנגעהויבן פאַרקויפן בילעטן. שבת אין אָוונט זענען אַלע קוטנער „אַרטיסטן" געווען אין זשיכלין. אויף די אַפישן האָבן מיר געמאָלדן, אַז די פאָרשטעלונג הייבט זיך אָן פּינקטלעך האַלב ניין, אָבער פאַקטיש זענען די אַרטיסטן און דער עולם געווען גרייט ערשט אַרום צען אַזייגער. צי די פּיעסע איז געווען שיין, ווי דאָס האָבן געזאָגט די קוטנער חברים, געדענק איך נישט, אָבער פּונקט ווען זיי האָבן געוואָלט אָנהויבן, האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ליכט. מען האָט גערופן אַן עלעקטריקער, ס'איז שוין געווען

צוועלף ביינאַכט, אָבער דער זאַל איז נאָך אַלץ געווען איינגעהילט אין פינצטערניש. אַ טייל פון עולם האָט געשריען „גיט צוריק פאַר די בילעטן", אָבער דער גרעסטער טייל איז געזעסן געדולדיק און געוואַרט. היות ס'איז געווען אינמיטן זומער, איז פרי געקומען דער פאַרטאָג. און ווי נאָר ס'איז געוואָרן אַ ביסעלע ליכטיק, זענען די „אַרטיסטן" אַרויף אויף דער סצענע און געשפּילט...

## אַ שיינע יוגנט, אַ שיינע לאַנדשאַפט

### מרים יעקובי (מאַניע עלשטיין)

קליין אין שטח איז געווען אונדזער שטעטל זשיכלין, נאָר גרויס אין גייסט, אין דעם וואָס הייסט קוואַליטעט, ווייל זי האָט פאַרמאָגט כמעט אַלץ וואָס האָט זיך געפאָדערט פון אַ קולטורעל־אַנטוויקלט שטעטל. די פּוילישע באַפעלקערונג, איר רוב — אַרבעטנ־דיקע אינטעליגענץ, איז אין עקאָנאָמישן זין געווען גוט איינגעאָרדנט, אָבער דאָס האַרץ און נשמה פון שטעטל איז געווען איר יידישע באַפעלקערונג, פון וועלכער איך וויל דערציילן.

זשיכלינער יידן, פּשוטע פאָלקס־מענטשן, זענען געווען ערלעכע און גוטע מענטשן. צווישן זיי — פאַכלייט, סוחרים, אַרבעטער. בדרך כלל האָט צווישן די קריסטן און יידן געהערשט אַ שלום־בית, אָבער אינגאַנצן פריי פון אַנטיסעמיטיזם איז זשיכלין נישט געווען. נישט איינמאָל האָבן מיר געהערט „זשידזשע, דאָ פאַלעסטיני" („ייד, קיין פאַלעסטינע") — נאָר די אַנטיסעמיטן האָבן נישט געוווּסט, אַז בעצם איז דאָס געווען אונדזער גרעסטער טרוים.

אין אַלגעמיין האָבן יידן אין זשיכלין געקענט פריי אַנטוויקלען זייערע קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע שטרעבונגען. געווען ביי אונדז יידן וועלטלעכע און פרומע, פאַ־נאַטישע און טראַדיציאָנעלע יידן. מיר זענען געווען אָרגאַניזירט און געאייניקט, ווי איין גרויסע משפחה. צוזאַמען געליטן און צוזאַמען זיך געפרייט, נאָר אַלעמענס הערצער זענען פול געווען מיט דער איין־און־איינציקער האָפענונג: עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

איך וויל איצט דערמאָנען אייניקע געשטאַלטן, ווי צ.ב. אייזיק קעלמער ז"ל. ער איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. אויב איך מאַך נישט קיין

טעות, איז ער אַ געוויסע צייט געווען פּרעזעס פון דער ידישער קהילה. איך מיין, אַז אייזיק האָט קיינמאָל נישט געוואָרט אַז מ'זאָל אים אויסוויילן אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אַמט. ער איז פאַר אַלע ידן אין שטעטל געווען ווי אַ טרייער טאַטע און זיין גאַנץ לעבן נאָר געזאָרגט פאַר אַנדערע. תמיד געפינען דאָס גוטע ביים מענטש. מיר האָבן אים איינמאָל געפרעגט ווען וועט ער עולה זיין קיין ארץ־ישראל, האָט ער געענטפערט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל:

— איך האָב נאָך אַ סך וואָס אויפצוטאָן. ערשטנס, מוז איך זאָרגן פאַר אַלע ידן אין שטעטל אַז זיי זאָלן בשלום עולה זיין — און ערשט נאָכדעם ווען אַלע וועלן דאָרט אַהינפאָרן, וועל איך אַנהייבן טראַכטן וועגן זיך...

דער דאָזיקער מאָן האָט נישט זוכה געווען. ווען די דייטשע רוצחים זענען אַריין קיין זשיכלין, איז אייזיק געווען זייער ערשטער קרבן. געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

כ'וויל אויך דערציילן וועגן אונדזער ציוניסטישע היים, וועגן דער פאַרשטאָרבענער מאַמען און דעם טייערן ברודער לייביש ז"ל. מיינע עלטערן זענען געווען טרייע, איבערגעגעבענע ציוניסטן און זייער גאַנצע שטרעבונג איז געווען ארץ־ישראל. הגם אונדזער עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַ גוטע און ס'האָט אונדז גאָרנישט געפעלט, האָבן מיר געטרוימט נאָר וועגן ידישן לאַנד. מיין פאָטער און די ברידער האָבן געאַרבעט אַלס בלעכערס אין די אַרומיקע דערפער און ביי די גיט־באַזיצערס און די מוטער האָט אָנגעפירט מיט אונדזער געשעפט פון קיך־געשיר. די פאַליאַקן האָבן מיט אונדז געאַרבעט און געהאַנדלט און געלעבט בשלום. יעדן פרייטיק זענען זיי געקומען נעמען די „געפילטע פיש" וועלכע מיין מאַמע האָט פאַר זיי צוגעגרייט. ווען איניקע קריסטן האָבן זיך דערוווּסט אַז מיר האָבן בדעה עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, זענען זיי געקומען אַ היים און איינגעטענהט מיט די עלטערן:

— אַזעלכע ידן ווי איר דאַרפן נישט פאַרלאָזן פוילן. איר זייט גוטע, איבער־געגעבענע מענטשן און מיר האָבן אייך גערן. בלייבט דאָ, אייך איז גוט, עס פעלט אייך גאָרנישט, דאָקעגן דאָרט וועט איר ליידן הונגער, אָרעמקייט, ווייל פּאַלעסטינע איז אַן אָרעם לאַנד...

מיין מוטער האָט מיט שטאָלץ און גערירטקייט זיי געענטפערט:

— ריכטיק, אונדז איז דאָ גוט, אָבער איר ווייסט דאָך יאָ אַז מיר געפינען זיך דאָך אין דער פרעמד. מיר ווילן לעבן אויף אונדזער ערד, אין אונדזער לאַנד, דאָרט, באַזאַמען מיט אונדזער פאָלק. דאָרט איז אונדזער אָרט און גלייכער צו עסן אַ טרוקן שטיקל ברויט אין ארץ־ישראל, איידער בלייבן דאָ.

# שטאדט טעאטער

דאנערשטאג, 17 אפּריל 1-טער טאג ח״ם

דראמאטיש-ליטעראַרישער אָווענט

## פראגראם.

1 „מענשען״ פון שלום עליכם
איינאקטער

**פערזאנען:**

| | | |
|---|---|---|
| דניאל | (עקאנאם) | ח׳ ד. שטיינבערג |
| גולד | (מאדאם) | חטע׳ פ. לייזעראוויטש |
| ריקעל | (סעכין) | „ א. וואידעסלאווסקי |
| פישעל | (איהר מאן) | ח׳ ג. י. לעמבערג |
| סענדער | (א מלמד) | „ מ. קאנארעק |
| יוכבד | (זיין ווייב) | חטע׳ ש. ביטש |
| רעוועטשקע | (זייער טאכטער) | „ ב. לאנדשניידער |
| ליזא | (דינסט-מעדעל וואס מ׳שאפט אב) | ח׳ ב. טאראנטשיק |
| העררן | (משרת) | ח׳ א. געצעל |

פאניטשקא לאנג אבגעשאפטע ד. מ. ח׳טע ח. לאנדשניידער

רעזשיסער: י. ד. ש.

2 „איינס״ איינאקטער פון י. קאצענעלזאהן

אויסגעפירט דורך די שילער פון דער העברעאישער
שולע און אווענד-קורסען

**פערזאנען:**

מוטער (שילער׳ן פון די אווענד-קורסען) ב. לאנדשניידער

ימימה | (איהרע טעכטער) שילער׳ן פון דער העבר. שולע
תמר | „ „ „ „ „

יוסף | (בניה)
אמנון |

קינדער חברים שילער׳ס פון דער שולע

3 דאס לעצטע ווארט פון ח. נ. ביאליק
(אין גרים)

דורך ח׳ בן-שמואל.

פראגראם פון דער
פארשטעלונג „מענטשן״
פון שלום עליכם.

בעת דעם געשפרעך בין איך געשטאַנען אין געוועלב פון דער מוטער און הערנדיק פון איר אַזעלכע רייד, האָב איך זיך צעוויינט. מיר זענען טאַקע געווען די ערשטע משפחה פון זשיכלין וואָס האָט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

פון אַ סך היימען האָבן זיך געלאָזט קיין ארץ־ישראל די דערוואַקסענע זין. אויך מיין ברודער לייביש ז״ל און די עלטערע שוועסטערס זענען געווען פון די ערשטע חלוצים. זיי, די עלטערע קינדער, האָבן מיטגעצויגן מיט זיך די גאַנצע משפחה.

ווען כ׳האָב עולה געווען, בין איך געווען אַ יונג מיידל. און ס׳איז מיר שווער צו געדענקען דעם עלטערן דור פון שטעטל. אָבער שווערער איז צו פאַרגעסן דאָס אָרט פון געבוירן און ווו מען האָט פאַרברענגט די שענסטע טעג פון דער קינדהייט און יוגנט. און מיר האָבן געהאַט אַ שיינע יוגנט, לויט ווי פאַר אַזאַ פּראָווינץ־שטעטל. דאָס האָט די באַוווּסטזיניקע יוגנט אין זשיכלין געזאָרגט דערפאַר, אַז עס זאָל זיין אַ העברעישע שול מיט גוטע לערערס פון וואַרשע; אָוונט־קורסן צו לערנען העברעיש; אַ ביבליאָטעק ווו אַלע האָבן געלייענט אַ סך; אַ דראַמאַטישער קרייז, קולטור־אונטערנעמונגען — און אַלץ מיט אייגענע כוחות.

און די יוגנט־באַוועגונגען: השומר הצעיר, צעירי ציון, אַלגעמיינע ציוניסטן און אַנדערע. געווען אויך אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער און כאָרן. מיין ברודער לייביש האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין די אַלע אויפטוען. אים האָט דערוואַרט אַ צוקונפט אויפן געביט פון קונסט און געזאַנג. דער גורל האָט אָבער געוואָלט, אַז ער איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 52 יאָר. אונדזער טרייסט, וואָס ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און געברענגט געוואָרן צו קבר ישראל אין ירושלים. כבוד זיין אַנדענק!

✶

דאָס שטעטל גופא האָט געהאַט אַ שיינע לאַנדשאַפט אַרום זיך: ברייטע, גרינע פעלדער, קילאָמעטערס פון תבואה־זאַנגען אין דער הייך פון אַ מענטש. אַ סך גערטנער און סעדער, אַ קליינע בריק איבערן טייכל. אויך אַ באַן איז פאַרבייגעפאָרן נישט ווייט. איך האָב ליב געהאַט צו שפּאַצירן אונטערן שטעטל און אַ סך פאַרברענגט אויף די פעלדער. שבת געלאָזט זיך צו דער באַן־ליניע און געוואַרט אויפן פאַרבייפאָרנדיקן צוג, כדי פאָכען מיטן האַנט צו די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די וואַגאָן־פענצטערס, נישט וויסנדיק ווער זיי זענען. געווען אין דעם אַ סך קינדערישע פרייד.

כ׳האָב ליב געהאַט זשיכלין ווו כ׳האָב פאַרברענגט מיינע יוגנט־יאָרן און פון זיי גענאָסן. כ׳האָב באַדויערט ווען מיר איז אויסגעקומען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און אַריבערפאָרן קיין לאָדזש אַרבעטן, כדי ווערן זעלבשטענדיק. די דאָזיקע גרויסע שטאָט האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גאַנץ אַנדערן לעבנס־שטייגער. צוויי יאָר האָב איך

געלעבט אין לאָדזש, ווייט פון דעם אַלעמען וואָס איז מיר געווען נאָענט און טייער — ביז ס׳איז פאַרווירקלעכט געוואָרן מיין טרוים און אין יאָר 1926 בין איך מיט דער גאַנצער משפחה אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל.

אין ערשטן יאָר פון זיין אין לאַנד האָבן מיר אַפילו געליטן הונגער, אָבער נישט אַנטוישט זיך. מיין מאַמע ז״ל איז געווען דער לעבעדיקער גייסט, נישט געוואָרן אַנט־מוטיקט, טראָץ דער שלעכטער לאַגע. זי האָט געזאָגט:

— קינדער, לאָמיר אַלע פאַרשאַרצן די אַרבל און זיך נעמען צו דער אַרבעט, כדי זיך מפרנס זיין מיט כבוד.

און אַזוי האָט זי געטאָן. הגם געווען קראַנק דעם רוב יאָרן, איז זי קיינמאָל נישט געווען פאַרצווייפלט און נישט דערמאָנט צום גוטן דאָס גלות פוילן. זי איז געווען גליקלעך צו לעבן און שטאַרבן אין ארץ־ישראל. כבוד איר ליכטיקן אָנדענק!

## אַ שטעטל מיט יידן און יידישקייט

### סאָניציע און ראַשע ווערמאַן

ווען כ׳האָב פאַרלאָזן זשיכלין, בין איך געווען אַ בחור פון אַ יאָר זעכצן. ס׳איז אָבער אוממעגלעך צו פאַרגעסן אונדזער שטעטל. אַלץ שטייט מיר פאַר די אויגן: די לאַנגע בעזינער גאַס, די פאַשעקע, דער מאַרק, פאַדוואַלע, דער טייך, די בריק, די צוקער־פאַבריק, די יידישע געשעפטן.

איך דערינער, ווי ס׳וואָלט היינט געווען: די איינצלנע גבירים, די גרויסע אָרעמקייט — נאָר אַלע בכבודיקע בעלי־בתים, חסידים, מתנגדים, ערלעכע יידן, בעלי־מלאכות און סתם יידן; דער רב, די שיל, דאָס בית־מדרש, די מקוה, דער ברונעם, דער וואַסער־טרעגער, שמשון דער בעקער, וועמענס געבעקס פלעגט פאַרכאַפּן דעם אָטעם מיטן געשמאַקן ריח פון די פרישע קייזערקעס, דער שוחט, ר׳ מענדל־מאיר — דער גרויסער ציוניסט, וואָס צוליב דעם האָבן די חסידים אים באַקעמפט.

דער צדיק־דיין רב יהודה ע״ה מיט זיינע וואַרעמע אויגן, אַן אויסגעדאַרטער פון פאַסטן — און אפשר, ווייל ער האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן, אָבער קיינער האָט פון דעם נישט געוווסט; דער רבי פון זשיכלין, צו וועלכן עס פלעגן קומען חסידים פון דער פרעמד, כדי צו באַקומען אַ ברכה.

יעדעס ווינקל אין אונדזער שטעטל האָט געהאַט אַ באַזונדערן חן און באַדייטונג.

ספעציעל געדענק איך די זשיכלינער יוגנט מיט איר ברען, די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט זייער אַקטיווער טעטיקייט.

אונדזער שטעטל איז דורכויס געווען פאַרבינדן מיט ייִדן און ייִדישקייט.

הונדערטער יאָרן האָט עקזיסטירט דער ייִדישער ישוב אין זשיכלין. מיט בלוט און שווייס האָבן אונדזערע עלטערן געבויט די שטאָט. טראָץ אַלע גזירות, נגישות און פּאָגראָמען במשך פון דורות, געפירט אַ בכבודיק ייִדיש לעבן. צווישן די ייִדן האָבן זיך געפינען ערלעכע מענטשן, אידעאַליסטן, עסקנים, וואָס האָבן די אינטערעסן פון ציבור געשטעלט העכער פון זייערע אייגענע. זשיכלין האָט געהאַט די זכיה אַרויסצוגעבן גרויסע זין פאַרן פאָלק ישראל — תורה־אויטאָריטעטן, פּערזענלעכקייטן און אַ טייערע יוגנט, פול מיט אידעאַליזם און עכטן ייִדישן שטאָלץ. די ייִדן פון זשיכלין האָבן מיט זייערע שווער־פאַרהאָרעוועטע גראָשנס אויפגעבויט אַ פּרעכטיקע שיל, בתי מדרשים, וווּנדערבאָרע אינסטיטוציעס פאַר בילדונג, צדקה און חסד.

די אַלע אינסטיטוציעס און זייערע בויערס — די אָנפירערס און די פאָלקס־מענטשן, דער אַלטער דור און די יוגנט, זענען אַזוי ברוטאַל, אויף אַ מערדערישן אופן, אומגעבראַכט געוואָרן.

אונדזער היים פאַרוויסט, אונדזערע קדושים האָבן אַפילו נישט קיין מצבות, זייער אַש איז צעזייט און צעשפּרייט איבער הונדערטער טויט־לאַגערן און געטאָס, אין וועלדער און פעלדער.

# זשיכלינער דערינערונגען

## ברכה בערמאַן־קרושינסקי

**די גאַסן און געסלעך**

אין מיטן שטעטל — אַ מאַרק און אַרום פיר גאַסן. דאָס איז אַלץ. אין מאַרק — די קירכע, אַ פּלומפּ צו נעמען וואַסער און אַרום — ייִדישע געשעפטן, אַ גערער חסידים־שטיבל און די א. ג. „איזבאַ" (דער קן), ווו ס'האָט זיך גרופּירט די יוגנט פון השומר הצעיר, די ביבליאָטעק און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

די הויפּט־גאַס אויף דרום איז די בודזינער. דאָרט האָט זיך געפונען די אייציקע אַפּטייק פון שטעטל, אַ האָטעל, עטלעכע געשעפטן. צוויי פון זיי — פון זיסוואַרג, ווו

מען פלעגט קויפן צוקערלעך און אייז־קרעם. אויף אַט דער גאַס האָט אויך געוווינט דער זשיכלינער רבי, צו וועלכן ס'פלעגן קומען זיינע חסידים אויף יום־טוב.

פון דאָרט האָט אויך געפירט דער וועג צו דער באַן־סטאַציע „פּניעוואָ". פריער איז מען דאָ דורכגעפאָרן דעם וועג, ווו ס'איז געשטאַנען די פאַבריק „בראָון־באַווערי" און די צוקער־פאַבריק פון דאַזשעלון. די צוויי פאַבריקן און די אַרומיקע דערפער האָבן מפרנס געווען די באַפעלקערונג פון שטעטל.

די אַנטקעגנדיקע גאַס, אויף צפון, איז געווען „פּאַדוואַל", וועלכע האָט פון דער לינקער זייט געפירט צום שטאָטישן פּאַרק וואָס האָט זיך אין פרילינג צעבליט מיט יאַסמין און אַקאַציעס און איז געווען דער שפּאַציר־פּלאַץ און טרעפפּונקט פון דער יוגנט. פון דער רעכטער זייט האָט דער וועג געפירט צו די וועלדער וואָס האָבן זיך געצויגן ביזן דערבייאיקן שטעטל גאַמבין, ווו מען פלעגט מאַכן אָפטע אויספלוגן.

אויף מזרח האָט זיך געפינען די בושקאָווסקאַ־גאַס, אַ קלענערע אין פאַרגלייך צו אַנדערע, וואָס האָט געפירט צום בית־הקברות. דער שטאָטראַט האָט געוואָלט צוגעבן חשיבות אַט דער גאַס און דאָרט איינגעאָרדנט די פּאָסט, דעם טעלעגראַף און די שפּאָר־קאַסע.

אויף מערב האָט זיך געצויגן די פּאַשעצקאַ־גאַס, ווו עס זענען געווען די שולן, דער שטאָטראַט און די מיל, וועלכע האָט געהערט צום שטאָטישן גביר ווידיסלאַווסקי.

די בודזינער גאַס האָט אויך געהאַט אַ דערבייאיק קליין געסל, ווו ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט די דראָזשקעס וועלכע האָבן געפירט פּאַסאַזשירן פון און צו דער באַן. צווישן אַט דעם קליינעם געסל און דער פּאַשעצקאַ־גאַס וואָס זענען געלאָפן פּאַראַלעל, האָט זיך געפינען די שטאָטישע שיל, די מקווה און די וווינונג פון רב, אַ קרוב פון גערַער רבין הרב אלתר. דאָס שטעטל איז געווען קליין און הויז־ביי־הויז האָבן גע־וווינט ייִדן.

**געביטן דעם אויסזען**

איז געקומען אַ שבת אָדער אַ יום־טוב, האָט דאָס שטעטל, צוזאַמען מיט די ייִדן, געביטן דעם אויסזען. פּרייטיק פאַרנאַכט זענען אַלע געשעפטן געשלאָסן. ייִדן, אין שבתדיקע בגדים, גייען צום דאַווענען — ווער אין שיל אַריין, ווער אין חסידים־שטיבל און ווער אין בית־מדרש. אַוועק די דאגות פון דער גאַנצער וואָך. באה שבת — באה מנוחה.

איינער דעם אַנדערן האָט גוט געקענט און מען האָט געזוכט צו העלפן דעם נויט־

באַדערפטיקן. אַ קראַנקער אָדער איינזאַמער האָט דאָך געפילט, אַז ער איז נישט פאַרלאָזן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ זאָרג פאַר אים.

זשיכלין האָט געהאַט אַ ישיבה, ווו ס׳האָבן געלערנט בחורים. ס׳איז נישט געווען קיין איין יידיש קינד, וואָס זאָל נישט באַזוכן אַ חדר אָדער אַ ישיבה, צי געלערנט פּריוואַט ביי אַ מלמד, כדי איינצוזאַפּן פון די גייסטיקע ווערטן פון די פריערדיקע דורות.

די יוגנט איז געווען אַ ציוניסטישע, מיט אַ שטאַרקן דראַנג צו שיבת־ציון. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אידעאַל פון זעלבסט־באַפרייונג און פון נעמען דעם גורל אין די אייגענע הענט, האָט דער דראַנג באַהערשט אַלע ציוניסטישע שאַטירונגען — רעכטע און לינקע, מזרחי, השומר הצעיר און הנוער הציוני. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין יידישע קאָמוניסטן, וואָס האָבן גורם געווען צו טראַגעדיעס ביי זייערע עלטערן.

נישט לייכט איז אויך געווען פאַר קינדער פון חסידישע עלטערן, ווען זיי האָבן געוואָלט לערנען עברית אָדער פאָרן אויף אַ זומער־קאָלאָניע, שוין אָפּגערעדט פון לערנען אַ פאַך און זיך צוגרייטן דערמיט צו עליה. לערנען אַ פאַך איז אין יענע צייטן געווען פאַר די דערמאָנטע עלטערן אַ פלעק אין דער משפחה.

הייסע דיסקוסיעס זענען געפירט געוואָרן צווישן מאַן און ווייב ווי אַזוי צו צוימען דעם דראַנג פון די קינדער; צווישן פאַרטייען און פאַרטיי ווי אַזוי צו פירן און זיגן ביי די וואַלן; און אין די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס — ווי אַזוי וואָס שנעלער דורכפירן די עליה קיין ארץ־ישראל.

האָט מען זיך נישט געקאָנט דערשלאָגן צו אַ סערטיפיקאַט, איז מען דערווייל אַוועקגעפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, ווי וואַרשע אָדער לאָדזש, כדי דאָרט צו גיין אין אַ פאָלקס־אוניווערסיטעט, פאַרטיפן דעם וויסן און אויסברייטערן די האָריזאָנטן.

מען האָט געחלומט פון אַ בעסערער און שענערער וועלט, באַהויכט מיטן אַלטן אידעאַל פון „באחרית הימים" פון אונדזערע נביאים. אָנגעזאָפּט מיט די ווערק וועגן הומאַניזם און סאָציאַליזם, האָט מען זיך געלאָזט אין דער גרויסער וועלט אַריין, גרינג־שעצנדיק דאָס קליינע שטעטל, וואָס איז געווען אַזוי טיף מענטשלעך, נשמהדיק און אויפריכטיק.

*

דאָס שטעטל איז אַכזריותדיק פאַרניכטעט געוואָרן. אויסגעמאָרדעט געוואָרן זענען זיינע יידן און אָפּגעווישט געוואָרן איז יעדער סימן פון יידישער עקזיסטענץ. געאָגראַפיש עקזיסטירט עס ווייטער. אין פרילינג צעבליט זיך ווידער דער בעז, יאַסמין און די

אַקאַציעס. אָבער ידן זענען דאָרט מער נישטאָ. נישט דאָס גערער שטיבל און נישט די „איזבא", נישט די דיסקוסיעס איבערן רמב"ם, אָדער, להבדיל, איבער מאַרקסן. נישטאָ מער דער גמרא־ניגון און נישטאָ מער דאָס געזאַנג פון „התקווה". פאַרבליבן איז אַ טיפער ווייטיק און — זכור ואל תשכח!

**ערב יום־כיפור רעפלעקס**

דאָס ידישע שטעטל, דאָס פאַרבלוטיקטע, צעטראָטענע און אומגעבראַכטע, איז פול מיט ידישע מידות וועלכע זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור און באַשיינט דאָס אָרעמע לעבן פון אַ גאַנצער וואָך מיט אַ שבת פון גוטהאַרציקייט און ליבשאַפט און אַזוי אַרום געשאַפן די ספּעציפישע, ידישע אייגנאַרטיקייט. איז טאַקע דער טאָג פון ערב יום־כיפור אַ ליכטיקער אָפּשיין אין דער נשמה פון יעדן ידן אין גלות — און ער פרעגט זיך אַליין: „ווו נעמט מען כוח מוחל צו זיין אַזוי פיל עוולות?"

ווען די וועלט מיט אירע שיינע הבטחות אַנטוישט, בלייבן מיר מיט זיך אַליין און זוכן דעם כוח וואָס האָט דערהויבן צו קדושה דעם באַליידיקטן און צעטראָטענעם.

דאָס ליכט פון שטעטל, וואָס האָט אונדז געמאַכט אויפזינגען די שבתדיקע זמירות און קאַמפּס־לידער פאַר גרויסע אידעאַלן; דאָס ליכט וואָס האָט פון אונדז אַרויסגעזונגען מיט אַ „לכה דודי" און מיט אַ „תחזקנה" — איז נישט פאַרלאָשן געוואָרן. און ווען עס הערן זיך די קלאַנגען פון „כל נדרי" ערגעץ־ווו אין אַ שטאָט פון ידישן גלות, לויפט אונדזער געדאַנק צוריק צום שטעטל. מיר נעמען דאָס ליכט און גייען אין שול אַריין.

עס האָט זיך אָנגערוקט דער האַרבסטיקער פאַרנאַכט. בייטאָג האָט נאָך געוואָרעמט די זון, געגלעט און געשמייכלט מיט צופרידנקייט וואָס דאָך איז פאַראַן אַ טאָג אויף דער זינדיקער ערד, ווען מענטשן זענען זיך מוחל אַלע קליינלעכע קריגערייען, גיבן זיך די הענט און ווינטשן אַ „חתימה טובה", אַז דאָס צעטל וואָס איז ראש־השנה אָנגעשריבן געוואָרן אין הימל, זאָל געחתמעט ווערן צום גוטן.

אַלע קלייטן אין מאַרק און אַרומיקע געסלעך זענען שוין לאַנג געשלאָסן. פון ווייטן הערט זיך אַ וויינענדיקע שטימע פון אַ מאַמע, וואָס ווינטשט די קינדער אַ „גוט יאָר" און זיי זאָלן גיין אויפן גלייכן וועג. אַ ציטערדיקע שטימע פון אַ פאָטער, וואָס בענטשט די קינדער.

מען גייט אין שיל אַריין. מיט אייליקע שריט שפּרייזן מענער אין לאַנגע אַטלאַ־סענע קאַפּאָטעס, ווייסע שיך מיט ווייסע זאָקן און שטריימלעך אויף די קעפּ.

פרויען אין שייטלען אָדער סאַמעטענע היטן, האַלבע פּלושענע פּעלערינעס מיט גיפּיור־קראַגעלעך אָדער ווייסע זיידענע שאַלן, גייען מיט ליכט און מחזורים אין די הענט. זייערע דערשראָקענע בליקן קוקן אין דער ווייטקייט.

עס הייבט זיך אָן דער יום־הדין. אין דער שול איז ענג, הייס די לופט, פול מיט מענטשן און אָנגעצונדענע ליכט. אין אַ ווינקל ווײנט שטיל אַ פרוי. איר האַרץ איז פאַרקלעמט. ווו איז איצט איר זון, איר יאַסעלע ווען דאָס שטעטל איז ענג געוואָרן און ער איז אַוועק אין דער ווייטער וועלט אַריין.

דאָ, אין דער ענגער שיל, איז אַזוי היימיש, אַזוי נאָענט צו גאָט. און דאָרט איז אַלץ אַזוי פרעמד. אַפילו צו גאָט איז דאָרט פיל ווייטער... איז איר טאַקע אַ רחמנות אויף איר קינד. און וועך ווייס צי זיין תפילה וועט דאָרט דערהערט ווערן? און אפשר... אפשר וועט ער בכלל נישט גיין אין שיל? אָבער אין האַרצן וועט ער געוויס בענקען צום שטעטל, ווו אַלץ איז אַזוי פשוט און אויפריכטיק.

די זון איז שוין פאַרגאַנגען, איבערלאָזנדיק אויפן הימל אַ רויטלעכן אָפּשיין בייס ראַנד פון אַ וואָלקן אויף מערב. פון די פענצטער רייסט זיך אַדורך אַ בלאַסער אָפּשיין פון די נשמה־ליכט. פון דערווייטנס, ווו עס געפינט זיך די אַלטע שול, דערטראָגט זיך דאָס געזאַנג פון „כל נדרי".

איז דאָס נאָר אַ געבעט מיט חרטה אויף שלעכטע מעשים און אַ צוזאָג זיך צו פאַרבעסערן, אָדער אַ קאָלעקטיווער אויסדרוק פון ווילן צו טאָן עפּעס בעסערס? דער ניגון איז דער זעלבער, די ווערטער די זעלבע, דער אונטערשייד איז נאָר אין אָרט. פון קליינעם שטעטל ביז ערגעץ־ווו איז אַ מעטראָפּאָליע.

איז דאָס אַן אויסדרוק פון חשבון־הנפש? פון דער עקבערנדיקער פראַגע: ווי האַלטן ידן מיט דעם קאָלעקטיוון אויסדרוק פון חרטה און ווילן צו טאָן עפּעס בעסערס פאַר אונדז, פאַר אונדזערע קינדער, פאַר אונדזער פאָלק? אָדער איז דאָס אַ רוטינע תפילה וועלכע מען זאָגט אָפּ — און געענדיקט, באַצאָלט אַ חוב דעם אויבערשטן און מאָרגן — צוריק ווי פריער?

ניין! ווען אַזעלכע תפילות האָבן אונדזערע נביאים געזאָגט, אַז זיי ווערן אין הימל נישט אויסגעהערט. טוליען מיר דאָס ליכט אין אונדזערע נשמות און בויען ווייטער מיט ליבשאַפט דעם יידישן המשך.

נאָר דאַן איז די תפילה אַן אמתדיקע.

# פון „בני ציון" אין זשיכלין — ביז מדינת ישראל

## ברכה יאיר (עלשטיין)

אַ סך יאָרן זענען פאַרי̆בער זינט איך האָב פאַרלאָזט זשיכלין, פיל ענדערונגען זענען פאָרגעקומען אין דער וועלט און אין אונדזער לאַנד — נאָר איך האָב נישט פאַרגעסן די אַלע וואָס האָבן אין אונדזער שטעטל פאַרפלאַנצט דעם ציוניסטישן געדאַנק. נישט איינמאָל שטעלט זיך פאַר מיינע אויגן דאָס בילד פון זשיכלין אין אַלע זיינע שאַטירונגען: דאָס שפּלדיקע גלות-לעבן, די דורות-לאַנגע שנאה, דער שטענדיקער פּחד פאַר די שונאי ישראל. אָבער טראָץ אַלעמען האָבן מיר זוכה געווען צו אַ וווּנדערבאַרער, ברויזנדיקער יוגנט וואָס האָט אונדזער שטעטל פאַרשאַפן כבוד און שטאָלץ.

איך געדענק גוט די קינדער-יאָרן, ווען מיר האָבן אין זיך איינגעזאַפּט ליבע צום לאַנד פון די יום-טובים און פון דער יידישער טראַדיציע; יעדער יום-טוב איז געווען אַ צונויפגעפלעכט מיט ציון און מיטן דערלייזן אונדזער פאָלק. די תפילות זענען געווען דורכגעדרונגען מיט האָפענונג און געבעט זיך אומצוקערן אין אונדזער לאַנד: „והשיבנו לציון ברינה והיינו כחולמים". איך דערמאָן זיך דעם טיפן טרויער און די קלאָגעדיקע קינות אין תשעה באב, די פינצטערניש אַרום, די שאָטנס אויף די ווענט, אַ צאַנקענדיק ליכטל אין ווינקל. די מאַמע זיצט אויף דער פאָדלאָגע, לייענט אין ספר און וויינט אויפן חורבן פון בית המקדש, די פאַרשוווּנדענע פּראַכט פון אונדזער לאַנד און פאָלק אין די פאַרגאַנגענע צייטן, לויט די רייד פון נביא ירמיהו: „איכה ישבה בדד קריה נאמנה". שווער איבערצוגעבן וואָס פאַראַ מיסטיש געפיל מיך האָט באַהערשט... כ'האָב אָנגעהויבן שפּינען דעם חלום פון שיבת ציון.

אין מיין אָנגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָך פון די קינדער-יאָרן, האָט אַ חלק די משפחה ראָזענפעלד, אונדזערע שכנים. דאָס איז געווען אַן אָרעמע משפחה מיט אַ סך קינדער. אברהם ראָזענפעלד, אַ זייגערמאַכער, איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן געבערענגט דעם ציוניסטישן אידעאַל אין שטעטל. אַ ייד אַ משכיל, וואָס האָט דערוועקט כבוד און אין זיין היים זענען זיך צונויפגעקומען די פאָרגעשריטענע מענטשן פון זשיכלין. ער האָט מיט אינטערעס נאָכגעפאָלגט נאָך די געשעענישן אין דער גרויסער וועלט, נאָר דער עיקר — אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. איינע פון זיינע טעכטער איז געווען מיין חברטע. ווען ביי זיי אין שטוב איז מען זיך צונויפגעקומען אויף אַ

שמועס, פלעגן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל און מיט נייגיר זיך איינגעהערט צו יעדעס וואָרט. און תמיד האָט מען גערעדט וועגן ציוניסטישע קאָנגרעסן, וועגן דעם גרויסן מנהיג ד״ר טעאָדאָר הערצל, וועגן די פּאָגראָמען אין רומעניע, עלילת־דם אין רוסלאַנד, וועגן גירושים אדג״ל.

און מיר, די צוויי מיידלעך, האָבן געטרוימט וועגן אויסלייזן און באַפרייען אונדזער פאָלק.

אין יאָר 1915 האָבן די דייטשן אָקופּירט פּוילן, ווו ס׳האָט געהערשט דער צאַר און אַריינגעברענגט אַ ביסל פאָרשריט און קולטור. מ׳האָט אונדז דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט ספּאָרט, עפענען העברעישע שולן און ביבליאָטעקן. עס זענען אַנטשטאַנען יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון חלוצים, סקויטן און אַנדערע. מיט פרייד און ענערגיע האָט די יוגנט זיך אַ נעם געטאָן צו געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. מיר זענען געווען דורשטיק נאָך וויסן און בילדונג. די ערשטע וואָס האָבן געגרינדעט אין זשיכלען די „בני ציון״ זענען געווען: בתיה געצל, רבקה כלאמסקא, ריווע ראָזענבערג, דוד שטיינבערגער, אהרון קאַנאַריק, ראָזענפעלד, איזאַק קעלמער, מאיר העלמער און יחזקאל העלמער.

איך דערמאָן זיך דעם טאָג, ווען כ׳האָב זיך פאַרשריבן אין „בני ציון״. ווי גליקלעך בין איך געווען מיט דער אַנגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער באַוועגונג און זיין טעטיק אויף צו פאַרווירקלעכן דעם ציוניסטישן אידעאַל. די חברים־גרינדערס האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דער הייליקער אַרבעט, געעפנט ביבליאָטעקן, אָוונט־קורסן. מיין ברודער אריה עלשטיין ז״ל, מיט נאָך חברים פון „פועלי־ציון״, האָבן געגרינדעט אַ דראַמאַטישן קרייז, אין וועלכן אויך איך האָב זיך באַטייליקט. אַלע הכנסות פון די פאָרשטעלונגען האָבן מיר געשיקט אין דער צענטראַלע אין וואַרשע — פאַרן קרן קיימת און קרן היסוד.

צווישן די נאָענטע חברטעס מיינע האָט זיך אויסגעטיילט חיה ניידאָרף, וועלכע איך האָב זייער ליב געהאַט און ביז היינט איז איר געשטאַלט טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. אַ געבילדעטע און איידעלע, מיט אַ געוואַלטיקן כוח און ווילן בייצוקומען אַלע שוועריקייטן אין לעבן. איר פערזענלעכקייט האָט אויסגעשטראַלט אויף אַנדערע. מיר האָבן צוזאַמען געלערנט העברעיש און איר איז נישט געווען פרעמד קיין שום קולטור־דערשיינונג.

דוד שטיינבערגער ז״ל, אַן אינטערעסאַנטע פערזענלעכקייט, פון די גרינדערס פון „בני ציון״, איז געקומען קיין זשיכלין פון דער גרויסער וועלט, אויסגעשטאַט מיט אַ סך וויסן. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף אונדזער יוגנט. געווען זייער לערער און וועגווייזער, געלערנט אונדז די העברעישע שפּראַך און יעדער לעקציע איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג.

מיטן אָנהייב פון דער דריטער עליה קיין ארץ־ישראל, האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע געשיקט אַהער אַ סך חברים. איך, מיט נאָך אַ גרופּע, זענען עולה געווען אין יאָר 1926. יעדער פון אונדז האָט צוגעלייגט זיין ציגל צום אויפבוי פון לאַנד, אָבער איבערגעלאָזט אין שטעטל אַ דור וואָס האָט ממשיך געווען און דערנאָך עולה געווען. אַ סך זשיכלינער ידישע משפחות זענען אַריינגעטאָן אינעם לעבן פון דער ידישער מדינה, נאָר דאָס האַרץ טוט וויי אויף די וואָס האָבן נישט זוכה געווען צו פאַרווירקלעכן זייער טרוים און זען די אַנטשטייונג פון דער מדינה.

## די שטאָט פון מיין קינדהייט

### האַלינאַ באָדעק

זשיכלין — די שטאָט פון מיין קינדהייט, מיינט: די גאַנצע וועלט פון אַ קליין מיידעלע, וואָס האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט קיין לעבן מחוץ פון שטעטלדיקן תחום.

איצט, פון דער פּערספּעקטיוו פון צייט, נאָך אַזוי פיל ביטערע איבערלעבונגען בעת דער מלחמה און אין די נאָך־מלחמה צייטן, זע איך זשיכלין אין די געהעריקע פּראָפּאָר־ציעס: אַ קליין, אָפּגעדראָפּעט שטעטל, אָבער טראָצדעם — נאָענט צו מיין האַרצן.

אין די זכרונות האָט זיך אויפגעהיט דאָס בילד פון מאַרק, מיטן דאָמינירנדיקן דאָרט קאָשטשאָל. יעדן זונטיק האָבן זיך צעהילכט פון דאָרט די קלאַנגען פון אָרגל, דאָס געזאַנג פון די גלויביקע. פון אַלע זייטן שטאָט און פּעריפעריעס האָבן געשטראָמט מאַסן יום־טובדיק אָנגעטועטע קריסטן — פּויערים, באַאַמטע, פּריצים. די יידן זענען פאַרשוווּנדן פון די גאַסן, פאַרשלאָסן זיך אין די קליינע, דושנע וווינונגען, הינטער זייערע טונקעלע געוועלבלעך. דאָקעגן שבת — איז געווען דער טאָג פון די יידן. די הויפּט־גאַסן פון שטעטל, ווי בודזינסקאַ, בושקאָווסקאַ, פּאָסיעצקאַ, זענען געווען פול מיטן מאַסן שפּאַצירנדיקע, אויסגעפּוצטע מיידלעך און יינגלעך, דערוואַקסענע און קינדער. אַ רעש, הויכע געשפּרעכן אויף ידיש, דורכגעפלאָכטן מיט ווערטער אין פּויליש.

אין די וואָכנטעג האָבן אין שטעטל דאָמינירט די יידן. ידישע געוועלבער און וואַרשטאָטן האָבן געליפערט דער באַפעלקערונג סחורות, באַזונדערס אין די מאַרק־טעג:

אַ האַרמידער, אַ דינגעריי, אַ רייסעריי איבער אַ קונה, בעיקר איבער די פּויערים וואָס זענען אויף זייערע וועגעלעך מיט מילכוואַרג און לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן זיך צונויפגעפאָרן אויפן מאַרק.

דער מאַרק איז אייגנטלעך געווען דער צענטער פון שטאָט, וועלכער האָט באַזאָרגט די איינוווינער מיט שפּייז, אַנהייבנדיק פון גרינסן, פּרוכטן און פאַרענדיקנדיק מיט אויסגעשטאַפּטע גענדז, וועלכע יידישע פרויען האָבן אַזוי גערן געקויפט אויף שבת.

פרייטיק אין אָוונט האָט זיך איבערן שטעטל אַראָפּגעלאָזט אַ שטילקייט. אין יעדן יידישן הויז האָבן די משפחות זיך אויסגעזעצטביים ווייס-געדעקטן טיש, אין אָפשיין פון די שבתדיקע ליכט.

אויף די ענגע געסלעך סינאַגאָגאַלנע און זדראָוואַ, ווו ס'האָט זיך געפונען די גמינע און דער בית-כנסת, הערשט אַ גרויסע אויפלעבונג. מענער אין לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט בערד און פּיאות, אַ טייל אין שטריימלעך און אַ טייל אין קאַפּעלושן, איילן זיך גרופּעס-וויז אָדער אַליין צום בית-כנסת. ניט איין שגצל, זעענדיק אַ ייד מיט אַ באָרד, קאָן זיך נישט באַהערשן פון צו וואַרפן אים אַ שטיין. בכלל, זענען די באַציונגען צווישן דער פּוילישער און יידישער באַפעלקערונג געווען קאָרעקטע. אַ טאָלעראַנץ, געמישט מיט אַ גרויסער דאָזע פון שפּאָט. ס'האָט עקזיסטירט, וואָס אַן אמת, אַ גרופּע יוגנטלעכע פון ענדעקישן שניט, זי איז אָבער געווען אומשעדלעך. דער אַנטיסעמיטיזם, אויף וויפל ער האָט עקזיסטירט, האָט גיכער געהערשט צווישן ערב-רב און געהאָט אַ רעליגיעזן אונטער-גרונט. אין באַזונדערע יום-טובים, ווי צ. ב. אין „באָזשע ציאַלאָ", איז נישט געווען געוווּנטשן אַז אַ ייד זאָל בעת דער פּראָצעסיע זיך ווייזן אויף דער גאַס. אָבער אין אַלגעמיין האָבן די קריסטן זיך באַצויגן קאָרעקט און אַפילו זיך צוגעוווינט צו „זייערע" יידן.

די יידן האָבן געפירט אַן אייגן קולטורעלן לעבן, אויסגעהאַלטן חדרים, ביבליאָטעקן, שולן, פאַרשיידענע פילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אָבער גלייכ-צייטיק אין זייער איינפלוס אויפן אַלגעמיינעם לעבן פון שטעטל געווען אַ גרויסער. מיט זייער טעמפּעראַמענט, לעבהאַפטיקייט און אַקטיווקייט האָבן זיי געגעבן דעם שטעטל אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. דעריבער, ווען דאָס זשיכלינער יידנטום איז ברוטאַל פאַרניכטעט געוואָרן, איז אויך דאָס שטעטל אָפּגעשטאָרבן. וואָס אַן אמת, עקזיסטירט ווייטער זשיכלין, אָבער דאָס איז שוין נישט די זעלבע זשיכלין, די שטאָט פון מיין קינדהייט...

# זשיכלינער געשטאַלטן און געשעענישן

## בן נחום

אסתר־מלכה זיגער ע״ה איז נאָכן טויט פון איר מאַן שמואל זיגער ז״ל געבליבן אַן אלמנה מיט פינף קינדער — צוויי פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן פון ערשטן ווייב און דריי — זייערע. אסתר־מלכה איז געווען אַ באַקאַנטע געשטאַלט אין זשיכלין, ווייל טראָץ אירע דאגות פרנסה, האָט זי געהאַט אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און דערלאַנגט הילף פאַר אַנדערע.


אסתר־מלכה זיגער

געווען אין שטעטל חיה־רחל העלמער, די פרוי פון ר׳ יהושע העלמער ז״ל, וואָס איז אומגעקומען אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. נח, דער זון פון שמואל זיגער, האָט געהערט צו די בית־המדרש לערנערס, הגם דערוואַקסענע בחורים, זענען זיי אָבער מאַטעריעל געווען אָפּהענגיק פון טאַטע־מאַמע. קיין גרויסע אויסזיכטן צו ווערן זעלבשטענדיק האָבן זיי נישט געהאַט, דערפאַר אָבער האָט מען זיך געהאַלטן צוזאַמען, כדי זיך קעגנזייטיק דערמוטיקן און געמיינזאַם באַהאַנדלען פּראָבלעמען.

דער צוזאַמענטרעף־פונקט פון די בית־המדרש בחורים איז געווען ביי נחן אין שטוב, הגם ער מיט זיין גאַנצער משפחה האָבן געוווינט אין איין צימער מיט אַ קיך. אסתר־מלכה האָט ניט נאָר נישט געהאַט קיין טענות צו די יונגעלייט, אַז זיי שטערן דעם נאָרמאַלן לעבן פון דער משפחה, נאָר גראָד פאַרקערט — זי האָט אויפגענומען די יונגעלייט זייער גאַסטפריינטלעך, ווי אַלע וואָלטן געווען איין משפחה און אפילו זיך מיטבאַטייליקט אין זייערע ענינים.

אין יענער תקופה (אינמיטן די צוואַנציקער יאָרן), איז ביי די זין שטאַרק געווען אַנטוויקלט דער געבאָט פון כיבוד אב ואם. יעטוועדער אָפּנויג אויף דעם געביט האָט אין די יידישע טראַדיציאָנעלע היימען פאַרשאַפן אַלעמען אַ סך עגמת־נפש. אין פאַר־מלחמהדיקן פוילן האָט דער רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג געטראָגן די טראַדי־



מיטגלידער פון „תורה ועבודה״ אין זשיכלין

ציאָנאַלע מלבושים, ווי די קאַפּאָטע און דאָס רונדיקע שוואַרצע היטל מיט אַ דאַשעק, באַקאַנט אַלס יידיש היטל. דאָך האָט די יוגנט געוואָלט מיטגיין מיט דער צייט, און אויב ניט אינגאַנצן בייטן דאָס אָנטאָן, וואָס איז פאַרלויפיק געווען אוממעגלעך סיי צוליב געלט־טעמים, סיי צוליבן אומווילן צו דערצערנען די עלטערן, — האָט זיך דאָך געגלוסט ווינציקסטנס צו פאַרקירצן די קאַפּאָטע און ענדערן דאָס היטל אויף אַ קאַ־פּעלוש. אַזאַ מאָדערנער בחור האָט בסוד סודות אָוועקגעגעבן זיין שבתדיקן בגד צום שניידער ער זאָל עס מאָדערניזירן און דעם קאַפּעלוש אויסבאַהאַלטן ביים היטלמאַכער — ביז ס׳איז געקומען דער געוווּנטשענער שבתדיקער טאָג, ווען ער האָט געוואָלט זיך באַווייזן אין נייעם טראַכט. ווען אַזאַ יונגערמאַן איז אַרויס אין גאַס, אָנגעטאָן אין דער פאַרשניטענער קאַפּאָטע און נייעם הוט אויפן קאָפּ — איז עס פאַר די עלטערן געווען אַ תשעה באב, און ניט קיין שבת.

אין זשיכלין איז געווען באַקאַנט דאָס חדר פונעם מלמד מיטן צונאָמען ר׳ לעקיש, ווו מ׳האָט געלערנט גמרא, פוסקים און תוספות. איינמאָל האָט דער דאָזיקער מלמד דערזען אין גאַס זיינעם אַ געוועזענעם תלמיד נחום אָפּאַטאָווסקי, זון פון ר׳ שלמהן, וועלכער האָט דאָס יידישע היטל פאַרוקט עטוואָס אין אַ זייט און דער דאַשעק איז גע־ווען אַראָפּגעלאָזט ביז אין האַלבן שטערן, האָט ר׳ לעקיש זיך צו אים אָנגערופן:

„דער יונג וועט אויסגיין צו תרבות רעה" (ד.ה. — ער וועט אַוועק אויף שלעכטע וועגן). אַזוי איז טאַקע געשען: דער בחור איז אַוועק קיין אַמעריקע, געלערנט דאָרט אויפן אוניווערסיטעט דענטיסטיק און מיט דער צייט דערפינדן רעצעפטן קעגן ציין־קראַנקייטן וואָס ווערן היינט באַנוצט אין דער גאַנצער וועלט, באַקאַנט אַלס דערפינ־דונגען פון נחום אַפּאַטאָוו ז"ל.

אויך אסתר־מלכה האָט ניט געזען פאַר זיך און איר משפחה קיין שום צוקונפט אין זשיכלין. די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, דעריבער האָט זי גערן אָנגענומען די שיפס־קאַרטן פון אירע קרובים אין אויסטראַליע וואָס האָבן אַהין נאָך פריער אויסגעוואַנדערט און זי איז אַריבערגעפאָרן קיין מעלבורן און דאָרט נפטר געוואָרן אין אַ גוטער על־טער. כבוד איר אָנדענק!

## אליהו הנביא ביים סדר ביי חיימקע מלמד (קלוסקע)

### יוסף ראָזענגאַרטן

די דאָזיקע מעשה האָב איך געהערט אַלס קינד, ווען איך בין אַלט געווען 6—5 יאָר.

שאול טויבנכאַפּער, חיים־לייבס דעם פעלדשערס זון מיט זיינע חברים האָבן געהאַט אַן אַלטן חשבון מיט חיימקע מלמד נאָך פון די קינדער־יאָרן, ווען זיי האָבן געלערנט ביי אים אין חדר און דעריבער באַשלאָסן אים אָפּצוטאָן אַ קונדס־שטיק.

אין איינעם פון די צוויי סדר־נעכט, ביים עפענען די טיר צו „שפוך חמתך", האָבן זיי גענומען אַ ציג, צוגעבונדן אַ שטריקל צום הינטערשטן פוס און דעם צווייטן עק פון שטריק געהאַלטן אין האַנט. זיי האָבן געדולדיק געוואַרט ביז חיימקעס ווייב, חנה די רביצין, וועט עפענען די טיר און... אַריינלאָזן די קאָזע.

ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן די שרעק און די געשרייען פון פאַרפאַלק, ווען זיי האָבן דערזען די ציג. שאול טויבנכאַפּער מיט זיינע חברים האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די טרעפּ. ווען זיי האָבן דערהערט די געוואַלדן, האָבן זיי אַ צי געטאָן מיטן שטריקל די קאָזע און זענען אַנטלאָפן.

נאָכן באַרויִקן זיך, האָט דאָס פאָרפאָלק באַשלאָסן, אַז ס'איז נישט געווען קיין געוויינלעכע ציג, נאָר אליהו הנביא בכבודו ובעצמו — ער האָט זיך פשוט פאַרשטעלט

אין דער געשטאַלט פון אַ קאַזע. זיי האָבן באַדויערט וואָס זיי האָבן אים נישט מכבד געווען מיטן כוס וויין וועלכן זיי האָבן פאַר אים צוגעגרייט.

צומאָרגנס איז דאָס גאַנצע שטעטל „געגאַנגען אויף רעדלעך". די געשעעניש איז געווען די הויפּט־טעמע פון די געשפּרעכן אין די בתי־תפילה און באַזונדערס אין בית מדרש, וווּ חיימקע מלמד האָט געדאַוונט. אַלע זענען אים מקנא געווען צוליב דעם גרויסן זכות וואָס ער האָט געהאַט — אליהו הנביא איז ביי אים געווען ביים סדר... מען האָט אים געמאַכט „מי שברך'ס", און נאָכן דאַווענען — אַ קידוש. ביים טרינקען „לחיים" האָט מען אים געווינטשן:

„אַזוי ווי דו האָסט געהאַט די זכיה צו האָבן אליהו הנביא'ן ביים סדר, אַזוי זאָלסטו אויך זוכה זיין צו הערן דעם שופר פון משיח'ן!" און אַלע מתפללים האָבן געענטפערט „אמן, ואמן!".

צו חנה דער רביצין האָט זיך דאַן קיינער נישט געקאָנט גלייכן. די ווייבער פון „עזרת נשים" האָבן זיך געשטופּט, כדי איר צו ווינטשן: „ס'גילט איהנען אַ גוט יאָר!".

שאול טויבנכאַפּער איז געשטאַנען פון דער ווייטנס און שיער נישט געפּלאַצט פון געלעכטער...

## פורימדיק אין שטעטל

### יעקב בית־בית

דאָס איז געשען אין די טעג, ווען אין דער זשיכלינער ידישער קהילה האָבן גע־הערשט די גערער חסידים, בראש מיט זייער דאַזער ר' משה חלאַמסקי. ער האָט דאָרט געוועלטיקט, ווי מען זאָגט, ביד חזקה, אַ גאַר לאַנגע צייט און פול מיט בטחון.

עס האָט אָבער פּאַסירט, אַז ווען די פעלקער פון פּוילן און רוסלאַנד האָבן זיך צעבונטעוועט קעגן צאַר און זיין ממשלה, פאָדערנדיק דעמאָקראַטישע פרייהייטן, זענען די אָפּקלאַנגען פון דעם קאַמף דערגאַנגען אויך קיין זשיכלין און אָפילו אינעם יידישן לעבן אַרויסגערופן יוירונג און אומצופרידנקייט.

עמך האָט זיך אָרגאַניזירט און צום ערשטן מאָל איז אַ סוף געמאַכט געוואָרן צו דער גערער שליטה אין דער זשיכלינער קהילה. אויפן אָרט פון פּרנס ר' משה חלאַמסקי,

איז געקומען דער ניי־דערוויילטער פרנס ר׳ יהושע־פייוול קעלמער. אַזוי ווי די וואַלן זענען פאָרגעקומען אין חודש אדר, ווען דאָס פאָלק ישראל פרייט זיך צוליב פורים, איז באַשלאָסן געוואָרן צו פייערן דעם נצחון אויף אַן עכט פורימדיקן אופן. ר׳ אהרון (אַרעניו) וורמאַן האָט זיך איינגעשפּאַנט צוצוגרייטן די שמחה מיטן פולן קנאַק. אויף זיין חשבון האָט ער באַשטעלט אַ קאַפּעליע, וואָס האָט אויפגעשפּילט אַ „פריילעכס״ פאַרן געשעפט פון ר׳ חלאַמסקי. אויף די קלאַנגען פון דער פויק, טאַצן און פלייט, זענען זיך צונויפגעקומען מאַסן יידן פון אַלע עקן שטאָט. ר׳ אהרון האָט גענומען אין ביידע הענט אַריין די פאָלעס פון זיין שבתדיקער קאַפּאָטע און זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ חסידיש טענצל. דער עולם האָט גענומען מיטטאַנצן, זשיכלינער יידן האָבן זיך גע־פרייט און געלאַכט, ווי עס פּאַסט לכבוד פורים און לכבוד אַ... וואַל־נצחון. ס׳איז גע־ווען ששון ושמחה.

א געזונדער גייסט־אין א געזונדען קערפּער

אגודה עברית
להתעמלות ולספורט
בזיכלין.

יודישער
טורן־ און ספּארט־פעראיין
אין זיכלין.

№ 299

תעודת־חבר. מיטגלידס־קארטע.

1919

יו״ר: פּאָרזיצענדער:

מזכיר: סעקרעטאר:

# די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע — אגודת בני ציון

## ר. יוסף

נאָך דער קאָנפערענץ פון חיבת ציון אין קאַטאָוויץ אין יאָר 1884, איז פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג און דערוואַכונג פונעם ציוניסטישן אידעאַל, באַזונדערס ביים מזרח־אייראָ־פעישן ידנטום. די אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען די ערשטע פּאָליטישע פּאַרטיי אויף דער יידישער גאַס אין פּוילן, און אויך אין אונדזער שטעטל.

בעת דער הערשאַפט פון רוסישן צאַר, איז די ציוניסטישע באַוועגונג געווען אומלע־גאַל און די טעטיקייט איז געפירט געוואָרן אין אונטערגרונט. נאָכן אָקופּירן פּוילן דורך די דייטשן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די ציוניסטישע באַוועגונג אָנגעהויבן פירן אַן אָפענע און ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט אויך אין זשיכלין.

צווישן די גרינדערס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטעטל דאַרף מען דערמאָנען אַברהם־יצחק ראָזענפעלד ז״ל, פאָרזיצער פון דער אגודת בני ציון, וואָס איז נפטר געוואָרן אין אַמעריקע; דוד שטיינבערגער (שמיר) ז״ל, סעקרעטאַר פון בני ציון און די טוערס אהרון קאַנאַריק, אברהם געצעל, רבקה ראָזענבוים און בעריש אַדלער, וואָס זענען נפטר געוואָרן אין ישראל. אייזיק קעלמער, פישל לאַסמאַן, פנחס און הינדע געצעל, יוסף זיסלענדער, ריווע ראָזענבערג, רבקה און יוסף קלאָמסקי און חוה ניידאָרף — אומגע־קומען דורך די נאַציס ימ״ש. און זיי צו לאַנגע יאָר וואָס געפינען זיך אין ישראל: יחזקאל העלמער, מאיר העלמער, אַלטעלע קאַנאַריק, ברכה עלשטיין און שושנה קעלמער.

די באַלפור־דעקלאַראַציע דעם 2טן נאָוועמבער 1917 האָט גורם געווען צו אַ באַזונ־דערער דערהויבנקייט ביי דער יידישער באַפעלקערונג. איך געדענק די פייערלעכע פאַר־זאַמלונג אין דער פוילישער שול. דער זאַל איז געווען צו קליין אויף אַריינצונעמען די אַלע וואָס זענען געקומען יום־טובדיק אָנגעטאָן. דער רעדנער איז געווען דוד שטיינבערגער (שמיר) און זיין אַרויסטריט האָט איבערגעלאָזט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. די באַגייסטערונג פון עולם איז געווען אומבאַשרייבלעך און דער צוזאַמענקונפט האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ מעכטיקן געזאַנג פון דער „התקוה".

מיטן אַנטשטיין פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן אין יאָר 1918, האָט די אגודת בני ציון אָנגעהויבן פירן אַ וויכטיקע טעטיקייט און באַלד זענען געווען קענטיק די גינסטיקע רעזולטאַטן פאַר די איינוווינער פון שטעטל און פאַרן ציוניסטישן געדאַנק. עס דאַרף באַ־זונדערס דערמאָנט ווערן דאָס אָרגאַניזירן די יידישע זעלבשוץ קעגן די פּאָגראָמשטשי־

קעס פון דער ציווילער באַפעלקערונג, ביי דער עווענטועלער מיטהילף פון פוילישן מי־ליטער. אין דער זעלבשוץ האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידישע פּאַרטייען אין זשיכלין.

אינעם פּאַרטיי־לאָקאַל וועלכער האָט פריער זיך געפונען אינעם הויז פון משה־מענדל ווידיסלאַווסקי ז״ל און דערנאָך אינעם הויז פון איטשע אָפּאַטאָווסקי — איז געפירט גע־וואָרן אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט. ס׳איז געווען טעטיק אַ העברעישע שול, ס׳האָבן אויך פונקציאָנירט קורסן פאַר העברעיש און לאַנדקענטעניש, אַ ביבליאָטעק און אַ דראַ־מאַטישער קרייז. עס זענען פאָרגעקומען בעלער און פייערונגען, באַזונדערס בעת נאַציאָ־נאַלע יום־טובים. די פאָרשטעלונגען פון אונדזער דראַמאַטישן קרייז זענען געוואָרן באַ־ווּסט אין דער אַרומיקער געגנט און פון די שכנותדיקע שטעטלעך איז מען געקומען זען די ספּעקטאַקלען. דאָס אַלץ דאַרף פאַרצייכנט ווערן אַלס פאַרדינסט פונעם ציוניסטישן טוער און לערער דוד שטיינבערגער (שמיר), וואָס האָט איניציאירט און אָנגעפירט מיט די אַלע אונטערנעמונגען.

ס׳איז כדאַי אויך אונטערצושטרייכן די טעטיקייט פון דער אגודת בני ציון פאַר די נאַציאָנאַלע פאָנדן (קרן קיימת און קרן היסוד), דאָס פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן שקל און די וואָכנשריפטן „הצפירה״ און „דאָס יידישע פאָלק״. מ׳האָט אויך אַדורכגעפירט אַ געלט־קאַמפּיין לטובת די יידישע אַקאַדעמיקערס אין פוילן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פונעם איבערגעגעבענעם ציוניסטישן עסקן אייזיק קעלמער ז״ל.

אַ קאַפּיטל פאַר זיך איז דער קאַמף צו דעראָבערן דורך די ציוניסטן די יידישע קהילה, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט די אגודת ישראל — נאָר מיט ווייניק דערפאָלג. אין די קהילה־וואַלן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן דערגרייכט אַן איבערוויגנדיקע מערהייט און אַלס פּרעזעס איז אויסגעוויילט געוואָרן דער פאַרזיצער פון בני ציון, אברהם־יצחק ראָזענפעלד און אַלס סעקרעטאַר — דוד שטיינבערגער (שמיר).

אין יאָר 1918 האָבן די אַלגעמיינע ציוניסטן געפירט אַ קאַמף פאַרן כסא הרבנות, נאָך דעם ווי ס׳איז נפטר געוואָרן דער רב ר׳ איטשע מאיר זצ״ל (דער שווער פון ר׳ שמחה בינם זצ״ל), כדי דעם דאָזיקן אַמט זאָל פאַרנעמען אַ רב מיט אַ ציוניסטישער איינ־שטעלונג. אָבער דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבן. דער אגודת ישראל איז געלונגען אָוועק־צוזעצן אויפן כסא הרבנות, ר׳ אברהם מרדכי אלתר זצ״ל, אַ קרוב פון גערער רבין.

דער ריס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פוילן אין די צוואַנציקער יאָרן האָט אויך דערגרייכט קיין זשיכלין, ווו די מערהייט האָט געהאַלטן מיט דער פראַקציע „על המשמר״ פון יצחק גרינבוים. די אַלגעמיינע ציוניסטן אין זשיכלין האָבן ניט געשאָנקען געננוג אויפמערקזאַמקייט דער יוגנט, וואָס האָט דערפירט דערצו, אַז אַ גרויסער טייל האָט פאַרלאָזט די בני ציון און זיך אָנגעשלאָסן צו די צעירי ציון...

# יידישער טורן־פאַריין

י. גיל

צווישן די צוגעוואַנדערטע קיין זשיכלין, מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אויך געפונען די משפחה גאָמבינסקי פון לאָדזש. גאָמבינסקי איז דאָרט געווען אַן אַקטיווער ספּאָרטלער פון דער טורן־באַוועגונג און ער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו שאַפן אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע אין זשיכלין.

צו דעם צוועק האָט ער צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון געזעלשאַפטלעכע טוערס פון אַלע פּאַרטייען. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט דוד שטיינבערגער (שמיר), מאיר העלמער, יהושע זיגער, א. געצל, זיידערמאַן, עטינגער, ביעלאָווסקי און דער שרייבער פון די שורות.

גאָמבינסקי האָט רעפערירט וועגן זיין פּלאַן, מיט דער באַוווסטער לאָזונג „אַ געזונטע נשמה אין אַ געזונטן קערפּער" — און אַלע באַטייליקטע אין דער באַראַטונג האָבן זיך ענטוזיאַסטיש אָפּגערופן אויפן געדאַנק צו שאַפן אַ ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַלע אַנוועזנדיקע וועלן זיין דער צייטווייליקער קאָמיטעט, ביז צו דער ערשטער גרינדונג־פאַרזאַמלונג. אַלס פאָרזיצער איז געוויילט געוואָרן גאָמבינסקי, קאַסירער — עטינגער, סעקרעטאַר — דער שרייבער פון די שורות. די אַנוועזנדיקע האָבן גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו שאַפן די ערשטע געלט־מיטלען.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער דייטשער מאַכט צו עפענען דעם טורן־פאַריין א. נ. „יידישער טורן־ און ספּאָרט־פאַריין אין זשיכלין". ס'איז אַנגאַזשירט געוואָרן דער אינסטרוקטאָר פון לאָדזש, זיידע. מ'האָט איינגעקויפט די געהעריקע מכשירים. מיר האָבן געדונגען אַ פּלאַץ אויף דער פּאַדוואַל־גאַס, וווּ ס'איז פריער געווען אַן אַרומגעצוימטער האָלץ־סקלאַד.

די רעגיסטראַציע פון חברים צום טורן־פאַריין האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג אין שטעטל. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ס'האָבן זיך פאַרשריבן איבער 100 חברים פון אַלע ריכטונגען — אַקטיווע ספּאָרטלערס און סימפּאַטיקערס.

די אַקטיווע זענען פאַרטיילט געוואָרן אין סעקציעס. אויך אַ יוגנט־סעקציע איז געוואָרן אָרגאַניזירט. זומער האָט מען געאיבט אויפן פּלאַץ, און ווינטער — אין זאַל פון מאַגיסטראַט. די אָפיציעלע אוניפאָרם איז געווען: ווייסע הויזן, אַ ווייסע העמד און אַ ווייסער הוט, מיט אַ בלויען פּאַס אַרום. די פאָן איז געווען אַ ווייס־בלויע, מיט אַ פון גאָלד־אויסגעהאַפּטענעם עמבלעם פון טורן־פאַריין. צום אָנהייב האָט דער לערער

זיך באַנוצט מיט דער דייטשער טערמינאָלאָגיע. נאָך לאַנגע וויכוחים איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו באַנוצן מיט דער העברעישער טערמינאָלאָגיע ביים אָפיציעלן אויפמאַרש, און דייטש־יידיש — ביי די לעקציעס און איבונגען.

אין 1917 איז גערופן געוואָרן די ערשטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז געוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט, אין באַשטאַנד פון: גאָמבינסקי, עטינגער, שטיינבערגער, בול, ביעלאָווסקי, געצל, כלאַוונע, זיידערמאַן, ראָזענקאָפף, מאיר העלמער און דער שרייבער פון די שורות. אויף דער ערשטער זיצונג פון קאָמיטעט זענען פאַרטיילט געוואָרן די אַמטן: פאָרזיצער — גאָמבינסקי, קאַסירער — עטינגער, און דער שרייבער פון די שורות — סעקרעטאַר. די זיצונגען זענען פאָרגעקומען אין לאָקאַל פון דער ביבליאָטעק.

אין 1917 איז פאָרגעקומען דער ערשטער ספּאָרט יום־טוב. ס'זענען געקומען ספּאָרטלערס פון קוטנע, גאָמבין און גאָסטינין. אַלע האָבן מאַרשירט צוזאַמען איבער די גאַסן, אונטער די קלאַנגען פון קוטנער אָרקעסטער, ביז צום טורן־פּלאַץ. אין שטעטל האָט געהערשט אַ יום־טובדיקע שטימונג. דוד שטיינבערגער האָט געעפנט די אימפּרעזע און באַגריסט די געסט. די ערשטע סעקציע האָט געוויזן פאַרשיידענע איבונגען אויף די מכשירים. אויך די געסט האָבן געוויזן אייניקע איבונגען. דערנאָך איז דורכגעפירט



דער טורן־פּאַריין אין זשיכלין

געוואָרן אַן אַלגעמיינע, פרייע טורן־איבונג אונטער די קלאַנגען פון מוזיק. צום סוף — לעבעדיקע פּיראַמידן, וואָס האָבן פאַרכאַפּט דעם אָטעם ביי אַלע אָנוועזנדיקע. דער פאַריין האָט אין רעזולטאַט פון דעם געלונגענעם יום־טוב זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאַסן־אָרגאַניזאַציע פאַר פיזישער אַנטוויקלונג פון דער זשיכלינער יוגנט.

אונדזער פאַריין האָט זיך אויך באַטייליקט אין טורן־יום־טוב אין אַרומיקע שטעטלעך. אין 1918 איז פאָרגעקומען דער צווייטער יום־טוב, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרעסערע צאָל אָנטיילנעמערס, ווי אויך מיט שווערערע איבונגען. אויך די יוגנט־סעקציע האָט זיך שוין אַקטיוו באַטייליקט אין יום־טוב.

סוף 1918 איז פאָרגעקומען די צווייטע אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער ס'איז געוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט אין באַשטאַנד פון בול, ביעלאָווסקי, אהרן לעמבערג, יהושע זיגער, א. שוואַרצבערג, ראַשעבלאַך, נח זיגער, אריה אַלשטיין, משה דאַווידאָוויטש און איך. פון די בני־ציון איז קיינער נישט געוויילט געוואָרן אין קאָמיטעט, ווייל זיי האָבן געהאַט ווייניק חברים אין זייער טורן־פאַריין.

סוף 1918 איז פוילן פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס אַ זעלבשטענדיקע מדינה און אָנהייב 1919 איז דערקלערט געוואָרן אַ מאָביליזאַציע צום פוילישן מיליטער. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן, פיל האָבן פאַרלאָזט זשיכלין — און אַזוי איז ווייל זיי האָבן געהאַט ווייניק חברים אין טורן־פאַריין.

אין 1922 האָבן די לינקע פועלי־ציון געמאַכט אַ פּרווו צו באַנייען די טעטיקייט פון ספּאָרט־פאַריין, אונטער דער לייטונג פון משה דאַווידאָוויטש. ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פוטבאָל־מאַנשאַפט מיטן נאָמען „שטערן" („גוויאַזדאַ"), וואָס האָט אָבער לאַנג נישט עקזיסטירט. אין 1924 האָבן די רעכטע פועלי־ציון געשאַפן אַ פוטבאָל־סעקציע, נאָר אויך זי האָט זיך אויפגעלייזט נאָך אַ קורצער צייט.

אין 1927 האָבן די רעכטע פועלי־ציון באַנייט די טעטיקייט פון טורן־פאַריין, צוזאַמען מיטן השומר הצעיר, אונטער דער לייטונג פון הירש קעלמער. זיי האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ פוטבאָל־גרופּע מיטן נאָמען „הפועל". קאַפּיטאַן פון דער גרופּע איז געווען יוסף גאָסטינסקי. די מאַנשאַפט פלעגט שפּילן מעטשן מיט די אָרטיקע פוילישע מאַנשאַפטן, ווי אויך מיט יידישע און פוילישע מאַנשאַפטן פון די אַרומיקע שטעטלעך. יעדן מוצאי־שבת פלעגט פאָרקומען אין לאָקאַל אַ טאַנץ־אָוונט. די טעטיקייט האָט זיך געפירט ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

ווען די דייטשע באַנדיטן האָבן פאַרנומען זשיכלין, איז געקומען דער ענטגילטיקער סוף צו דער טעטיקייט פון טורן־פאַריין, צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל.

# דער „השומר הצעיר" אין זשיכלין

**בונים שמיר**

די ערשטע סקויטן־גרופּע פון וועלכער ס'איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן דער „השומר הצעיר", איז געשאַפן געוואָרן אין זשיכלין אַ דאַנק אברהם טאָראַנטשיק, אַ סטודענט פון לאָדזש, וואָס איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען אין שטעטל און דאָ געוווינט עטלעכע יאָר. אין יענער צייט זענען אַ סך אַריבערגעפאָרן פון די גרויסע שטעט, ווו ס'האָט געהערשט אַ מאַנגל אין שפּייז־פּראָדוקטן און זיך באַזעצט אין די קלענערע ערטער, ווו ס'איז אָנגעגאַנגען אַ פאַרהעלטנישמעסיק נאָרמאַל לעבן, ווייל דאָס שטעטל איז תמיד געווען אַרומגערינגלט מיט דערפער — די עיקרדיקסטע שפּייז־פאַרזאָרגערס.

זשיכלין האָט זיך גערעכנט צו די דאָזיקע „גליקלעכע" ערטער. אין דער מלחמה־צייט האָט זי זוכה געווען אויפצונעמען עטלעכע צענדליק געקומענע פון דער „גרויסער וועלט". צווישן זיי זענען געווען געבילדעטע יונגעלייט וואָס האָבן געגעבן זייער וואָגיקן צושטייער צום באַרייכערן דאָס געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן. איינער פון זיי איז געווען דער סטודענט טאָראַנטשיק וואָס איז איינגעשטאַנען ביי זיינע קרובים — און ער האָט עס געברענגט די בשורה פון אַ יוגנט־אָרגאַניזאַציע. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו זענען אַנטשטאַנען סקויטן־אָרגאַניזאַציעס אין זשיכלין און אין דער שכנותדיקער קוטנע.

מעגלעך, אַז צוליב די בערך 50 יאָר וואָס טיילן אונדז אָפּ פון יענער תקופה, איז דאָ אַ נטיה צו אידעאַליזירן די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. מעגלעך אויך, אַז דער זכרון איז איצט אַ סעלעקטיווער, דער עיקר אויפן באַדן פונעם גייסטיקן קלימאַט אין וועלכן אונדזער וועלט געפינט זיך אין די איצטיקע טעג. פון דעסטוועגן, אויף וויפל איך פּרוביר רעקאָנסטרויִרן אין געדאַנק די פאַרגאַנגענע צייט, הער איך פונדאָסניי דעם אָפּקלאַנג פון יענער ווונדערבאַרער תקופה.

דאָס איז געווען אַ צייט פון דערוואַרטונגען און האָפענונגען. נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ נייע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק און נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן צו געבן אַ נייע ריכטונג אין דער אַנטוויקלונג פון דער גאַנצער מענטשהייט — האָבן אַרויסגעשפּראָצט גרויסע האָפענונגען פון אַ מעכטיקער עליה פון די גלות־לענדער אינעם אויסדערוויילטן לאַנד און פון אַ שנעלן אויפבוי פונעם אַלט־נייעם היימלאַנד. אויסער דעם האָט מען געגלויבט,

אַז די וועלט שטייט אויפן שוועל פון אַ נייער תקופה אין איר געשיכטע; אַז די פאַרענדיקטע ערשטע וועלט־מלחמה איז די לעצטע און אַז פון איצט אָן שפּאַנט די מענטשהייט צו אַ נייער געזעלשאַפט אָן עקספּלאָאַטאַציע, אונטערדריקונג און דיסקרי־מינאַציע; אַ געזעלשאַפט וואָס וועט זיין געבויט אויף גלייכהייט, גערעכטיקייט און פרייהייט.

פוילן, וועלכע האָט נאָך לאַנגע יאָרן פון אונטערדריקונג דערגרייכט איר אומאָפּ־הענגיקייט, האָט די דאָזיקע געשעעניש געפייערט מיט אַן אַלץ שטייגנדיקער כוואַליע פון אַנטיסעמיטישע אַרויסטרעטונגען, מיט פּאָגראָמען, מיט שניידן בערד ביי יידן אויף די באַנען, אויף די מערק און גאַסן. אויף דעם באָדן איז אויסגעוואַקסן די באַוועגונג פון דער יידישער יוגנט וואָס האָט זיך גערופן „השומר הצעיר", לויט איר גרויסן ברודער אין ארץ־ישראל — „אגודת השומרים", וועמענס מיטגלידער האָבן געהאַלטן פאַר אַ הייליקע אויפגאַבע צו באַשיצן דעם יונגן ישוב אין ארץ־ישראל קעגן די אַראַבישע איבערפאַלערס און זענען גרייט געווען אויף יעטוועדן קרבן צו דערפילן דעם דאָזיקן חוב. פון די ערשטע טעג פון איר אַנטשטייונג און ביזן רייף ווערן אין משך פון יאָרן, איז די באַוועגונג געווען דער אינקובאַטאָר פון אַן אידעאַליסטישער יוגנט וואָס האָט געטרוימט, געקעמפט און אין הארץ געטראָגן די גרויסע שטרעבונג צו נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פונעם יידישן פאָלק אין זיין היימלאַנד.

אין יענע טעג האָט די יידישע קהילה אין זשיכלין געציילט אַ זעקס הונדערט משפחות און אַ דריי טויזנט נפשות, וואָס דער רוב פון זיי האָט געלעבט אין דחקות און אין נויט. ווי אַ טראָפּן וואַסער וואָס שפּיגלט אָפּ דעם ים, אַזוי האָט דאָס יידישע לעבן אין אונדזער שטעטל אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די יידישע קהילות אין גאַנץ פוילן. דאָס איז געווען אַ תקופה פון גרויסער דערוואַכונג און פון אַ ברייט פונאַנדערגעוויקלט און שטורמיש געזעלשאַפטלעך לעבן. ביי די דאָזיקע זעקס הונדערט משפחות האָט זיך צעבליט אַ ברויזנדיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. עס האָבן אָנגעהויבן ווירקן לאָקאַלע אָרגאַניזאַציעס פון אַלע פּאַרטייען וואָס האָבן דאַמאָלט עקזיסטירט אויף דער יידישער גאַס: אַלגעמיינע ציוניסטן, „פּועלי ציון" — רעכטע און לינקע, „אגודה", „מזרחי", „בונד" און אַפילו אַ קליינע גרופּע פון פאַלקיסטן.

ס'איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ העברעישע שול און פאַר דערוואַקסענע האָט מען אָרגאַניזירט קורסן צו לערנען העברעיש. עס זענען אַנטשטאַנען ביבליאָטעקן, אַ ספּאָרט־פאַריין, אַ דראַמאַטישער קרייז וואָס האָט אָפט געגעבן פאָרשטעלונגען. עס זענען פאָרגעקומען פייערונגען, פאָרלעזונגען, דיסקוסיע־אָוונטן. טראָץ דעם גייסטיקן דלות, האָט דאָס שטעטל געברויזט מיט קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

אין אַזאַ סביבה און אַטמאָספער איז געגרינדעט געוואָרן און אָנגעהויבן זיין טעטיקייט דער „השומר הצעיר”, וואָס איז אין זיין בלי־פעריאָד דערגאַנגען צו אַ צאָל פון 120 חברים און אפשר מער. לאָמיר דערמאָנען די ערשטע גרופע, די א.ג. „סקויטן”, די פאָרגייערס פונעם זשיכלינער קן „השומר הצעיר”. דאָס זענען געווען זיבן חברים: יעקב לעמבערג (דער עלטסטער פון דער גרופע), יעקב זשוכאָוויצקי, אברהם זשוכאָוויצקי, אליהו ראָזענפעלד, אברהם וורא‎ָנצבערג, קאַנאַרעק און קלמן קיזעלשטיין. אויסער זשוכאָוויצקין, וואָס איז געווען דער גרינדער פונעם קן און נאָכן עולה זיין קיין ארץ־ישראל האָט ער זיך אַנגעשלאָסן אין אַ קיבוץ פון „השומר הצעיר” און געהערט ביז היינט צו דער באַוועגונג — האָבן די אַנדערע זעקס, מיטן אונטערוואַקסן, פאַרלאָזט די אָרגאַניזאַציע און יעדער איז זיך אַוועק מיט זיין באַזונדערן וועג. אָבער די דאָזיקע גרופע איז פאָרט געווען דער פונק וואָס האָט אַרויסגערופן דעם פלאַם.

מיטן אַנטשטיין פונעם קן, איז גלייכצייטיק געשאַפן געוואָרן אַ פאַטראָנאַט פון עלטערע ציוניסטן, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז געווען אַכטונג צו געבן אויף זיין טעטיקייט און זאָרגן פאַר זיינע באַדערפעענישן. צום פאַטראָנאַט האָבן געהערט: דוד שמיר (שטיינבערגער) ז״ל, אברהם ראַזענפעלד ז״ל און מאיר העלמער יבד״ל.

די יוגנט וואָס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין קן פון „השומר הצעיר” אין שטעטל, האָט נישט געהאַט קיין סך אויסערלעכע לאָקונגען, אָבער דערפאַר איז איר אינערלעך לעבן געווען אינהאַלטרייך. אין יענע צווי קליינע, טונקעלע צימערן פונעם קן און אינעם שמאָלן הויף נישט ווייט פונעם צענטראַלן סקווער אין שטעטל, האָט זיך פאַר די חברים אַנטפלעקט אַ נייע, גייסטיקע וועלט. דאָרט האָבן זיי פאַרברענגט אַ 3—2 שעה אין טאָג און אין די אַנדערע שעהן פון טאָג האָט מען געהאַט אַנדערע באַשעפטיקונגען. אָבער די עטלעכע שעה אין קן זענען געווען דער עיקר, דאָס דערהויבענע, אַנטקעגן וועלכע די אַנדערע צייט האָט אויסגעזען פוסט. אויסערלעך האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ קינדערשפּיל, אָבער די דאָזיקע שפּיל איז געווען אַן ערנסטע, מיט אַ ציל און טענדענץ.

היינט איז די יוגנט באַהערשט פון געפילן קעגן פאַרטייאישקייט און אידעאָלאָגיעס, קעגן באַשטימטע סטאַנדאַרטן. מען וויל זיך נישט צופיל אידענטיפיצירן מיט אַ טענדענץ, אַ באַוועגונג, נאָר אָפּהיטן פאַר זיך אינדיווידועלע פרייהייט. ס׳איז אָבער אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע „טענדענציעזקייט” פון „השומר הצעיר”, די דאָזיקע עקשנותדיקע קאָנצענטראַציע אַרום אַ באַשטימטן ציל — האָט געהאַרטעוועט דעם כאַראַקטער, געלייטערט די נשמה און צוגעגרייט די יוגנט צו בויען דאָס לאַנד, אויפשטעלן אַ נייע געזעלשאַפט, צו זעלבסט־פאַרווירקלעכונג, צו חלוציזם, עליה און צו אַ קיבוציש לעבן. צווישן דער

יידישער אָרעמקייט, אין אַן אַנטיסעמיטישער סביבה און אַ דערדריקנדיקערווירקלעכקייט — האָט געגומען שטראַלן אַ גרויס ליכט!

דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַ וואָגיקער פאַקטאָר אינעם אויסקריסטאַליזירן דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון דער יידישער יוגנט, אין איבערוועקסלען זיין שטרעבונג צו אַן אייגן פאָטערלאַנד, ווו ער זאָל קענען אָנגיין מיט אַ פולבלוטיק נאַציאָנאַל און זעלבשטענדיק יידיש לעבן, פריי פון דיסקרימינאַציעס און פאַרפאָלגונגען. אין אַ שטעטל ווי זשיכלין, ווו די יידישע באַפעלקערונג האָט געבילדעט אַ דריטל פון די איינוווינער, האָבן זיך גוט געלאָזט מערקן אַנטיסעמיטישע דערשיינונגען. יעדער צונויפטרעף פון יידישע קינדער, יעדער צונויפקום פון יידישע יוגנטלעכע, איז געווען באַגלייט מיט איבערפאַלן און שטיינער וואַרפן מצד פוילישע יוגנטלעכע, מיט דער דערמוטיקונג פון זייערע עלטערן, דערוואַקסענע ברידער און דעם רוב פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דעריבער איז אין דער טעטיקייט פונעם קן געווען אויך פאָרויסגעזען די מעגלעכקייט פון אַטאַקעס מצד פוילישע ייִנגלעך, וואָס נישט איינמאָל האָבן זיי זיך אָרגאַניזירט אין באַנדעס און געלויערט אויף די חברים פון „השומר הצעיר”, ווען זיי זענען אַוועק הינטערן שטאָט אויף דורכצופירן געוויסע טעטיקייטן. זייער כוונה איז געווען אַ קלאָרע: שלאָגן די „זשידעס”, נישט לאָזן זיי פאַרברענגען אויפן שויס פון דער נאַטור, וועלכע דאַרף בלייבן אַ ריין פוילישע...

זינט דער אַנטשטייונג פון קן, האָט ער געמוזט אָנווענדן ענערגישע מיט־לען כדי זיך קעגנשטעלן די דאָזיקע כוליגאַנישע שטיק און אַליין זיך פאַרטיידיקן, דער עיקר — די ייִנגערע חברים וואָס זענען קיין סך נישט אַריבער דעם עלטער פון 10 יאָר. זעלבשוץ, שטענדיקע וואַכזאַמקייט און אומאויפהערלעכער קאַמף מיט די אַנטי־סעמיטישע יוגנטלעכע, זענען געוואָרן אַן אומצעטיילבאַרער חלק פון דער טעטיקייט פון דער אָרגאַניזאַציע. דאָס האָט געשטאַרקט דעם גייסט און כאַראַקטער פון אונדזערע קינדער און זיי געלערנט זיך קעגנצושטעלן שטאַרקערע און גרעסערע אין צאָל פון זיי. דער קן האָט טאַקע קיינמאָל נישט רעזיגנירט פון זיינע אַקטיוויטעטן, אויספלוגן, שפילערייען און אונטערנעמונגען און תמיד גרייט געווען צו באַשיצן די פרייהייט פון זיין עקזיסטענץ, באַוועגונגען, און ווען נייטיק — ענטפערן מיט אַ קעגן־מלחמה.

די טעטיקייט פון זשיכלינער קן, לויט די בעסטע טראַדיציעס פון דער „השומר הצעיר” באַוועגונג, האָט אַרומגענומען סקויטישע דערציונג, ספּאָרט, קולטור־אַרבעט, אידעישע אויפקלערונג. די אויפגאַבע פונעם סקויטינג איז געווען אויסצוגלייכן דעם איינגעבויגענעם רוקן פונעם יידישן יוגנטלעכן און אים אַרויסנעמען פון די ענגע גלות־מויערן אין וועלכע ר׳איז געווען פאַרשפאַרט אַ סך יאָרן און אים ברענגען אויפן שויס

פון דער נאַטור, קרעפטיקן זיינע מוסקולן, אַנטוויקלען ביי אים דעם חוש פון געפינען זיך אין שטח, שטאַרקן זיין פלינקייט און אויסדויער אין אָנבליק פון שוועריקייטן. דעריבער איז אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער דערציערישער טעטיקייט געווען געווידמעט די איבונגען פאַר אָרדענונג, גימנאַסטיק, לאַגער־לעבן, סקויטישע שפּילערייען און אויספלוגן.

יעדן זומער האָבן די חברים פאַרבראַכט אַ צוויי וואָכן אין אַ זומער־לאַגער פאַרן גאַנצן ראַיאָן, מיטן אָנטייל פון הונדערטער יוגנטלעכע פון דער געגנט.

אין זשיכלין איז די סקויטישע טעטיקייט פונעם קן געפירט געוואָרן אויפן „שומרישן פעלד" — אַזוי האָט מען גערופן אַ נישט גרויסע לאָנקע אויסער דער שטאָט, אויף אַ זייטיקן וועג פונעם המשך פון דער פּאַשעצקע־גאַס. דאָ פלעגן זיך צונויפזאַמלען די קבוצות, פלוגות און גדודים אין די שבתדיקע פרימאָרגנס אָדער אין די פאַרנאַכטן פון וואָכנס־טעג און פאַרברענגען עטלעכע שעה אין פאַרשידענע סקויטישע און ספּאָרט־אונטערנעמונגען. דאָ פלעגן נישט איינמאָל פאַרקומען געשלעגן מיט פּוילישע יוגנטלעכע וועלן זיי האָבן פּרובירט אַטאַקירן און פאַרטרייבן אונדז פונעם פעלד, דאָס שטענדיקע אָרט פון אונדזערע צונויפקונפטן.

אָבער די עיקרדיקע באַמיונגען פונעם קן זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אויפקלערערישער, דערציערישער און אידעישער אַרבעט. אין זשיכלין איז נישט געווען קיין גימנאַזיע. די איינציקע העכערע שול איז געווען די האַנדלס־שול, וועמענס ניוואָ האָט זיך געגליכן מיט זעקס קלאַסן גימנאַזיע. די צאָל יידישע שילערס דאָרט איז געווען אַ זייער קליינע, בלויז איינצלנע פון קן האָבן געלערנט אין דער שול. דעריבער האָט די טעטיקייט פונעם קן באַדאַרפט דערגענצן, אָדער דינען אַלס עקוויוואַלענט פון דער שול אויפן אַלגעמיינעם און יידישן געביט. דער גרעסטער טייל אינסטרוקטאָרן האָט אויך נישט באַזיצט קיין מיטלשול־בילדונג. דאָס וואָס זיי האָבן יאָ פאַרמאָגט, איז עס געשען אַ דאַנק דעם אייגענעם ווילן און אָנשטרענגונג, ווי אויטאָדידאַקטן, אויסנוצנדיק יעדע פרייע שעה באַטאָג און ביינאַכט — צום לייענען און זעלבסטבילדונג. דאָס איז געווען אַ פאַרמעסט מיט ביכער, וועלכע ס'איז נישט געווען אַזוי לייכט צום פאַרדייען צוליבן פעלן פון עלעמענטאַרער בילדונג. דאָך איז אויף די קרייזן געפירט געוואָרן אַ וויכטיקע בילדונג־אַרבעט,ביים צוגרייטן רעפעראַטן און שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס — דורך די אינסטרוקטאָרן גופא, ווי דורך די פּשוטע מיטגלידער. דאָס וואָס די מדריכים האָבן אַליין דעראַבערט און איבערגעגעבן זייערע דערצויגלינגען — איז געקומען פון הארצן. אַזוי האָט מען דאָרט געלערנט אַלגעמיינע און יידישע געשיכטע, ליטעראַטור, ביאָלאָגיע, עקאָנאָמיע, פּאָליטיק, געשיכטע פון רעזשימען, פּסיכאָלאָגיע. מ'האָט זיך אויך

פאַרמאָסטן מיטן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, פאַרטיפט זיך אינעם פאָרשן די מקורות פון אַנטי־סעמיטיזם און זיך איינגעשאַפן די נייטיקע עלעמענטן כדי זיך אויסקריסטאַליזירן אַ וועלט־באַנעם. מיט דעם האָבן זיי נישט דעראָבערט פאַר זיך קיין פאָרמעלע, סיסטע־מאַטישע בילדונג, אָבער באַרייכערט זייער אָרעמע לערע און זיך פאַרוואַנדלט אין באַוווסטזיניקע מענטשן, וואָס מיט גייסטיקער מי און אומאויפהערלעכן אָנשטרענג האָבן זיי געזוכט אַ וועג אין דער געזעלשאַפט און אין דער וועלט.

אַ סך צייט האָט דער קן געווידמעט דעם לערנען די העברעישע שפּראַך, תנ״ך און די העברעישע ליטעראַטור. די מער דערוואַקסענע קרייזן זענען ביסלעכווייז אַריבער צו דער העברעישער שפּראַך, ביים פירן אַלע טעטיקייטן.

אַ סך מי איז געגעבן געוואָרן פאַר ארץ־ישראלדיקן חינוך. די עלטערע מדריכים וואָס האָבן שוין גוט געקענט העברעיש, האָבן אַלץ געטאָן כדי זיך צואייגענען וואָס מערער ידיעות וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד, וועגן געראַנגל פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, די דערפאַרונגען פון דער קיבוצישער באַוועגונג און די קאַמפן פון ,,השומר הצעיר״. זיי האָבן סטאַביל געלייענט דעם ,,דבר״ — די צייטונג פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט, אויך געלייענט די ,,כתובים״ און ,,טורים״ — די ליטעראַ־רישע זשורנאַלן. אַ ניי בוך פּראָזע אָדער פּאָעזיע וואָס איז אָנגעקומען פון לאַנד, דער עיקר יענע ביכער וועלכע האָבן באַהאַנדלט דאָס פּולסירנדיקע לעבן אין ארץ־ישראל, פלעגן ווערן ,,איינגעשלונגען״ און דינען אַלס טעמע פאַר געשפּרעכן און מיינונגען־אויסטויש. ארץ־ישראלדיקע לידער זענען געזונגען געוואָרן אויף פאַרזאַמלונגען, שמועסן און מסיבות פון קן. די לידער זענען געבראַנגט געוואָרן פון די זומער־לאַגערן, פון די צוזאַמענטרעפן מיט די שליחים אָדער פון באַזוכערס פון א״י. דער קן איז געווען אַ מין ארץ־ישראלדיק אינדזל אין דער אַרומיקער, גלותדיקער גראַקייט. די אַטמאָספער דאָרט איז געווען אַן ארץ־ישראלדיקע אין אַלע הינזיכטן. דער,,דאָרט״ איז געווען פיל וויכטיקער ווי דער ,,דאָ״. דאָס לעבן ,,דאָ״ איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ צייטווייליקייט, וועמענס איינציקער תכלית איז: צוגרייטן די יוגנט פאַר ,,דאָרט״.

פון דעם שטאַנדפּונקט איז כדאַי צו דערמאָנען די איבערגעגעבענע טעטיקייט פון די ,,השומר הצעיר״ חברים פאַרן קרן קיימת לישראל. אין די ,,בלימלטעג״, ביים אויסליידיקן די ,,בלויע פּושקעס״, ביים אָרגאַניזירן פייערונגען און פאַנטן־לאָטעריעס וואָס זייערע הכנסות זענען געווען באַשטימט פאַר קרן קיימת — האָבן בדרך כלל די חברים פון ,,השומר הצעיר״ פאַרנעמען דעם אויבנאָן.

דער וווקס פונעם קן האָט זיך געצויגן אַ פּופצן יאָר — פון סוף ערשטע וועלט־מלחמה ביז דער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן. דער קן האָט אין יענער תקופה נישט

געהאַט קיין קאָנקורענט. ס'איז געווען די איינציקע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין שטעטל. די קרייזן זענען געווען פאַרפולט און די גרייס פון קן איז געווען אָפּהענגיק אויסשליסלעך פון דער צאָל אינסטרוקטאָרן וואָס מ'האָט באַזיצט. ווי געזאָגט, האָט דער קן געציילט דאַמאָלט אַ 120 חניכים און איז באַטראַכט געוואָרן אָלס איינער פון די בעסטע און טעטיקסטע אָרגאַניזאַציעס אין ראַיאָן. אין יאָר 1927—28 איז דער סעקרע־טאַריאַט פאַרן גליל קוטנע־וולאָצלאַוועק איבערגעפירט געוואָרן קיין זשיכלין. דער שרייבער פון די שורות איז אַ געוויסע צייט געווען סעקרעטאַר פון גליל.

אין די שפּעטערע צוואַנציקער יאָרן, ווען דער „השומר הצעיר" האָט ענטגילטיק באַשלאָסן וועגן זעלבסט־פאַרווירקלעכונג פון אירע חברים וואָס מוזן עולה זיין און וועגן דער חלוצישער און קיבוצישער עקסקלוזיווקייט פון דער באַוועגונג, האָבן די עלטערע חברים פון קן אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן אויף הכשרה (צוגרייטונג) צו עליה. די ערשטע עולים פון קן זענען געווען די קינדער פון דער משפחה עלשטיין: מאיר, מרים און שרה, וואָס האָבן מיט דער גאַנצער פאַמיליע זיך באַזעצט אין ירושלים. נאָך זיי האָבן עולה געווען: חיה קעלמער, חיה טושינסקאַ, חנה זיגער ז"ל און מלכה רובין. מיטן פאַרקלענערן די צאָל סערטיפיקאַטן וועלכע די בריטישע מאַנדאַט־רעגירונג האָט צוגעטיילט, האָט די חלוצישע באַוועגונג געזוכט און געפונען אומדירעקטע וועגן פאַר עליה. אויף אָן אומדירעקטן וועג זענען אין 1932 עולה געווען די חברים: אברהם העלמער, זעלדע קליגער, פייגע קעלמער, יהודה זיגער און בונים שטיינבערגער (שפּעטער שמיר). ס'איז געווען אַ כלומרשט טוריסטישער באַזוך אין ארץ־ישראל צו דער וועלט־„מכביאַדע". אָבער אַ דאַנק דעם איז דער רוב געבליבן אין לאַנד אָלס אומלעגאַלע עולים.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן האָבן אויך עולה געווען: רבקה און פּנחס קאַנאַריק און חנה האַלצמאַן ז"ל.

מיט דער עליה פון די אויבנדערמאָנטע חברים וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער דער־וואַקסענער און אָנפירנדיקער שיכט און געטראָגן דעם עול אין משך פון אַ סך יאָרן — איז פאַרגעקומען אַן ענדערונג אין דער אָנפירונג. די יונגערע חברים האָבן פאַרגעזעצט מיט דערציערישער, קולטורעלער, אידעישער און סקויטישער טעטיקייט, לויט די בעסטע טראַדיציעס פון „השומר הצעיר", ווו איין דור גיט איבער דעם אַנדערן די אידעישע און דערציערישע ירושה פון דער באַוועגונג.

די יינגערע חברים האָבן אויך אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן אויף הכשרה און די עליה איז אָנגעגאַנגען מיט פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, ווייל צוליב די כמעט פאַרשלאָ־סענע טויערן פון לאַנד, איז בלויז איינצלנע חברים געלונגען אָנצוקומען צו די ברעגעס פון ארץ־ישראל.

פונעם יונגערן שיכט מדריכים האָבן אין יאָר 1934—35 עולה געווען חוה רובין (שמיר) און אליעזר קאַנאַריק.

ווי עס האָבן דערציילט די חברים וואָס זענען געבליבן אין זשיכלין, האָט די ירידה אין דער טעטיקייט פון קן זיך אָנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן. צו דעם צושטאַנד האָבן דערפירט אָביעקטיווע, ווי סוביעקטיווע סיבות. די עקאָנאָמישע לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער. די אַזוי אויך ווינציקע און אָרעמע פרנסה־קוואַלן פון דער יידישער באַפעלקערונג זענען געוואָרן נאָך מער איינגעשרומפּן און די אויסזיכט אויף באַשעפטיקונג איז געווען אַלץ שוואַכער.

יידישע יוגנטלעכע האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן ארבעט און אָן אַן אויסזיכט. די עליה־שוועריקייטן האָבן גורם געווען דערצו, אַז טויזנטער חלוצים האָבן נאָכן פאַרענדיקן די הכשרה געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן. יאָרן האָט מען געוואַרט אויף דעם כמעט אויסזיכטלאָזן שאַנס עולה צו זיין. אַ סך זענען אַריינגעפאַלן אין יאוש, זיך אומגעקערט אין די שטעט און שטעטלעך, צוריק צום דעגענערירנדיקן לעבן. אויך קיין זשיכלין האָבן זיך אומגעקערט אַ טייל פון די וואָס האָבן אַדורכגעמאַכט די הכשרה־קיבוצים. פאַר זיי איז שוין ניט געווען קיין מעגלעכקייט זיך אַריינצופלעכטן אין דער טעטיקייט פון קן און זיי האָבן פאַרלאָזט. די אונטערוואַקסנדיקע חברים האָבן ניט געאיילט זיך אַרויסצוגיין אויף הכשרה און אַזאַ צושטאַנד האָט נעגאַטיוו געווירקט אויף דער טעטיקייט פון קן. די באַוועגונג וואָס האָט זיך באַזירט אויף דעם פליכט פון זעלבסט־פאַרווירקלעכונג, הכשרה און עליה, האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר אַנטוויקלונג. בישט געווען קיין קאָוואַדלע צום האַמער.

אין אַלגעמיין האָט די אַטמאָספער זיך געביטן, צווישן דער יידישער יוגנט זענען פאָרגעקומען טיפע ענדערונגען. מיט היטלערס קומען צו דער מאַכט, וואָס האָט זיך נישט אָנגעשטויסן אויף קיין שום עפעקטיוון ווידערשטאַנד; מיטן פאַלן פון דער „רויטער" ווין; מיטן אונטערדריקן די רעוואָלוציאָנערע כוחות אין שפּאַניע און די פּראָצעסן אין ראַטנפאַרבאַנד — זענען אויסגערונען געוואָרן אַ סך האָפענונגען מיט וועלכע מ'האָט געלעבט אין די צוואַנציקער יאָרן. אָנשטאָט דעם גייסט פון אידעאַליזם וועלכער האָט געהאַט באַהערשט די יוגנט, זענען געקומען דערשיינונגען פון ציניזם; אָנשטאָט דער שטרעבונג צו אַ פולווערטיק אידעיש לעבן, האָט מען גענומען לעבן מיט דער שעה. אומזיכערקייט איז געקומען אויפן אָרט פון דער קלאָרער פּערעספּעקטיוו און געפלאָסטערטן וועג. די דאָזיקע אַטמאָספער האָט שווער געטראָפן אין דער יוגנט פון „השומר הצעיר" און טיף געווירקט אויף זייער צושטאַנד.

אַזוי האָט זיך געצייכנט דער באַרג־אַראָפּ פונעם קן מיטן דערנענטערן זיך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און דעם אומקום. די צאָל מיטגלידער איז געוואָרן קלענער. ס'איז אויך געפאַלן דער ניוואָ פון דער דערציערישער אַרבעט, אין פאַרגלייך מיט די מדריכים וואָס האָבן אין גרעסטן טייל פאַרלאָזט דאָס שטעטל און עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אין דער לעצטער תקופה פון דער עקזיסטענץ פונעם קן איז די אָנפירונג באַשטאַנען פון די חברים: ישראל לענטשיצקי (אַנטלאָפן קיין ראַטנפאַרבאַנד), יחיאל זיגער, גרונם אָפּאַטאָווסקי, חנה ליבפריינד און רבקה באָראָווסקאַ.

וועגן דער חורבן־תקופה איז שווער געווען דעם שרייבער פון די שורות צו באַקומען באַגלויביקע מאַטעריאַלן. בלויז געציילטע זענען לעבן געבליבן און אַ טייל פון זיי געפינען זיך אויסער ישראל. לויט דער ווינציקער אינפאָרמאַציע וועלכע מיר באַזיצן, איז מיטן אַריינמאַרש פון היטלעריסטישן אָקופּאַנט קיין זשיכלין, כמעט אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן די פּאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. אַוודאי האָבן זיך ייִדן צוזאַמענגעטראָפן, אָבער דאָס האָט שוין נישט געהאַט דעם כאַראַקטער און באַדייטונג ווי פאַר דער מלחמה. מ'האָט אָרגאַניזירט הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע, וואָס זייער צאָל איז כסדר געוואַקסן, צווישן זיי — פאַרווונדעטע, וועלכע מ'האָט געהאַלטן אין דער שיל און אינעם קלויסטער. צווישן די חברים פון „השומר הצעיר״ וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער הילף פאַר די געליטענע און פאַרוווּנדעטע, זענען געווען: פעלאַ מיכאַלסקאַ, באַלטשע כהן און מעלאַ רובין ז״ל.

אין יאָר 1940 איז אין זשיכלין געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ און אין יאָר 1942 זענען די זשיכלינער ייִדן אומגעקומען אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

אַזוי האָט אַ סוף גענומען צום זשיכלינער ייִדנטום, אַן אָרעמס מאַטעריעל, נאָר רייך אינערלעך, גייסטיק. אונדזערע ייִדן האָבן געטיילט דעם טראַגישן גורל פון די הונדערטער אַנדערע ייִדישע קהילות, פון וועלכע עס האָט אין די לעצטע דורות, פאַרן חורבן, אַרויסגעשפּראָצט די נאַציאָנאַלע רענעסאַנס־באַוועגונג פונעם פאָלק, צווישן אַלע זיינע שיכטן און וואָס יעדער פון זיי האָט לויט זיין כאַראַקטער און וועזן געגעבן דעם צושטייער פון איינזאַמלען די גלותן פונעם פאָלק אין זיין היימלאַנד.

מיר וועלן טראָגן אין אונדזערע הערצער דעם אָנדענק פון שטעטל און פון איר פעיקייט צו לעבהאַפטיקייט אין משך פון הונדערטער יאָרן; טראָץ די רדיפות, ליידן און נויט וועלן מיר שעפּן דערמוטיקונג אויף פאַרצוזעצן אונדזער קאַמף פאַר דער פולער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונג פון אונדזער פאָלק אין דער באַנייטער מדינת ישראל.

# די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אין זשיכלין

**משה זיגער**

די צווישן־שכנישע באַציונגען פון דער ידישער און פוילישער באַפעלקערונג ביז דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט, זענען אין זשיכלין געווען מער־ווייניק קאָרעקטע. אָבער מיטן פאַרשטאַרקן זיך פון דער עקסטרעם־אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע אין די דרייסיקער יאָרן, האָט דער גיפט פון יידן־שנאה זיך געלאָזט פילן אין שטעטל אַלץ מער און מער.

די יידישע יוגנט אין זשיכלין האָט זיך אויסגעצייכנט אויפן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן געביט, זי איז געווען דער טרעגער און אָנפירער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל און איז געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון קאַמף פאַר די פּאָליטישע און קולטור־אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערוגג.

מיטן פאַרלייגן די באַן־ליניע פון וואַרשע ביז דער פּרייסיש־רוסישער גרעניץ און די ליניע וואַרשע־לאָדזש, קומט פאָר אַ ברייטע, אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג אין מערב־פוילן. אויך זשיכלין גייט אַריין אין דעם באַן־קנופּ. די סטאַציע פּניעוואָ און שפּעטער זשיכלין האָט זיך געפונען בערך 2.5 קילאָמעטער פון שטעטל.

מיט דער שנעלער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג פון לאָדזש און אירע אַרומיקע שטעטלעך, ווערט אויך אונדזער שטעטל אַריינגעצויגן אין פּראָצעס פון אינדוסטריאַליזאַציע. אַזוי צ. ב. אַנטשטייט אַ גרויסע מעטאַל־גיסעריי אויף דער פּאָדוואַל־גאַס און שפּעטער — אויך אַ קלענערע גיסעריי פון אַנדזשעיעווסקין אויף דער נאַרוטאָוויטשאַ (בודזינער) גאַס. ס׳ווערן אויפגעשטעלט צוויי צוקער־פאַבריקן: איינע אין דאָבזשעלין, 1.5 קילאָמעטער פון שטעטל, און די צווייטע אַ קלענערע, די קראָנענבערג־בלאָך פאַבריק אויף דער „קוזשע־יאַמאַ” און אַ דאַמף־מיל פון משה־מענדל ווידיסלאַווסקי. די אַלע אונטערנעמונגען האָבן באַשעפטיקט צענדליקער אַרבעטער און אין סעזאָן־צייט פון די צוקער־פאַבריקן — הונדערטער אַרבעטער.

די דערמאָנטע דערשיינונג ברענגט אויך צו אַן אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג פון סוחרים־ און בעל־מלאכה־שטאַנד צווישן דער זשיכלינער יידישער באַפעלקערונג.

עס קומען אויף זאַקן־מאַכערס און וועבער־וואַרשטאַטן, וועלכע פירן אויס באַשטעלונגען פאַר לאָדזש. עס אַנטוויקלען זיך די ספּעציפישע יידישע פאַכן: שניידערס, שטעפּערס, היטלמאַכערס, שוסטערס, בלעכערס און אַנדערע. זיי באַשעפטיקן צענדליקער אַרבעטער ביי אַ הונגער־לוין און אַרבעט־צייט וואָס האָט זיך געצויגן 14—12 שעה אַ טאָג.

די דערמאָנטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע אַרבעט־מענטשן שאַפן אַ גינסטיקן באָדן פאַר די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. אַזוי ווערט אין 1903 געגרינדעט די ערשטע בונדישע אָרגאַניזאַציע דורך איטשע געצל, אַ ברודער פון פינטשע און אברהם געצל, וואָס וואַנדערט שפּעטער אויס קיין אַמעריקע. צו איר שליסן זיך אָן אַ סך אַרבעטס־מענטשן, צווישן זיי — אליעזר סקראָבעק, אַ ברודער פון שפּעטערדיקן גרינדער און טוער פון ס.ס., שמעון סקראָבעק.

אין יאָר 1905 ווערט אין שטעטל געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פון די ס.ס. (ציוניסטן־טעריטאָריאַליסטן — קעגנער פון דער קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ארץ־ישראל). אירע גרינדערס זענען געווען שמעון סקראָבעק (פאַקטישער אָנפירער), אַ גלענצנדער רעדנער, און מיין קוזין משה זיגער. די ס.ס.־אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט ביזן סוף 1907.

די שטעטלדיקע בעלי־בתים און קרעמערס פלעגן די סאָציאַליסטן רופן „אחדות־יונגען", ווייל זיי האָבן גערופן צו אייניקייט פון אַלע פּראָלעטאַריער.

די דערמאָנטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן געפירט אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט צווישן דער שטעטלדיקער אָרעמקייט. זיי האָבן געקעמפט פאַר דער עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג פון די שטעטלדיקע יידישע אַרבעטער. אין רעזולטאַט פון דעם קאַמף זענען דערגרייכט געוואָרן העכערע לוינען און געקירצטע אַרבעט־שעהן.

צו די יידישע סאָציאַליסטן (בעיקר און דורכויס צו די ס. ס. און „ציוניסטן־סאָציאַליסטן"), שליסן זיך אָן נישט נאָר אַרבעטער, נאָר אַ גרויסער טייל פון דער בעלי־בתישער קליינבירגערלעכער יוגנט. אין יאָר 1907 ווערט דורך די לאָדזשער פּועלי־ציון געמאַכט אַ פּרוּוו אויפצושטעלן אין זשיכלין אַ פּאַרטיי־גרופּע — אָבער אָן דערפאָלג.

## 2

מיטן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין די יאָרן 1907—1905 און דער עמיגראַציע פון די אָנפירנדע כוחות פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, ווערט אָפּגעטויט יעדע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטעטל און אַלע אַרבעטער־דערגרייכונגען ווערן ליקווידירט.

דער מער־אַנטוויקלטער טייל פון דער שטעטלדיקער יוגנט האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דער פאַרגליווערטער געזעלשאַפטלעכער לאַגע און געזוכט וועגן ווי

אַזוי צו ענדערן. דאַן קומט אויף דער געדאַנק צו עפענען אַ ביבליאָטעק. צו דעם צוועק ווערט אין פּורים 1910, אַראָפּגעבררענגט אויף אַ רעפעראַט אין שטאָט־טעאַטער (רעמיזע) דער באַקאַנטער שרייבער און פּובליציסט הלל צייטלין פון וואַרשע, וואָס רעפערירט אד״ט „אשור, ירושלים און רוים״. נישט געקוקט וואָס דער רעפעראַט האָט זיך צוליב דער פאַרשפּעטיקונג פון רעפערענט אָנגעהויבן 10 אַזייגער אָוונט, איז דער זאַל געווען איבערפולט און דער עולם האָט זייער וואַרעם אויפגענומען הלל צייטלין. אָבער צוליב די שטערונגען מצד דער צאַרישער מאַכט, איז די ביבליאָטעק נישט געעפנט געוואָרן.

מיטן צוריק באַזעצן זיך אין שטעטל פון יעקב זיידערמאַן און מיין ברודער יהושע, ווערט דורך זיי און מיט דער מיטהילף פון שלמה וייבער און יחיאל ביטש און דוד סקראַבעק (וואָס האָט זיך צייטווייליק געפונען אין זשיכלין), אונטערגענומען אַ באַנייטע איניציאַטיוו צו עפענען אַ ביבליאָטעק. ס'איז געפּלאַנט געוואָרן איינצואָרדענען רעפעראַטן פון י. ל. פּרץ און פון שלום עליכם, וואָס האָט דאַמאָלט געוויילט אין פּוילן. אָבער די אַלע פּלענער שטויסן זיך אָן אויף אַ קעגנערשאַפט פון די מאַכט־פאַקטאָרן — און דער פּלאַן גייט צייטווייליק אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג.

דער מלחמה־אויסברוך אין אויגוסט 1914 ברענגט צו אַ סטאַגנאַציע פון עקאָנאָמישן לעבן. עס שטעלן זיך אָפּ די צוויי צוקער־פאַבריקן. אויך די דאַמף־מיל אַרבעט כמעט נישט. דאָס ברענגט אַ פאַראָרעמונג ביי די אַרבעטער, בעלי מלאכות און אויך ביי די קליינע סוחרים.

די דייטשע אָקופּאַנטן, צוליב זייערע אינטערעסן צו געווינען די סימפּאַטיע פון אַ טייל פון דער באַפעלקערונג אין די אָקופּירטע געביטן אין פּוילן, האָבן דאַן געפירט אַ ליבעראַלע פּאָליטיק לגבי די יידן.

ביי דער געשאַפענער לאַגע ווערט דורך אַן איניציאַטיוו־גרופּע פון יהושע זיגער, יעקב זיידערמאַן, עטינגער, בוכהאַלטער און איידעם פון דעם באַזיצער פון דער דאַמף־מיל, משה מענדל ווידיסלאַווסקי און נאָך חברים, געעפנט אין אָקטאָבער 1915 די ערשטע יידישע ביבליאָטעק און לייען־זאַל אין שטעטל.

די ביבליאָטעק ציט אַריין אַ ברייטן קרייז פון יוגנט און העלפט איר קולטורעל זיך אַנטוויקלען. די ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט געבן צו לייענען ביכער. זי פירט אַדורך אַ פאַרצווייגטע ליטעראַריש־קינסטלערישע אַרבעט: דער קאָנצערט פון קאָמפּאָזיטאָר און פּיאַניסט בענסמאַן, ביי אַ פול געפּאַקטן זאַל פון שטאָט־טעאַטער, זומער 1916; ליטעראַריש־קינסטלערישע אָוונטן מיט אייגענע כוחות, די דראַ־מאַטישע און מאַנדאָלין־סעקציעס פירן אויס געלונגענע אונטערנעמונגען, ווי אויך רעפעראַטן פון די שרייבערס און פּובליציסטן מ. ווייסנבערג, בן־צפור און ש. סטופּניצקי.

3

א דאַנק דער מלחמה, באַזעצן זיך אייניקע אינטעליגענטע כוחות פון לאָדזש אין שטעטל, ווו די באַשפּייזונג איז געווען אַ בעסערע צוליב איר נאָענטקייט פון דאָרף. די אַלע וואַרפן זיך אַריין אין דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַזוי ווערן ביי די וואַלן צו דער ביבליאָטעק־פאַרוואַלטונג, אָנפאַנג 1916, געוויילט, חוץ די אויבנ־דערמאָנטע גרינדערס, אויך דוד שטיינבערג (שמיר), יחיאל ביטש, פינטשע געצל, גאַמבינסקי און יחיאל לאַנדשנידער.

עס גרינדעט זיך אויך אַ טורן־און ספּאָרט־פאַראיין, וועלכער פירט אַדורך גלענצנדע ספּאָרט אויפטריטן אונטער דער אָנפירונג פון די געניטע אינסטרוקטאָרן, די ברידער זיידע. דער פאַראיין ציילט צענדליקער מיטגלידער.

אויך אויפן אַרבעטער־פראָנט בלייבט נישט קיין ליידיקער חלל. צווישן די צייט־ווייליק זיך באַזעצנדיקע משפחות פון לאָדזש, קומט אויך אין שטעטל די אַרבעטער־משפחה זשולטי. זייער זון וואָווע, אַ וועבער־אַרבעטער פון לאָדזש און חבר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, נעמט די איניציאַטיוו פון אויפשטעלן אין זשיכלין אַ „בונד", וועלכער ציט אַריין אַ סך אַרבעטער אין זיינע רייען.

אין 1914 קומט צוריק מיין קוזין משה זיגער, אַ פּועלי־ציוניסט, פון דער עמיגראַציע אין דער שווייץ. אין סוף 1916 גרינדעט ער אַ פּועלי־ציון גרופּע אין שטעטל. לויט אַ הסכם פון דער גרופּע און דעם „בונד", ווערט געעפנט אַ לעגאַלער אומפּאַרטייאישער אַרבעטער קולטור־פאַריין „צוקונפט". צענדליקער אַרבעטער און בעלי־הבתישע יוגנט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער „צוקונפט". דער לאָקאַל איז געווען יעדן אָוונט פול געפּאַקט, אַ געזאַנג האָט זיך געהערט אין די אַרומיקע גאַסן.

2 מאָל אין וואָך זענען דאָרט פאָרגעקומען רעציטאַציעס פון די בעסטע שאַפונגען פון דער יידישער ליטעראַטור און נאָך די רעציטאַציעס — שמועסן איבער די רעציטירטע ווערק. עס קומען אָפט פאָר רעפעראַטן איבער פאַרשידענע קולטור־טעמעס — אַלץ מיט אייגענע כוחות.

אָבער די אידיליע האָט לאַנג נישט געדויערט. דעם פּאַרטייאישן כאַראַקטער וואָס דער „בונד" האָט געוואָלט אַרויפצווינגען אויף די מיטגלידער פון „צוקונפט" און אויף די קולטור־אונטערנעמונגען, האָט דערפירט צו אָפטע קאָנפליקטן און סקאַנדאַלן. די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט, אויסנוצנדיק די לאַגע, האָט אויפגעלייזט די „צוקונפט". פּועלי־ציון ברייטערט אויס איר השפּעה. סוף 1917 ברענגט זי אַראָפּ פון וואַרשע דעם רעדנער בריקסמאַן, וועלכער רעפערירט וועגן פּועלי־ציון פּראָגראַם אין גרויסן לעזער־זאַל ביי

דער ביבליאָטעק. נאָך זיין רעפעראַט שליסן זיך אָן אין דער פּאַרטיי אַ סך אַרבעטער, צווישן זיי: יעקב זיידערמאַן, יהושע זיגער און שמעון מיידאַט.

4

צוויי מאָל אין וואָך אָרדנט איין פּועלי־ציון אומלעגאַלע קרייזלעך, מיט וועלכע ס׳האָט אָנגעפירט יעקב זיידערמאַן, יהושע זיגער, שמעון מיידאַט און קאַץ (פון קוטנע). אין די קרייזלעך האָט מען געלערנט מאַרקסיזם, באָראָכאָוויזם און קולטור־געשיכטע.

נאָך דער ערשטער גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דער פּועלי־ציון אָרגאַניזאַציע סוף 1917, אין דער וווינונג פון העברעיש־לערער מייזל, ווערט געוויילט אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס גייען אַריין: מיין קוזין משה זיגער, יעקב זיידערמאַן, מיין ברודער יהושע זיגער, שמעון מיידאַט און נאָך חברים, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

זומער 1918 האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט געגעבן פּועלי־ציון די דערלויבעניש צו עפענען די „אַרבעטער־היים״. פאַר דעם צוועק האָט מען געדונגען אויף דער פּאָשעבער גאַס אַ 4־צימערדיקע דירה. זייער טעטיקייט ווערט אויסגעברייטערט אויף אַלע געביטן. די צאָל חברים אין דער „אַרבעטער־היים״ גייט אַריבער די הונדערט. עס קומען פאַר




די „פרייע אַרבעטער־יוגנט״ פון לינקע פּועלי־ציון אין זשיכלין

רעפעראַטן מיט אייגענע און פרעמדע כוחות איבער פאַרשיידענע פּאָליטישע און קולטור־טעמעס, ווי אויך קעסטל־אָוונטן. ביי דער „אַרבעטער־היים" שאַפט זיך אַ דראַמאַטישע סעקציע.

אויף דער איניציאַטיוו פון פועלי־ציון שאַפן זיך אייניקע פּראָפ. פאַריינען: נאָדל־אַרבעטער, לעדער און הויז־דינערשאַפט, וועלכע פירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישע לאַגע. די פועלי־ציון גרינדעט אויך אַ יוגנט אָרגאַ־ניזאַציע, וועלכע נעמט אַריין צענדליקער יוגנטלעכע פון דער אָרעמער און בעל־הבתישער יוגנט.

מיטן אויפקום פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט אין 1918 און די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, ווערט דאָס לעבן פּאָליטיזירט אין גאַנצן לאַנד. אין יענע טעג דערטראָגן זיך קלאַנגען, אַז עקסטרעמע אַנטיסעמיטישע עלעמענטן קלויבן זיך אַדורכצופירן אַ פּאָגראָם אויף דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. אויף דער איניציאַטיוו פון זשיכלינער פועלי־ציון קאָמיטעט קומט פאָר אַ באַראַטונג פון אַלע פּאָליטישע אָרגאַ־ניזאַציעס וועגן שאַפן אַ זעלבשוץ. דער קאָמיטעט האָט צו דעם צוועק איינגעקויפט אַ ביסל געווער. עס האָט זיך אָבער געענדיקט מיט די בלויזע קלאַנגען.

אויף דער נישט־יידישער גאַס פירט די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אַ ברייטע טעטיקייט. ווי אין גאַנצן לאַנד, ווערט אויך אין שטעטל געשאַפן אַן אַרבעטער־ראָט פון פּוילישע און יידישע אַרבעטער, אין יאָר 1919. ביי די וואַלן צום אַרבעטער־ראָט פירן דאָן אַדורך פועלי־ציון די גרעסטע צאָל פאַרטרעטער פון דער אָרעמער יידישער באַפעל־קערונג. די פּאַרטיי שאַפט אויך אַ געברויכס־קאָאָפּעראַטיוו „אחדות", וועלכער עקזיסטירט אַ קורצע צייט. צו דער פאַרוואַלטונג פון דעם קאָאָפּעראַטיוו האָבן געהערט: משה אברהם שוואַרצבערג, דוד שוואַרץ, אהרון, ישראל און וואָלף לעמבערג און אַנ"ד.

ביי די וואַלן צום סיים (פּוילישער פּאַרלאַמענט) באַקומען די פועלי־ציון 40 פּראָצענט שטימען פון דער יידישער באַפעלקערונג. אַזוי זענען די לינקע פּוע"צ פאַרטרעטן אין שטאָטראָט און אין דער קהילה ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיטן סוף פון דער פּויליש־סאָוויעטישער מלחמה אין 1921, קערן זיך שוין נישט צוריק קיין זשיכלין אַ סך פון דער שטעטלדיקער יידישער יוגנט, אָדער זיי וואַנדערן אויס. די געשאַפענע לאַגע ברענגט צו אַ צייטווייליקער אָפּשוואַכונג פון דער פּאַרטיי־טעטיקייט.

דאָס אָוועקגיין פון אַ גרופּע פועלי־ציוניסטן, מיט שמעון מיידאַט בראש, צו די קאָמוניסטן, און פון אַ צווייטער גרופּע — צו די רעכטע פועלי־ציון, שוואַכט נישט אָפּ די לינקע פועלי־ציון. זי בלייבט אַלץ די שטאַרקסטע אַרבעטער־פּאַרטיי אין שטעטל.

אויפן אַרט פון די אויסגעוואַנדערטע אָדער אָוועקגעגאַנגענע חברים, שטעלן זיך צו פרישע כוחות, וואָס צוזאַמען מיט די פריערדיקע אַקטיוויסטן, פירן זיי אָן מיט דער אַרבעט אויפן פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטור־געביט. די לינקע פּועלי־ציון גרינדעט פאַריינען פון אַלע פאַכן, וועלכע נעמען אַרום אַלע שטעטלדיקע אַרבעטער, אָן חילוק פון פּאָליטישער אָנגעהעריקייט. די פּראָפ. פאַריינען פירן אַדורך געלונגענע שטרייקן, וועלכע ברענגען צום העכערן פון די לוינען און קירצונגען פון די אַרבעט־שעהן.



דער קאָמיטעט פון לינקע פּועלי־ציון אין זשיכלין מיטן ח׳ משה זיגער, צו זיין עולה זיין קיין א״י

אויף דער איניציאַטיוו פון די לינקע פּועלי־ציון ווערט געשאַפן אַ צענטראַל־ביוראָ פון אַלע פּראָפ. פאַריינען אין שטעטל. אין יאָר 1924 ווערט דורכגעפירט אַ געלונגענער בעקער־שטרייק פון יידישע און פּוילישע אַרבעטער, וועלכער ברענגט לוין־העכערונג.

אויפן אָרט פון דער אויפגעלייזטער „אַרבעטער־היים" דורך דער פּוילישער מאַכט, עפענען די לינקע פּועלי־ציון די געז. אָוונט קורסן פאַר אַרבעטער. ביי דער געזעלשאַפט שאַפט זיך אַ טורן־ און ספּאָרט־סעקציע, אָנגעפירט (ביז זיין אָפּפאָר קיין אַמעריקע) דורך משה דאַווידאָוויטש.

לויט אַ באַשלוס פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער פון דער

ביבליאָטעק, ווערט זי אָנגעשלאָסן אין דער „געזעלשאַפט אוּנט־קורסן פאַר אַרבעטער" אין זשיכלין.

אויף דער איניציאַטיוו און אַקטיווער הילף פון די לינקע פועלי־ציון עפנט זיך אין שטעטל אַן אָפּטיילונג פון דער צ. י. ש. אָ. (צענטראַלע יידישע שול־אָרגאַניזאַציע) אין פוילן, וועלכע פירט אַ ברייטע טעטיקייט. אין דער אָרגאַניזאַציע נעמען אַנטייל מיטגלידער פון „בונד", פאָלקיסטן און אומפּאַרטייאישע.

5

בעת מיין באַזוך אין שטעטל אין סוף 1937, האָט זיך נאָך געפירט די טעטיקייט פון אַלע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, אָבער אָן דעם אַמאָליקן פלאַם.

די נאַציישע בעסטיעס האָבן אין מערץ 1942 פאַרניכטעט אין כעלמנאָ די זשיכלינער יידן. אַזוי איז אָפּגעמעקט געוואָרן די יידישע קהילה אין זשיכלין. זאָלן מיר, די לעבן געבליבענע, טראָגן דעם אָנדענק פון איר הערלעכן עבר.

# אין נאָמען פון פאָלקס־מענטש

## יהושע וואָידיסלאַווסקי

זשיכלין האָט זיך געפונען צווישן קוטנע און לוויטש, אין דער וואַרשעווער וואָיעוואָדשאַפט. אין שטעטל האָבן געלעבט קרוב 3500 יידישע נפשות. די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון האַנטווערקער און קליינהענדלער. די האַנטווערקער פלעגן ציען זייער יניקה פון דער שטאָטישער, ווי אויך פון דער אַרומיקער דאָרפישער באַפעלקערונג; די קליינהענדלער, אַגב דער גרעסטער טייל יידן פון שטאָט, האָבן געלעבט פון די מאַרק־טעג, וועלכע פלעגן פאָרקומען צוויי מאָל אין וואָך.

זשיכלינער יידן האָבן געצויגן חיונה אַ דאַנק די אַרומיקע צוקער־פאַבריקן — אין דאַבזשעלין, מאַדעל און אופּאַראָוו.

זשיכלין איז געווען אַ שטאָט מיט אַ שטאָטראָט פון 24 ראַטמענער — יידן און נישט יידן. אין שטאָט זענען געווען 60% יידן און 40% נישט קיין יידן. לויט דער דאָזיקער פּראָצענט־נאָרמע, האָבן די יידן געדאַרפט זיין אַ מערהייט אין שטאָטראָט. אָבער דער סטאַראָסטע האָט זיך באַמיט צו פאַרגרעסערן די צאָל נישט יידישע ווילערס

אויף אַזאַ אופן, אַז די באַפעלקערונג פון די פעריפעריעס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין דער שטאָט און צוליב דעם איז די יידישע באַפעלקערונג פאַרבליבן אַ מינדערהייט.

### פּאַרטיי־לעבן

זייער אַן אַקטיווע ראָל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון זשיכלין האָבן געשפּילט די פאַרשידענע פּאַרטייען. געווען זענען זיי פינף, אָבער די אַקטיווסטע זענען געווען: פּועלי־ציון (רעכטע), פּועלי־ציון (לינקע), די געזעלשאַפט אָוונט־קורסן און „אגודת בני ציון". אָבער פּאַקטיש האָבן זיך אויסגעצייכנט די צוויי פּועלי־ציון פּאַרטייען. זיי פלעגן דורכפירן הונדערטער אינטערווענצן אין מאַגיסטראַט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג סיי אויפן געביט פון שפּיטאָל־וועזן, סיי אין שייכות מיט די הויכע שטייערן וואָס זענען געפאַלן צו לאַסט דעם יידישן קליינהענדלער און האַנטווערקער.

ס'איז נישט לייכט געווען צו זיין אַ ראַטמאַן אין זשיכלינער שטאָטראַט, בפרט פון אַ פּאַרטיי, וואָס האָט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די פאָלקס־מענטשן. טאָג־איין, טאָג־אויס — אינטערווענצן, שתדלנותן. דער שרייבער פון די שורות האָט זיין מאַנדאַט ערלעך זיך פאַרדינט און ווי געהעריק אויסגעפירט זיינע צוזאָגן בעת די וואַלן. אין רעזולטאַט איז פאַרדאָפּלט געוואָרן די צאָל אָפּגעגעבענע שטימען צו דער נאָענטסטער קאַדענץ. דאָס איז געווען דער בעסטער צייכן פון אָנערקענונג מצד די וויילערס.

### די יידישע קהילה

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז אונדזער אַרבעט אין דער קהילה. ביז מיר האָבן אָנטייל גענומען אין דער טעטיקייט פון דער קהילה איז איר הויפּט־זאָרג באַשטאַנען אין באַזאָרגן מיטן געהאַלט דעם רב, די שוחטים, דעם חזן אאַנ"ד. פאַר די וואַלן האָבן מיר דערקלערט עפנטלעך, אַז מיר פאַרלאַנגען אז אונדזער קהילה זאָל זיין אַ מאָדערנע, זי זאָל פאַדערן אַ פרייע עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל, וועלכע איז דאַן געווען באַגרענעצט דורכן לאָרד פּאַספילד; אַז די קהילה זאָל אונטערשטיצן מאַטעריעל די חלוצים וואָס דאַרפן עולה זיין און באַזיצן נישט דערצו קיין געלט־מיטלען; זי זאָל סובסידירן דעם קרן־קיימת און קרן היסוד און דעם פּאַלעסטינער אַרבעטער־פאָנד.

צום שבח פון דער זשיכלינער באַפעלקערונג דאַרף באַמערקט ווערן, אַז זי האָט אין אַלע צייטן און בעת אַלע אַקציעס אַרויסגעוויזן גרויסע סימפּאַטיעס פאַרן ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק, געשטיצט אַלע נאַציאָנאַלע פאָנדן, מאַסנווייז באַזוכט אַלע אונדזערע פאַרלעזונגען — סיי פּאָליטישע, סיי ליטעראַרישע.

מיר האָבן געפירט אַ פאַרצווייגטע קולטור־אַרבעט. אויף אונדזערע איינלאַדונגען

האָבן באַזוכט זשיכלין מיט רעפעראַטן — דער סיים־דעפּוטאַט ד״ר יצחק שיפּער ז״ל, מ. ניישטאַדט ז״ל, דב־בער מאַלקין ז״ל, ריטאָוו אאַנ״ד.

ביי אונדז האָט אויך גאַסטראָלירט דער אַקטיאָר אברהם מאָרעווסקי און נאָך אַנגעזעענע קינסטלערס.

ביי דער פּועלי־ציון פּאַרטיי צ. ס. איז געווען אָרגאַניזירט אַ מוסטערהאַפטע יוגנט — „פרייהייט", וועלכע האָט געפירט אַ זייער אַקטיווע פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע טעטיקייט. פון צייט צו צייט זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן באַגעגענישן מיט דער פּוילישער יוגנט פון פּ. פּ. ס., צוזאַמען מיט זיי אָרגאַניזירט די 1טע מאַי דעמאָנסטראַציע אין זשיכלין און מאַרשירט איבער דער הויפּט־גאַס. אַזאַ דרייסטקייט האָט אפילו דער „בונד" אין קוטנע זיך נישט דערלויבט. כדאַי צו דערמאָנען, אַז די אידעישע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אַרבעט איז אין יענער צייט געפירט געוואָרן דורך די חברים ג. דאַווי־דאָוויטש און מ. ווערמאַן. ביידע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון כעלמנאָ.

## דאָס באַנקוועזן

ווי נאָר ס'איז באַקאַנט געוואָרן אין דער יידישער פּרעסע, אַז דער רעוויזיאָנס־פאַרבאַנד פון דער יידישער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין פּולין מיטן זיץ־אָרט אין וואַרשע איז גרייט צו שטיצן מיט ביליקע קרעדיטן אַלע קאָאָפּעראַטיווע געלט־קאַסעס, האָבן זיך ביי אונדז געשאַפן צוויי לאַגערן צו גרינדן אַ קאָאָפּעראַטיווע ליי־באַנק:

די אַלגעמיינע ציוניסטן בראש מיט ישראל כאַלעמסקי האָבן געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע קאַסע א.ב. „קאַסאַ פּאַזישטשקאָוואַ" מיט באַגרענעצטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

די האַנטווערקער און קליינהענדלער האָבן געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק א. ג. „באַנק זשעמיאַסלאַ אי דראָבניך קופּצוווי", אויך מיט באַגרענעצטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

ביידע קאַסעס האָבן אַנטוויקלט אַ ברייטע טעטיקייט און אַרויסגעגעבן הלוואות, דורכגעפירט פאַרשידענע באַנק־מאַניפּולאַציעס. אָבער דעם הויפּט־ציל פון פאַרבאַנד — ביליקע קרעדיטן — האָבן ביידע קאַסעס נישט דערגרייכט, ווייל דער שטאַנדפּונקט פון פאַרבאַנד פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע איז געווען, אַז אין אַזאַ קליינער שטאָט ווי זשיכלין דאַרפן נישט עקזיסטירן צוויי געלט־קאָאָפּעראַטיוון, נאָר איינער, און אַז ביידע קאַסעס דאַרפן זיך צענויפגיסן אין איין גרויסער אינסטיטוציע. וועגן אַנערקענען אָבער בלויז איינע פון די קאַסעס — איז נישט געווען קיין רייד. קלאָר, אַז צוליב דעם האָבן ביידע נישט געקאָנט געניסן פון ביליקע קרעדיטן.

מיט וואָס דער שטורעם האָט זיך פאַרענדיקט, איז מיר נישט באַקאַנט. איך מיט מיין משפחה זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל אין אַפּריל 1934.

**חבל על דאבדין ולא משתכחין**

מיט גרויס צער דערמאָנען מיר אַלע זשיכלינער יידן, אומשולדיק אומגעבראַכטע און ספּעציעל די וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אַקטיווער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אַרבעט.

זיי, די געוועזענע מיטהעלפער ביים זאָרגן און פאַרזאָרגן די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג ;

די קעמפער פאַר דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציע און ייוואָ ;

די אַקטיווע מיטאַרבעטערס פון קרן קיימת, קרן היסוד און אַנדערע פאָנדן.

גרויס איז דער ווייטיק ביים דערמאָנען זיי אַלע, ווי אויך די פיל אַקטיווע טוערס פון די אַנדערע ריכטונגען אין זשיכלין, מיט וועלכע איך פלעג זיך טרעפן אויף זיצונגען און ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

דאָס פוילישע יידנטום, צווישן זיי אויך דאָס זשיכלינער — עקזיסטירט נישט מער. זייער רייכע טעטיקייט — ליטעראַרישע, ציוניסטישע און קולטורעלע איז געוואָרן אָפּגעמעקט. פאַרשוווּנדן דער גרויסער מענטשן־רעזערוואַר, חלוצים, ציוניסטן, עמך־יידן. כבוד זייער אָנדענק!




פאַרוואַלטונג פון גמילות־חסד קאַסע אין זשיכלין

# אַ שפּרודלדיק געזעלשאַפטלעך לעבן

## מיכאל שוואַרצבערג

ווי דורך אַ קאַלײדאָסקאָפּ גייען פאַרביי אין מיין דמיון דרייסיק יאָר לעבן אין זשיכלין, וואָס שליסן זיך אָפּ מיטן פאַרלאָזן זי אויף שטענדיק. ס'איז נאָר אַלץ שווער צו גלויבן, אַז די אַלע טייערע יידן, יונג און אַלט, זענען שוין מער נישטאָ, אַז ס'זענען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער אויבערפלאַך די פאַרצווייגטע קולטורעלע, פּאַרטייאישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס. ווייל זשיכלין, ווי פיל אַנדערע פּראָווינץ־שטעטלעך אין פּוילן, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט לעבעדיקייט, מיט אַן אינטענסיוון קולטור־געזעלשאַפטלעכן און פּאַרטייאישן שוווּנג — פון אגודה ביז קאָמוניסטן. אָבער אין אַלגעמיין גענומען, איז די יידישע יוגנט אין שטעטל געווען נאַציאָנאַל געשטימט.

**מיין פאָטערס הויז**

מיין פאָטער יצחק בן יעקב ע"ה, איז געווען אַ בעל־משפחה פון אַכט קינדער און שווער געהאָרעוועט, צוגלייך מיט די אַרבעטער וואָס ער האָט באַשעפטיקט. נישט געקוקט אויף זיין פּאַריאַגטקייט מיט דאגות־פרנסה, האָט מיין פאָטער אַלץ געטאָן, אַז די קינדער זאָלן באַקומען אַ געהעריקע נאַציאָנאַל־רעליגיעזע דערציונג. ער איז אויך געווען שטאַרק טעטיק ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, אַן אקטיווער ציוניסט. זיין הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן מענטש. יידן פלעגן קומען טעגלעך לייענען אַ צייטונג, ווייל נישט יעדערער האָט זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס פון קויפן זי, און צוויי־דריי מאָל אַ וואָך פלעגן סתם יידן פון אַלערליי פּאָליטישע שאַטירונגען זיך צוזאַמענקומען אין אונדזער היים לייענען, שמועסן שעהן־לאַנג, דיסקוטירן וועגן אַלערליי פּראָגן. אָבער שטענדיק האָט די דיסקוסיע זיך פאַרקערעוועט אין דער זעלבער ריכטונג: ארץ־ישראל, ציוניזם, „בונד". פון די אָפטע אַריינגייערס (אין זשיכלין פלעגט מען זאָגן „סטאַלע געסט"), געדענק איך יאָסל ראָזענגאַרטן, יחזקאל קרוק, מיכאל לייזעראָוויטש און איטשע זייפערט. אָבער זיי זענען געווען נאָר אַ קליינער טייל פון אונדזערע הויז־געסט.

הגם איך בין נאָך געווען זייער יונג, פלעג איך זיך צוהערן מיט גרויס אינטערעס צו די שמועסן און וויכוחים. מיין פאָטער איז גראָד געווען צופרידן פון דעם און זעענדיק אַז פּאָליטישע דיסקוסיעס אינטערעסירן מיך, פלעגט ער פון צייט צו צייט מיך מיטנעמען

אין ציוניסטישן לאָקאַל. איך געדענק נאָך קלאָר, ווי כ׳האָב צוזאַמען מיט מיין פאָטער ע״ה בייגעוווינט אַ יאָרצייט־אַוונט נאָכן גרויסן וויזיאָנער פון דער ידישער מדינה ד״ר הערצל. אויפן וועג אַהיים האָט מיין פאָטער מיט שטאָלץ מיר דערציילט, אַז שוין אין יאָר 1901 האָט אין אונדזער שטאָט עקזיסטירט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

**די ערשטע טריט**

אין יאָר 1920, זייענדיק נאָך אין דער ישיבה, בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רייען פון דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט. צו יענער צייט, נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, איז אַ גרויסער טייל פון דער שטעטלדיקער יוגנט מיטגעריסן געוואָרן מיט די נייע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן פון מזרח. איך אָבער, זייענדיק אונטער דער השפּעה פון מיין פאָטערס הויז, בין נישט פאַרשלעפּט געוואָרן מיטן נייעם שטראָם. כ׳בין אָוועק אין דער ריכטונג וועלכע האָט סוף־סוף דערפירט צו דער באַפרייונג פון ידישן פאָלק אין זיין אייגן לאַנד. דאָס האָט יעקב זיידערמאַן מיך אַריינגעבראַכט אין די יוגנט־רייען פון פּועלי־ציון. (מען פלעגט אים רופן „דער טאַטע פון דער יוגנט״). פון צייט צו צייט פלעגט ער מיט אונדז שמועסן איבער פאַרשידענע אַקטועלע טעמעס, געבן אָפּהאַנדלונגען איבער ביכער, רעדן וועגן דער באַדייטונג פון ליטעראַטור, ציוניזם, סאָציאַליזם. מיר זענען געווען פאַרטיילט אין קרייזן, לויט די פאַרשידענע פאַראינטע־רעסירונגען. אין אָט דער סביבה האָב איך זיך שנעל איינגעלעבט און געפילט גוט.

אין אויגוסט 1920 איז אין ווין פאָרגעקומען די וועלט־קאָנפערענץ פון פּועלי־ציון. צו יענער צייט האָט די באַוועגונג זיך געשפּאָלטן אויף „רעכטע״ און „לינקע״. בעת די רעכטע זענען אַריינגעטראָטן אין דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און דערנאָך זיך באַטייליקט אין די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָבן די לינקע אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט מאָסקווע וועגן אַריינגעמען זיי אין דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

אויך אין אונדזער שטעטל איז אָנגעגאַנגען אַן אויפקלערונג־אַרבעט און אַגיטאַציע פון ביידע צדדים. אין זשיכלין האָט די אָפּיציעלע ליניע פון פּועלי־ציון זיך פאַר־קערעוועט אויף לינקס. אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די יוגנט איז נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט אָנגענומען דעם באַשלוס פון „לינקס״. צווישן די יוגנטלעכע זענען געווען צוויי חברים, וועלכע האָבן אַבסאָלוט נישט מסכים געווען מיט דער שטעלונג פון דער מערהייט: יעקב משה ווערמאַן און פּנחס דאַווידאָוויטש. זיי האָבן אויף אייגענער האַנט אָנגעהויבן אַן אויפקלערונג צווישן דער יוגנט פאַר אָננעמען די „רעכטע״ שטעלונג. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען דאָס ערשטע קערנדל פון די רעכטע

פועלי־ציון אין זשיכלין. אין יאָר 1921 האָט די גרופּע געציילט פאָלגנדע חברים: די אויבנדערמאָנטע צווי איניציאַטאָרן, נח ראָזענגאַרטן, בונם באָרנשטיין, אברהם חודע, משה יאַצקאָווסקי, ח. וו. זאַנדבערג, לייבל ראָזענבערג און דער שרייבער פון די שורות. מיר האָבן געמוזט אָנגיין מיט אונדזער אויפקלערונג־אַרבעט בסוד, ווייל דאָס איז געווען קעגן דער אָפיציעלער שטעלונג פון דער פאַרטיי.

ביי די „צעירי־ציון״ האָבן מיר גענומען שקלים צום צוועלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס און אַרומגעגאַנגען איבער דער שטאָט זיי פאַרקויפן. ווען די פאַרטיי האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדזער אַרבעט, זענען מיר אויסגעשלאָסן געוואָרן פון אירע רייען. אַזוי אַרום זענען מיר געווען געצוווּנגען זיך צו דערקלערן אָפיציעל אַלס „רעכטע פועלי־ציון״.

דעם זעלבן יאָר האָבן מיר איינגעלאַדן דעם חבר ש. יוריס פון וואַרשע. היות זיין פאָרלעזונג איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג, האָבן מיר באַקומען קוראַזש פאַר ווייטערדיקער אַרבעט. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט אונדזער ראַיאָן־שטאָט — וולאָצלאַוועק, און אין רעזולטאַט האָט אונדז באַזוכט חבר יוסף האָרן, וועלכער האָט מיט אונדז געהאַט לענגערע שמועסן און געגעבן ריכטליניעס פאַר ווייטערדיקער טעטיקייט.

אין זעלבן יאָר איז אויך פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון די רעכטע פועלי־



יוגנט־אָרגאַניזאַציע „פרייהייט״ פון רעכטע פועלי־ציון אין זשיכלין

ציון אין וואַרשע. מיר זענען שוין געווען גענוג שטאַרק, כדי צו שיקן אַן אייגענעם דעלעגאַט צו דער קאָנפערענץ, דעם עלטערן חבר י. זיגער. היות מיר האָבן נישט געהאַט קיין אייגענעם לאָקאַל און די צעירי ציון האָט נישט פאַרמאָגט איר אייגענע יוגנט, איז אויף אַ נאַטירלעכן אויפן געקומען צו אַ דערנענטערונג צווישן בײדע צדדים. אַן אַ פאַרמעלן אָפּמאַך האָט „צעירי־ציון" אונדז אויפגענומען אין זייער לאָקאַל און געגעבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אונדזער אַרבעט, דער עיקר — אַדורכפירן אַ ווערביר־אַקציע פאַר צוציען נייע יוגנטלעכע אין אונדזערע רייען.

### די פאַראייניקונג

אין יאָר 1923 זענען פאָרגעקומען די אָפיציעלע פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ פאַראייניקונג צווישן רעכטע פועלי־ציון און צעירי־ציון. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז אין אונדזער שטאָט אָנגעגאַנגען אַ צוזאַמענאַרבעט צווישן בײדע פאַרטייען. היות ס׳זענען נישט געווען צווישן אונדז קיין אידעישע חלוקי־דעות, האָבן מיר באַשלאָסן אָפיציעל צו פאַראייניקן זיך און וועגן דעם געמאָלדן דעם צ.ק. אין וואַרשע, וועלכער איז געווען דערפון שטאַרק צופרידן. מיר זענען אַזוי אַרום געווען די ערשטע שטאָט אין פוילן, וווּ די צוויי ציוניסטישע אַרבעטער־פאַרטייען האָבן זיך פאַראייניקט. די פאַראייניקונג אין לאַנד־מאַסשטאַב איז פאָרגעקומען אין יאָר 1924. אונדזער שריט איז געווען גינסטיק פאַר בײדע שותפים — מ׳איז געוואָרן שטאַרקער אין צאָל, אין עלטערע, דערפאַרענע חברים, ווי יוסף ראָזענגאַרטן, ג. י. לעמבערג און י. ווידיסלאַווסקי און אויך באַקומען גוטע אַקטיוויסטן.

אין זעלבן יאָר איז צו אונדז געקומען אויף אַ באַזוך חבר בערל לאָקער, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען באַקאַנט ווי דער אָנפירנדיקער חבר פון דער וועלט־באַוועגונג. זיין באַזוך האָט אויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביי אַלע פאַרטייען אין שטאָט און דער רעפעראַט איז אַדורך מיט גרויס דערפאָלג. נאָכן רעפעראַט האָט דער גאַסט ערשט פאַרפירט מיט אונדז אַן ערנסטן שמועס — ביז אין די פריע מאָרגן־שעהן. ער האָט אונדז געגעבן אָנווייזונגען פאַר פאַרטייאישער אַרבעט אין דער צוקונפט.

### צו די וואַלן

אונדזער ערשטער פאַרמעסט מיט אַנדערע פאַרטייען אין שטאָט איז פאָרגעקומען אַ יאָר שפעטער, ד.ה. אין 1924, ווען מיר האָבן באַשלאָסן זיך צו באַטייליקן אין די שטאָטראַט־וואַלן אין זשיכלין. מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אייגענעם חבר, וואָס זאָל קאָנען פיגורירן אויף דער קאַנדידאַטן־ליסטע, ד.ה. אַ חבר אין עלטער פון 25 יאָר.

מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן, אַז אונדזער קאַנדידאַט זאָל זיין אַ סימפּאַטיקער פון דער פּאַרטיי, ישראל זאַפּראַן, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס פאַרוווּנדערונג אין שטאָט. אונדזערע קעגנערס האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן „אָנערקענען דעם מוט פון דער יונגער פּאַרטיי...״

אונדזער קאַנדידאַט איז דורכגעפאַלן, אָבער מיט אַ גאָר קליינעם אונטערשייד אין דער צאָל שטימען פון בעל־נצחון. נאָך דער לעקציע האָבן מיר גענומען פאַרשטאַרקן אונדזער פּאַרטיי־אַרבעט, באַזונדערס צווישן דער יוגנט, וועלכע ס׳האָט איבערגענומען דער חבר ג. י. לעמבערג. אַ דאַנק זיין איניציאַטיוו און גוטער אָרגאַניזאַציע, איז אונדז געלונגען צו פאַרגרעסערן די צאָל חברים. מיט דער פּאַרטייאישער אַרבעט האָט זיך פאַרנומען י. ראָזענגאַרטן. ער האָט געפירט זיין אַרבעט בשלימות און מיט דערפאָלג, ביז צו זיין עליה אין ארץ־ישראל, אין יאָר 1925. אין יאָר 1926 איז אויך עולה געווען אונדזער יוגנט־פירער חבר לעמבערג. נאָך זייער עליה איז דער פאָרזיץ פון דער פּאַרטיי איבערגעגעבן געוואָרן צו י. ווידיסלאַווסקי.

אונדזער אַרבעט איז געגאַנגען כסדר פאָרויס. מיר זענען געוואָרן אַ כוח אין אַקטיוון ציוניסטישן לעבן און אין פּאָליטישן לעבן פון זשיכלין בכלל. מיר האָבן איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.) און זיי האָבן מסכים געווען מיט אונדזער פאָרשלאָג צו דעמאָנסטרירן געמיינזאַם בעת די פייערונגען פון 1טן מאַי. די דאָזיקע צוזאַמענאַרבעט און געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס האָבן אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1939.

צו די צווייטע שטאָטראַט־וואַלן אין זשיכלין אין יאָר 1928, האָבן מיר שוין געהאַט מער דערפאַרונג אויפן געביט פון אויפקלערונג. אונדזער הויפּט־קאַמף איז איצט געווען קעגן די לינקע פּועלי־ציון, וועלכע האָט כסדר זיך באַמיט אויפצורייסן אונדזערע וואַל־פאַרזאַמלונגען, אָבער אָן דערפאָלג. אַ דאַנק אָן אַקציע וואָס איז געפירט געוואָרן פון הויז צו הויז, האָבן מיר מצליח געווען אַריינצופירן אונדזער ערשטן פאַרשטייער אין שטאָטראַט, דעם פּאַרטיי־פאָרזיצער י. ווידיסלאַווסקי. זיין אַרבעט אין שטאָטראַט איז דערנאָך געווען פון גרויס באַדייטונג. ער האָט ווי געהעריק פאַרטיידיקט די יידישע אינטערעסן און אינטערוועניִרט פאַר די אָרעמע יידישע מאַסן אין זשיכלין.

**קוריאָזן פון אַ תקופה**

צו יענער צייט, ד. ה. אין יאָר 1928, זענען פאָרגעקומען צוויי עפּיזאָדן, וואָס זעען אויס מאָדנע היינט, אָבער זיינערצייט זענען זיי געווען ברענפּונקטן פונעם פּאַרטייאישן לעבן אין פּוילן.

אין יאָר 1928 איז אין וואַרשע פאָרגעקומען די ערשטע קאָנפערענץ פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל". אין אָט דער קאָנפערענץ האָבן זיך באַטייליקט די רעכטע פּועלי־ציון, גורדוניה, השומר הצעיר, התאחדות און יצחק גרינבוימס גרופּע פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. בעת דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ, ווען דער פאָרשטייער פון „תרבות" מ. גאָרדאָן האָט אָנגעהויבן זיין באַגריסונג אין עברית, האָבן די פּועלי־ציון דעלעגאַטן, אונטער דער אָנפירונג פון דב בער מאַלקין ז"ל, אויפגעהויבן אַ טומל און נישט דערלאָזט דעם רעדנער צום וואָרט, פאָדערנדיק אַז ער זאָל רעדן יידיש. יצחק גרינבוים, דער וויצע־פאָרזיצער פון „תרבות", האָט זיך געווענדעט צו די פּועלי־ציון זיי זאָלן נישט שטערן דעם גאַנג פון דער קאָנפערענץ און געזאָגט, אַז פאַר „תרבות" איז „די ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" נישט וויניקער טייער ווי פאַר די פּועלי־ציון. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט־אָט — און די קאָנפערענץ וועט ווערן אויפגעריסן ביים סאַמע אָנהייב, אָבער גרינבוימס אַפּעל האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג. די פּועלי־ציון דעלעגאַטן האָבן פאַרלאָזן דעם זאַל און די באַגריסונג פון „תרבות" איז געגעבן געוואָרן אין עברית. ערשט נאָך דער באַגריסונג איז די דעלעגאַציע צוריק אַריין אין זאַל.

דער צווייטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען אַ יאָר שפּעטער, בעת דער צווייטער קאָנפערענץ פון דער דערמאָנטער ליגע. דאַסמאָל זענען געקומען, ווי שליחים פון ארץ־ישראל, די חברים יצחק בן־צבי ז"ל און יוסף שפּרינצאַק ז"ל. עס איז אויך געקומען דער בעלגישער אויסערן־מיניסטער וואָן דער וועלדע, דער דעמאָלטדיקער פאָרזיצער פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, אין באַגלייטונג פון זיין פרוי. די דערעפענונג איז געווען זייער אַ פייערלעכע און איז פאָרגעקומען אין אָנוועזנהייט פון איבער 2 טויזנט דעלעגאַטן און געסט. די בעלגישע געסט האָבן באַגריסט די קאָנפערענץ און איבערגעגעבן אַ גרוס פון ארץ־ישראל, דערציילנדיק וועגן זייערע איינדרוקן פון אַ באַזוך אין לאַנד. נאָכדעם ווי די הויכגעשטעלטע געסט האָבן פאַרלאָזן דעם זאַל, האָט אַ טייל פּועלי־ציון דעלעגאַטן געמאַכט אַ טומל און פּראָטעסטירט קעגן אויפהענגען די בלוי־ווייסע פאָן. חבר י. שפּרינצאַק האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן דעם ענין, אָבער זיינע רייד זענען נישט געהערט געוואָרן צוליבן טומל. נאָך אים האָט זיך אויפגעהויבן חבר יצחק בן־צבי. ער האָט געוואָרט ביז דער עולם האָט זיך איינגעשטילט און אָנגעהויבן אין אַ שאַרפן טאָן צו מוסרן די פּראָטעסטירערס, אָנווייזנדיק, אַז „די ווייס־בלויע פאָן איז אונדזער פאָן... זי הענגט אויף אַלע קאָנפערענצן פון דער הסתדרות... די חברים־דעלעגאַטן צו דער דאָזיקער קאָנפערענץ ווערן אויפגעפאָדערט און געבעטן אָפּצושטעלן די פּראָטעסטן..."

אינמיטן זיינע רייד האָט אַ יוגנטלעכער אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן און דער פּראָטעסט פון פּועלי־ציון האָט זיך איינגעשטילט.



די „החלוץ״־אָרגאַניזאַציע אין זשיכלין

### מיר שאַפן דעם החלוץ

אברהם העלמער, דער אָנפירער פון אָרטיקן „השומר הצעיר״, האָט אַ געוויסן טאָג זיך געווענדעט צו אונדז וועגן אַ געמיינזאַמער אַקציע צו שאַפן דער החלוץ. נאָך אַ קורצער צייט פון אַ זייער אינטענסיווער אַרבעט, האָבן מיר באַוויזן צו רופן די גרינדונג־פאַרזאַמלונג פון דער נייער אָרגאַניזאַציע, אויף וועלכער ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער אַקטיוו, מיט א. העלמער בראש. ער האָט געפירט זיין אַרבעט מיט פיל אַחריות, ביז ער איז עולה געווען אין לאַנד. נאָך זיין עליה איז די דאָזיקע אַרבעט אָנפאַרטרויט געוואָרן מיר. דער החלוץ האָט זיך שטאַרק צעוואַקסן און אַריינגעצויגן אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע אין זיינע רייען. די מיטגלידער פון החלוץ זענען געשיקט געוואָרן אויף הכשרה און עליה. ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און דער החלוץ איז געוואָרן די גרעסטע אָרגאַניזאַציע אין זשיכלין.

### די הכשרה

פועלי־ציון אין זשיכלין איז זיר צעוואַקסן און אין יאָר 1932 האָט די פאַרטיי געשאַפן אַ הכשרה. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיטן לאָדזשער באָראָכאָוו־קיבוץ,

וועלכער האָט אונדז צוגעשיקט אַ גרופּע חברים. מיר האָבן די חלוצים געהאָלפן מיט איינקוואַרטירונג און אַרבעט.

אין יאָר 1933 האָט י. וווידיסלאַווסקי, אונדזער ערשטער פאַרשטייער אין שטאָטראָט, עולה געווען קיין ארץ־ישראל און דער אַמט פון פּאַרטיי־פּאַרזיצער איז איבערגעגעבן געוואָרן צום חבר פּ. דאַווידאָוויטש. דעם זעלבן יאָר זענען אויך פאַרגעקומען קהילה־וואַלן און די פּאַרטיי האָט דורכגעפירט איר פאַרשטייער, יעקב משה ווערמאַן.

צו יענער צייט זענען די סערטיפיקאַטן פאַר עליה געגעבן געוואָרן דורך דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט. היות די צאָל סערטיפיקאַטן איז געווען שטאַרק באַגרענעצט, זענען זיי כמעט פאַרטיילט געוואָרן צו די חלוצים וואָס זענען געווען אויף הכשרה. פּועלי־ציון האָט געראָטן אירע חברים וואָס האָבן געוואָלט עולה זיין, זיי זאָלן גיין אויף הכשרה. צוזאַמען מיט מאיר העלמער בין איך אין יאָר 1934 אַוועק אויף הכשרה אין שטעטל קאָלאָ. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט העלמער פאַרלאָזט דעם קיבוץ און איז אַוועק קיין ארץ־ישראל מיט דער אומלעגאַלער עליה (ב׳).

## די גרינדערס און טוערס פון בני ציון אין זשיכלין

### רבקה קאַנאַריק

פון די פריסטע יוגנט־יאָרן געדענק איך זשיכלין אַלס שטאָט פון ציוניסטישער טראַדיציע און טעטיקייט, וועמענס אָנהייב איז פון די צייטן פון די חובבי ציון. איך געדענק די נעמען פון אייניקע זשיכלינער ידישע משפחות, וואָס נאָך אין סוף פון 19טן און אָנהייב 20סטן יאָרהונדערט האָבן זיי געהאַלטן אין זייערע שטובן ספּעציעלע פּושקעס אין וועלכע מ׳האָט געזאַמלט געלט, כדי עס צו שיקן קיין ארץ־ישראל. מיט ליבע און אַכטונג האָבן זיי געפירט ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער ידישער באַפעלקערונג, געוועקט און איבערצייגט צו גיין אין זייערע וועגן און טאָן ווי זיי. דאָס זענען געווען די פאַמיליעס: זשוכאָוויצקי, פּראָווער, מענדל־מאיר ראָזענבוים, אברהם כץ, בעריש אַדלער, ווי אויך די משפחה פון מיין פאָטער און לערער מרדכי־מענדל אדלער ז״ל.

זייער טעטיקייט, לויט ווי אין יענע צייטן, האָט געהאַט פיל דערפאָלג, אַז דער רוב יוגנטלעכע איז פאַרכאַפּט געוואָרן פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און טיפער שטרעבונג צו באַקענען זיך מיט ארץ־ישראל און אויך טאָן פאַר איר. גאַנץ יונג האָבן זיי זיך איינגע־

שפּאַנט אינעם עול פון אַ ברייטער טעטיקייט, אָרגאַניזירט גרופּן פאַר בילדונג און קולטור, הגם דער וועג וועלכן זיי האָבן אויסגעקליבן, איז נאָך ניט געווען פאַר זיי אינגאַנצן אַ קלאָרער.

די ערשטע יוגנטלעכע וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט פאַר די נאַציאָנאַל־יידישע און ציוניסטישע אידעאַלן — זענען געווען גאָר באַזונדערע געשטאַלטן. כ׳וועל דערמאָנען נאָר אייניקע פון זיי: די אידעלע ריווע ראָזענבערג, אַ טאָכטער פון אַ גערער חסיד; ריווטשע חלאַמסקי, אויך אַ חסידישע טאָכטער, די טרייעסטע חברטע פון ריווען; ריווטשע פיטעל, חוה ניידאָרף; אייזיק קעלמער; פּנחס געצל; פישל לאַסמאַן; מאיר קילבערט; גאָלדפאַרב, אהרון קאַנאַריק ז״ל. און זיי אַלע, צו לאַנגע יאָרן, איז צוגע־שטאַנען נאָך אַ גרופּע: מאיר העלמער, ברכה עלשטיין און די שרייבערין פון די שורות, וועמען די זשיכלינער יידן האָבן גערופן אַלטעלע אַדלער. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען נאָך חברים און חברטעס, וועמענס נעמען וועלן דאָ ניט דערמאָנט.

אין יאָר 1916, אָדער 1917, האָבן די דערמאָנטע יוגנטלעכע באַשלאָסן צו גרינדן די אָרגאַניזאַציע בני ציון, ווי דאָס איז געשען אין אַנדערע שטעט. דעם אמת געזאָגט, האָט אין יענע טעג די גרופּע ניט געהאַט קיין קלאָרן אידעישן פּראָגראַם און אויך ניט געווען פאַרבונדן מיט וועלכער ס׳איז ציוניסטישער פּאַרטיי. טאָג און נאַכט האָט די דאָזיקע גרופּע זיך באַראַטן וואָס צו טאָן, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט ווער עס זאָל מיט זיי אָנפירן און ווייזן דעם וועג. אויף צו פאַרבעטן וועמען פון אַן אַנדער אָרט, איז ניט געווען דערויף קיין געלט. ס׳האָט אָבער ניט גענומען קיין סך צייט אין שטעטל, האָט זיך באַוויזן די סימפּאַטישע און פעיקע געשטאַלט פון דוד שטיינבערגער (שמיר) ז״ל, וואָס האָט מצליח געווען אַרויפצופירן די בני ציון אויפן דרך המלך.

אויף דעם אָרט וויל איך דערציילן אַ ביסל געשיכטע פון אַ זשיכלינער יידישע משפּחה — בידערמאַן. דער משפּחה־עלטסטער, ר׳ שמעלקע ז״ל, האָט פאַר זיין טאָכ־טער טובה געזוכט אַ חתן מיט אַלע מעלות, וואָס איז אים טאַקע געלונגען: אַ זון פון שטרענג פרומע און חסידישע עלטערן. דער בחור, דוד, אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, אַ בן תורה און אַן עילוי, אויך בקיא אין וועלטלעכע לימודים. אין דער וואָכן האָט ער געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, דאַקעגן אין די שבתים און יום־טובים — אַ זיידענע קאַפּאָ־טע און אַ שטריימל. ס׳האָט ניט גענומען קיין סך צייט און דוד האָט פאַרביטן זיין טראַדיציאָנעלע קליידונג אויף אַן אייראָפּעישער. ער האָט זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע פון בני ציון און צו אונדזער גרויסער פרייד האָבן מיר איינגעזען, אַז מ׳האָט זוכה געווען צו אַ גוטן מנהיג און וועגווייזער. די אויפגאַבן וועלכע ער האָט אויף זיך אַליין גענומען, זענען געווען אַלזייטיקע. ער האָט געלערנט, דערצויגן, געוויזן דעם וועג.

ער האָט געפירט שמועסן וועגן ציוניזם, אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר העברעיש, תנ״ך און יידישער געשיכטע. אָפּגעהיטן צו ריידן העברעיש. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אונטער זיין אָנפירונג געגרינדעט געוואָרן א „תרבות״־שול מיט העברעישן אונטעררייכט. וואָס האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „תרבות״־צענטראַלע אין וואַרשע. יידישע יוגנט־לעכע אין שטעטל, זייענדיק דורשטיק נאָך וויסן און בילדונג, האָבן שנעל פאַרפולט די קלאַסן. מען דאַרף אונטערשטרייכן, אז ביז צום עפענען די העברעישע „תרבות״־שול, איז אין זשיכלין ניט געווען קיין איין שול וואָס זאָל ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָמען און ווו יידישע קינדער זאָלן באַקומען לייטישע בילדונג און דערציונג.

אַ געוויסן טאָג איז אונדז באַקאַנט געוואָרן, אַז דער דירעקטאָריום פון קרן היסוד האָט געשאַפן אַ ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע, וועמענס אויפגאַבע ס׳איז דורכצו־פירן געלט־זאַמלונגען וועלכע נאָר פרויען זענען מסוגל אַדורכצופירן, און באַזונדערס — דעם „קרן־הזהב״ („גאָלד־פאָנד״), צו זאַמלען די חתונה־רינגלעך ביי יידישע פרויען אַלס שפּענדונג פאַרן קרן היסוד. פון דער צענטראַלע זענען געשיקט געוואָרן צו די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אויף דער פּראָווינץ אייזערנע פינגערלעך מיט אַן אַנט־שפּרעכנדיקער אויפשריפט וואָס איז געגעבן געוואָרן יעדער פרוי וועלכע האָט געשאָנקען איר קידושין־רייפל פאַרן קרן היסוד. אויך די בני ציון אין זשיכלין האָבן דערהאַלטן אַזעלכע פינגערלעך.

די גרופּע בני ציון האָט אָפּגעהיטן איר אחדות און די חברטעס זענען געבליבן טריי דער אָרגאַניזאַציע, געטריי ווי פאַרן גרינדן די פרויען־באַוועגונג. אין דער אַקציע פאַרן „קרן הזהב״ האָבן אונדזערע מיטגלידערינס זיך באַטייליקט מיט אַ סך ענערגיע און ברען. פאָרלעכוויז פלעגן זיי זיך לאָזן איבערן שטעטל צו זאַמלען באַשטייערונגען — און יידישע טירן האָבן זיך תמיד געעפנט מיט גאַסטפריינדלעכקייט. די זאַמל־אַקציע אין זשיכלין איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. אונדזערע פרויען האָבן ניט נאָר געשאָנקען זייערע קידושין־רייפלעך, נאָר אויך צוגעגעבן טיילמאָל גאָלד־בטבעות, אויי־רינגלעך, קייטעלעך, שפּילקעס און גאָלדענע זייגערלעך. דער גרויסער דערפאָלג פון דער זאַמלונג אין זשיכלין איז באַוווסט געוואָרן אין אַ סך אַנדערע שטעט וואָס האָבן גענומען נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון זשיכלין.

צום באַדויערן, האָבן פיל פון די אָנפירנדיקע חברים און חברטעס פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג ניט זוכה געווען צו בויען דאָס לאַנד און אַליין געבויט צו ווערן. ווייל איידער זיי אַליין האָבן עולה געווען, איז פאַר זיי געשטאַנען די אויפגאַבע פון צוגרייטן חלוצים פאַרן לאַנד. און זיי האָבן טאַקע אַלץ געטאָן, כדי העלפן אַ ייד צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל, אויב דאָס איז געווען זיין פאַרלאַנג. אונדזערע טוערס

האבן ניט געזאָרגט פאַר זייער אייגענער עליה, אויס מורא אַז נאָכן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, וועט נאָך זיי בלייבן אַ ליידיקער חלל און עס וועט ניט זיין ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער באַוועגונג. דאָך האָבן אייניקע פון זיי יאָ זוכה געווען עולה צו זיין אין מיטן פון די צוואַנציקער יאָרן: יהודה יאַקובאָוויטש, מאיר העלמער, ברכה עלשטיין, אַלטעלע און אהרון קאַנאַריק, דוד שטיינבערגער (שמיר) און זיין פרוי טובה ז״ל.

נאָר די גרעסטע מערהייט אַקטיוויסטן פון בני ציון — האָבן ניט זוכה געווען. אינ־מיטן פון זייער געבענטשטער טעטיקייט, האָט זיך אויף זיי אַראָפּגעלאָזט די האַק פונעם נאַציִשן תליון און פאַרשניטן די לעבנס פון אונדזערע טייערע יידן אין זשיכלין. מיר וועלן זיי ניט פאַרגעסן!

# די יידישע קהילה

## יעקב נויפעלד

ווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד האָט געהערשט איבער פוילן, האָט מען געוויילט דאַזאָרעס אין דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער קהילה. די וויילערס זענען געווען — אַ קליין הייפל יידן, און די אויסגעקליבענע פרנסים — באַלעבאַטישע יידן, איינגייערס ביי די פאַרשטייער פון דער אָרטיקער מאַכט. די דאַזאָרעס האָבן אָבער זיך באַשעפטיקט נאָר מיטן רעליגיעזן לעבן, ווי: שילן, בתי־מדרשים, מקווה, שחיטה אדג״ל.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן באַהערשט פוילן, זענען צום ערשטן מאָל פאָרגעקומען דעמאָקראַטישע וואַלן צו דער יידישער קהילה. וואַל־רעכט האָט געהאַט דער רוב יידישע איינוווינער אין שטעטל. מ׳האָט אַרויסגעשטעלט קאַנדידאַטן־ליסטעס: אגודת ישראל — פון די געררער חסידים, און די צווייטע — פון מזרחי און אַלגעמיינע ציוניסטן, וואָס האָבן ביז דעמאָלט נישט געהאַט קיין שום השפעה אויפן רעליגיעזן און קהילה־לעבן. די ציוניסטן האָבן טאַקע אַדורכגעפירט זייערע קאַנדידאַטן, נאָר ביזוואַנען די נייע קהילה־פאַרוואַלטונג האָט איינגעשטעלט איר אַרבעט, האָבן די דייטשן פאַרלאָזט פוילן.

ווען פוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה,

האָט דאָס אינערן־מיניסטעריום געשאַפן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר די יידישע קהילות אין גאַנצן לאַנד. מ׳האָט אויסגעאַרבעט אַ סטאַטוס און געזעצן צו פירן דאָס קהילה־לעבן. אין זשיכלין זענען ווידער פאָרגעקומען דעמאָקראַטישע וואַלן, ביי וועלכע עס האָבן געהאַט וואַל־רעכט אַלע צאָלערס פון קהילה־שטייער (עטאַט).

די ציוניסטישע פאַרטייען אין זשיכלין האָבן צוגעשריבן גרויס חשיבות די דאָזיקע וואַלן. הגם עס זענען נאָך נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע פאַרטייען, זענען די וויילערס באַווירקט געוואָרן פון די קאַנדידאַטן, און אויסער איין דאָזאָר פון אגודת ישראל — אהרון אובערמאַן ז״ל — האָבן די אַנדערע דאָזאָרעס רעפּרעזענטירט אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין רעזולטאַט פון די וואַלן אין יאָר 1919, זענען אויסגע־ווילט געוואָרן אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג: וואָלף דאָרן, פון פאַך אַ שוסטער, וועל־כער האָט רעפּרעזענטירט די בעלי־מלאכהס; שלום חיבערט, אייזיק קעלמער, זלמן מאָר־גענטאַלער (פאָרזיצער) און מיכל קאָזוסאָוויטש. אַלס סעקרעטאָר איז אַנגאַזשירט גע־וואָרן בונים שמיר (שטיינבערגער), דער פירער פון השומר הצעיר. די דאָזאָרעס שלום חיבערט ז״ל, אייזיק קעלמער און מיכאל קאָזוסאָוויטש ז״ל זענען געווען דער לעבע־דיקער גייסט אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע.

אייזיק קעלמער האָט אויסגעקעמפט אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג סובווענצן פאַרן קרן קיימת, קרן היסוד און פאַר די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. מיכאל קאָזוסאָ־וויטש, וואָס האָט זיך באַזעצט אין זשיכלין צוליב זיין פרוי וואָס האָט געאַרבעט אין שטעטל אַלס דענטיסטין, האָט איינגאַנצן זיך געווידמעט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין שטאָטראַט און דערנאָך אַמטירט אַלס וויצע־בירגערמייסטער. קאָזוסעוויטש האָט פאַרמאָגט אַ סך וויסן און געשאָנקען פיל אויפמערקזאַמקייט די רעליגיעזע ענינים פון דער קהילה.

די רעליגיעזע אינסטיטוציעס פון דער יידישער קהילה זענען געווען קאָנצענטרירט, אין פאָרעם פון אַ **ח**, אויף דער מזרח־זייט פון בית־המדרש. מערב־זייט האָט זיך געפונען די מקווה און פון דרום — די שיל. אויף אַ סקווער צווישן די אַלע אינסטיטוציעס האָט זיך געפינען אַ ברונעם מיט דעם בעסטן וואַסער אין שטעטל („זדראָיאָווע פּלומפּ״). די שיל איז געווען אַ גרויסע, מיט אַ טיפן פונדאַמענט, ווו עס האָבן געפירט אַ סך טרעפּ כדי מקיים זיין דעם פסוק „ממעמקים קראתיך ה׳״. אין אַ גרויסן פאַרצוימטן הויף, ביי דער זייט פון דער מקוה, האָט זיך געפינען אַ געביי ווו מ׳האָט געשאָכטן עופות, נאָר אין זייער נישט קיין סאַניטאַרע באַדינגונגען. דאָס בלוט האָט געפלאָסן אין אָפענע ריטשקעס. אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון קאָזוסעוויטשן, האָט מען דאָרט איינגעאָרדנט קאַנאַליזאַציע און אַ גרוב צו פאַרברענען די אומריינקייטן, לויט דער טעכניק פון יענער



די שיל און „זדראַיאַווע פּלומפּ" אין צענטער פון די יידישע אינסטיטוציעס אין זשיכלין (געצייכנט פון וו. ראַשעלבאַך)

תקופה. מיט דער הילף פון ספּעציאַליסטן פון וואַרשע, האָט מען דערגרייכט ריינע וואַסער פון דעם גרוב... די שיל איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ בלעך־דאַך און די פּאָדלאָגע — מיט ברעטער. די מקוה, וועלכע איז געווען אָרענדירט און זייער פאַרנאַכלעסיקט, איז געוואָרן רעמאָנטירט און מ׳האָט איינגעאָרדנט וואַנעס. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן דערפאַר, ווייל די רעליגיעזע באַדינגונגען זענען איבערגעגאַנגען אין רשות פון דער קהילה און געגאַסן פון אַ באַזונדערן בודזשעט, באַשטעטיקט פון דער אָפּטיילונג פאַר יידישע קהילות ביים אינערן־מיניסטעריום, בעת פריער פלעגט דער שמש און חזן שטיין יעדן דאָנערשטיק ביים אַריינגאַנג אין שיל און איינקאַסירן זייער וואָכן־געלט ביי די מתפללים. פאַר דעם האָבן אויך די שוחטים באַקומען זייער געהאַלט פון די קצבים און דער רב האָט געהאַט עטלעכע מקורות פון הכנסה. איצט האָבן אַלע געהאַט אַ רעגולערן געהאַלט, לויט זיין אַמט און אַלע איינקונפטן פון די באַדינונגען וועלכע ס׳האָט צוגע־שטעלט די קהילה־פאַרוואַלטונג, זענען אַריין אין איין קאַסע.

ביי דער קהילה־פאַרוואַלטונג איז אויך געווען טעטיק אַ גמילות־חסדים קאַסע, וועמענס גרונט־קאַפּיטאַל איז געשאַנקען געוואָרן פון „דזשאָינט״. נויטבאַדערפטיקע יידן האָבן פון דער קאַסע באַקומען אָנפּראָצענטיקע הלוואות, וועלכע מ׳האָט צוריק געצאָלט אין וועכנטלעכע ראַטעס.

פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן נישט אויסגעפעלט קיין רייבונגען און אינטריגעס צווישן דעם רב און דער קהילה־פאַרוואַלטונג, ווי דער ענין פון זיין געהאַלט, ווייל די וואָס האָבן געשטיצט דעם רב, די גערער חסידים, איז נישט געפעלן געוואָרן דער קליינער אונטערשיד אינעם געהאַלט פון רב און פון די שוחטים; אָדער דער ויכוח וועגן אויסהאַקן אַ וואַנט אין בית־המדרש צום הויף, וואָס איז געווען אַ שותפותדיקער מיט דעם רבס דירה. געוואָלט האָט מען פאַרלייכטערן די מתפללים אַ באַקוועמערן אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג פון בית־המדרש, אָבער דער רב און זיינע אונטערשטיצערס האָבן געזען דערין אַ „השגת גבול״. די מחלוקת איז איבערגעגאַנגען צו די מאַכט־אָרגאַנען און דער רב האָט זיך אַפילו געשטיצט אויף דער הלכה, אַז אַ דרומדיקע וואַנט טאָר נישט באַנוצט ווערן פאַר אַן אַריינגאַנג און אַרויסגאַנג. די מאַכט האָט דאַך באַשלאָסן צו דערלויבן אויסהאַקן די וואַנט. אויף יענעם הויף האָט זיך אויך געפינען די תלמוד־תורה ווו עס האָבן געלערנט די קינדער פון אומפאַרמעגלעכע עלטערן.

# פונעם רעליגיעזן שטייגער

## יוסף בן יהושע

**בית־המדרש**

אונדזער בית־המדרש האָט אויסערלעך אויסגעזען זייער אָרעם, דערפאַר אָבער פאַרמאָגט אַן אינערלעכן, גייסטיקן אינהאַלט. דאָס איז געווען אַ היימישער, פאָלקסטימלעכער בית־תפילה, שטענדיק געפאַקט מיט מתפללים, דאָס רוב פון זיי — פאָלקס־מענטשן פון די אָרעמע שיכטן, ווי בעלי־מלאכות, קליינהענדלער, קצבים, פורמאַנעס, דאָרפס־גייער — אָבער מענטשן מיט אויפגעהויבענע קעפּ, טראָץ זייערע געבויגענע פּלייצעס און מיט גאַנצע נשמות, טראָץ זייערע צעבראָכענע גופים. נשמה־יתירהדיקע ייִדן מיט ערנסטקייט און מידות טובות. פאַר אָט די ייִדן איז דער בית־המדרש געווען דער בעסטער און איינציקער אָרט פון גייסטיקן אויסלעבן זיך.

בעלות השחר פלעגן קומען די ערשטע „בטלנים" זאָגן תהילים און ווי נאָר ס'האָט אָנגעהייבן טאָגן, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע מתפללים, באַזונדערס די פורמאַנעס, וואָס האָבן זיך געאײַלט צו דער באַן־סטאַציע פּניעוואַ, כדי „אַריינצוכאַפּן" אַ שחרית און ביי שקיעת החמה „אַריינכאַפּן" אַ מנחה־מעריב.

דעם בית־המדרש פלעגט פאַרטאָג עפענען זלמנקע שמש, אַ ייד אַן אָרעמאַן, וואָס האָט געלעבט אין דחקות און נויט און געוואַרט אויף חנוכה, כדי מיט אַ „ביקס" צו גיין איבער די הייזער בעטן חנוכה־געלט. ער האָט אויך געהאַט אַ זייטיקע „פּרנסה": פאַרקויפן אָרעמעלייט פאַר אַ „צווייער" רינדערנע פּעטס צוזוריישן אַן אָנגעבערענטע קאַרטאָפל־זופּ, אָדער אַביסל אַרבעס מיט פערפל. וועגן אַ שטיקל פלייש האָט מען אַפילו נישט געחלומט. מ'איז געווען צופרידן, אַז מען האָט געקענט קויפן אַ שטיקל קאָפּ־פלייש אָדער אַ געשלונג.

אין אַ מצב פון אומזיכערקייט און אין שטענדיקער זאָרג וועגן פּרנסה, האָבן די שטעטלשע ייִדן געזוכט צו דערוואַרעמען זייערע נשמות — און דאָס האָבן זיי געפינען אין בית־המדרש ביים דאַווענען, ביים זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים און אַ פּרק משניות, הערן אַ מגיד אדג"ל. אָט די עמך־ייִדן האָבן געשעפּט גייסטיקע השראה פון צדיק הדור,

דער אַלטער דיין ר׳ אהרן יהודה (יודע), אַ שטענדיקער תושב אין בית־המדרש. זיין „שטאָט״ איז געווען די ערשטע לינקס, נעבן ארון הקודש. רעכטס איז געשטאַנען הרב דמתא. זיין גוף איז געווען קליין כגרוגרת דרבנו צדוק, אָבער גרויס איז ער געווען אין רוחניות, אין יראת שמים. ער פלעגט קומען אין בית־המדרש מיט אַ גרויסן, שווערן טלית־זאַק, וואָס האָט מער געוויגן ווי ער אַליין. יידן, און להבדיל גויים, האָבן געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ. יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגט ער פאַסטן און אין די טעג ווען ער האָט יאָ געגעסן, האָט ער איבערגעביסן ערשט מיטאָג־צייט, ווי אַ פייגעלע, נישט צוליב דער הנאה, נאָר כדי צו דערהאַלטן די נשמה און קאָנען דינען דעם רבון עולם.

שבת נאָכן שלאָף פלעגט ער לערנען מיט די מתפללים די פרשת השבוע. אין מיטן דער וואָך פלעגט ער לערנען און געבן פירושים אויף תהילים און אַנדערע תפילות.

אויך „שיינע יידן״ פלעגן זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אין בית־המדרש, ווער לערנען אַ דף היומי און ווער זאָגן אַ פּרק משניות. דער קול־תפילה און קול תורה האָט נישט אויפגעהערט אַ גאַנצן טאָג, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

### ימים נוראים

ראש־חודש אלול, הערנדיק דעם ערשטן תקיעת שופר, איז געפאַלן אַן אימה און פחד אויף אחינו בני ישראל, בפרט אין די סליחות־טעג. אברהמעלע דער שול־קלאַפּער פלעגט גיין מיטן העמערל אין האַנט און קלאַפּן דריי מאָל אין די טירן פון ידישע הייזער, רופנדיק: „יידן, שטייט אויף צו סליחות״! אין דעם חודש פלעגט דער אַלטער דיין ר׳ אהרן יהודה צוגרייטן די מתפללים צו „תשובה, תפילה וצדקה — מעבירין את רוע הגזירה״.

דעם ערשטן טאָג ראש־השנה, נאָך מעריב, פלעגן די מתפללים זיך שטופּן צו דער טיר פון רב דמתא און אים ווינטשן אַ „כתיבה וחתימה טובה — לאלתר לחיים טובים״. ביי מנחה, פאַר כל נדרי, פלעגן די מתפללים ברענגען יאָרצייט־ליכט. די גרעסטע שונאים האָבן זיך איבערגעבעטן און געווינטשן אַ כתיבה וחתימה טובה. געווען אויך אַזעלכע טיפּן, וואָס פלעגן נאָך „נעילה״ צוגיין צו די נעכטן איבערגעבעטענע און זאָגן: „זאָל בלייבן ביים אַלטן״.

דער אַלטער דיין ר׳ אהרן יהודה פלעגט אין די ימים־נוראים דאַווענען פאַרן עמוד תפילת שחרית (מוסף פלעגט דאַווענען ר׳ פייוויש שוחט). זיין קול איז געווען שוואַך, אָבער זיינע תפילות האָבן דערגרייכט — ווי די מתפללים פלעגן זאָגן — ביז צום הימל.

**סוכות און שמחת־תורה**

מוצאי יום־כיפור פלעגן פרומע ידן אריינקלאַפּן דעם ערשטן פלאָקן צו דער סוכה. גויים פלעגן ברענגען דעם סכך אויף צו באַדעקן די סוכה.

שמחת־תורה פלעגן די קינדער קומען מיט די עלטערן, האַלטנדיק פענדלעך אין די הענט, באַפּוצט מיט אַ רויטן עפּל, אין וועלכן ס'האָט געשטעקט אַ ליכטל. לויט די פענדלעך האָט מען געקאָנט דערקענען דעם „קלאַסן־אונטערשייד": רייכע קינדער זענען געקומען מיט טאַוולענע פענדלעך, מיט קינסטלעריש־געמאָלטע צייכענונגען און מיט געדרוקטן „אתה הראית" און „הקפות". אין דער מיט פון פענדל איז געווען אָנגעצייכנט אַן אָרון־קודש מיט ספרי־תורה. דאַקעגן די אָרעמע קינדער זענען געקומען מיט פּאַפּירענע פענדלעך, וואָס דער קלענסטער בלאָז פון ווינט האָט זיי צעריסן. מיט די „פעטע" הקפות האָט מען מכבד געווען די „גבירים" און „שיינע" בעלי־בתים און די אָרעמעלייט פלעגט מען מכבד זיין מיט „עוזר דלים"...

צומאָרגנס ביי קריאת־התורה — דאָס זעלבע בילד: „פעטע" עליות פאַר די „גבירים", און פאַר די אָרעמעלייט — אַן „עליה" פון דריי פסוקים אָדער „אַחרון". די יינגלעך פאַר בר־מצוה — כל הנערים — פלעגט מען אויפרופן צו עליה לתורה און זאָגן מיט זיי די ברכות בצוותא.

**תפילת גשם**

די תפילה האָט געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג פאַר די אָרעמעלייט — זיי האָט אַרומגעכאַפּט אַ פּחד פאַרן אָנקומענדיקן ווינטער: אַן קוילן, אַן האָלץ, אַן קאַרטאָפל, אַן וואַרעמע מלבושים און שיכלעך פאַר די קינדער. מיט איין וואָרט — אָן פּרנסה. אין שטעטל איז אַרומגעגאַנגען אַ פאָלקס־ליד, וואָס האָט כאַראַקטעריזירט די לאַגע:

„אָף ברי, דער זומער גייט אַוועק,
דער ווינטער רוקט זיך צו,
דער דאַך איז צעבראָכן,
דאָס פעלצל איז אויסגעקראָכן
און קיין געלט איז נישטאָ".

דאָס לידל פלעגט מען זינגען מיטן ניגון פון תפילת גשם.

### חנוכה

אַ באַזונדערע שמחה ביי די חדר־ייִנגלעך זענען געווען די חנוכה־טעג. אַ קליינינקייט — נישט דאַרפן גיין ביינאַכט אין חדר, קומען אין בית־מדרש צו מנחה־מעריב און צינדן חנוכה־ליכט. זיי האָבן זיך געשטופּט צום טיש איבער וועלכן ס׳איז אויפן פענצטער געשטאַנען דער חנוכה־לייכטער, געוואָלט אים זען און אויך הערן די ברכות. נאָך די ברכות פלעגט אויסברעכן אַ געזאַנג „מעוז צור ישועתי״ און אַ געלויף צו עלטערן און משפחה בעטן חנוכה־געלט און עסן לאַטקעס. אַ באַזונדערע שמחה ביי דער חברה איז געווען צו שפּילן אין דריידל.

### פורים

פאַראַן אַ פאָלקס־ווערטל „פּורים איז נישט קיין יום־טוב און קדחת איז נישט קיין קרענק״. אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז דאָס גאַנץ אַנדערש, בפרט אין ארץ־ישראל איז פּורים א יום־טוב און קדחת איז „געווען״ אַ קרענק. די שטעטלשע ייִדן זענען געלאָפן אין די בתי־תפילה הערן לייענען מגילת אסתר. אין בית־מדרש האָט געלייענט די מגילה דער שטענדיקער בעל־קורא, חיימקע מלמד („קלוסקע״). ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט אַרויסזאָגן „אסתר המלכה״ נאָר „אסתר המלטה״. די מגילה פלעגט מען אויך לייענען פאַר פרויען אין פּריוואַטע הייזער.

מיין טאַטע ז״ל איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה און בעל־קורא. פלעגן זיך ביי אונדז צוזאַמענקומען פרויען, כדי צו הערן לייענען די מגילה. נאָכדעם פלעגט מיין מוטער ז״ל מכבד זיין די געסט מיט המן־טאַשן און זיי פלעגן ווינטשן מיינע עלטערן מ׳זאָל דערלעבן איבעראַיאָר ווידער קומען הערן מיין פאָטער לייענען די מגילה.

נאָכמיטאָג האָט אַ גרופּע פאַרשטעלטע בחורים, בראש מיט שאול טויבנכאַפער (חיים־לייב פעלדשערס זון), אַרומגעפאָרן אויף פערד איבערן שטעטל און „ליהודים היתה אורה ושמחה״. חדר־ייִנגלעך, וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר געוואַרט צו פאַרדינען געלט מיטן טראָגן משלוח־מנות, פלעגן אין יעדן הויז באַקומען אַ מטבע פאַר ברענגען משלוח מנות.

אין אָוונט, ביי סעודת פּורים, פלעגן פּורים־שפּילערס גיין איבער די הייזער און אָפּזינגען אַ פּורים־שפּיל. דאָס לעצטע לידל איז שוין געווען „תכליתדיק״:

„אל אדון שטאַרקייזען,
געט געלט, געט געלט,
איך דאַרף ווייטער רייזן״.

מען האָט דערציילט, אַז אַ שדכן פלעגט פאַרשטעלן פאַרן צוקונפטיקן מחותן אַ חתן אַלס גרויסן פאַרדינער און אָנגערופן אַ סומע, וועלכע ער פלעגט כלומרשט פאַרדינען אין איין טאָג. אָבער אייגנטלעך האָט דער שדכן געמיינט דעם טאָג פון פורים און דאָס פאַרדינסט — פון משלוח־מנות טראָגן.

**פסח**

חנוכה פלעגט מען זיך שוין גרייטן צו פסח, אויסלאָזן גענדזענע פעטס אויף פסחד׳יק שמאַלץ. די מאַמעס פלעגן אין מיטן קאָכן אַרויסנעמען פון טאָפּ הייסע גריוון און געבן די קינדער. די גריוון האָבן אויך געדינט צוצושמעלצן אַ קאַרטאָפל־זופּ אָדער אַנדערע מאַכלים. נאָך פורים פלעגט מען צוגרייטן די קאַרטאָפל, קאָלכן די ווײַנונגען. אַרעמעלייט פלעגן פאַרדינען אויף פסח ביים העלפן די בעקערס באַקן מצות. דאָס באַצאָלטסטע פאַך איז געווען אַ רעדלער. יידן וואָס פלעגן עסן מצה־שמורה האָבן זיך אַליין געפּאַרעט מיט נעמען וואַסער פון זדראַיאָווע פלומפּ און דאָס טראָגן צו די בעקערס, מדקדק געווען, אַז ס׳זאָל חלילה נישט זיין קיין פּגם אין כשרות. אויך מיין פאָטער ז״ל האָט געגעסן מצה־שמורה. ער פלעגט פון אַ „טאָפּ״ מעל באַקן 24 מצהלעך אויף גאַנץ פסח. קניידלעך פלעגט ער עסן נאָר דעם לעצטן טאָג פסח.

פרויען פלעגן זיך פאַרען אַ וואָך פאַר פסח, איינלייגן אין אַ פעסל רויטע בוראקעס אויף ראָסל־באַרשט. די פרויען וואָס האָבן דאָס נישט געטאָן, האָבן געקאָנט קויפן ראָסל־באַרשט ביי ראָצע די באַרשט־יידענע. מען פלעגט אויך איינלייגן ראָזשינקעס אויף וויין צו די אַרבע כוסות. גבירים האָבן געברענגט וויין אויף אַרבע כוסות פון לאָדזש אָדער וואַרשע.

ס׳איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז ר׳ ישראל יצחק העלמער האָט געקריגן וויין פון יקבי ראשון־לציון אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע ידיעה האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין זשיכלין און אַלע האָבן אים מקנא געווען.

שבת הגדול נאָכן שלאָף פלעגט הרב דמתא האַלטן אַ דרשה אין בית־המדרש וועגן הלכות כשרות.

ל״ג בעומר פלעגן חדר־ייִנגלעך גיין מיט פיילן־בויגנס. די ציוניסטישע יוגנט האָט אָרגאַניזירט אויספלוגן הינטערן שטאָט, ווו מ׳האָט זיך אָנגעזאָפּט מיטן ריח השדה, אויפגעשטעלט געצעלטן, אָנגעצינדן שייטער־הויפנס, זיך געקאָכט אַליין עסן און געזונגען:

„היערה, היערה בקשת וחץ...״ דאָס איז געווען אַ צוגרייטונג צו דער עליה קיין ארץ־ישראל.

### חג מתן־תורה

אין דעם יום־טוב פלעגט מען זיך דערמאָנען די רומפולע געשיכטע ווען יירן זענען געזעסן אין ארץ־ישראל, באַארבעט זייערע פעלדער און געבראַכט ביכורים. אין שטעטל פלעגט מען סימבאָליזירן דעם יום־טוב דורך אויסלייגן אין די ווינונגען „בלישטש״, וועלכן מ׳האָט געקויפט ביי די גויים.

ביים לייענען מגילת רות פלעגט זיך נאָכמער פאַרשטאַרקן די בענקשאַפט צו ארץ־ישראל.

### תשעה באב

ביים לייענען „איכה״ האָבן יידן געוויינט אויפן חורבן בית־המקדש. געווען אַ מנהג אין די בתי תפילה צו וואַרפן שטעק־שיך, שטעכערס א. א.

### די ישיבה אין בית־המדרש

ביים בית־המדרש איז געווען אַ ישיבה. ראש־ישיבה איז געווען דער למדן המופלג און חריף המוח ר׳ ראובן מרדכי סקרובעק. אין דער ישיבה האָבן געלערנט נישט נאָר בחורים פון זשיכלין, נאָר אויך פון אַנדערע שטעטלעך, באַזונדערס פון לענטשיץ. זיי פלעגן עסן „טעג״ אָדער איינשטיין ביי שטעטלשע בעלי־בתים. נישט איין בעל הכנסת־אורחים האָט גענומען פאַר זיין טאָכטער אַ חתן פון די אברכי משי. די ישיבה איז פאַרן יונגן למדנישן דור געווען ווי אַן אוניווערסיטעט. די ישיבה־בחורים פלעגן זיך פאַרטיפן ביים לערנען אַ בלאַט גמרא, אָדער בלעטערן אַן אַלטן ספר. עס האָט אָבער אויך געטראָפן, אַז נישט איין מאָל פלעגט מען אייניקע פון זיי כאַפּן ביים לערנען „אַפּיקור־סישע״ ביכלעך רחמנא ליצלן, ווי שמ״רס ראָמאַנען, מענדעלעס „קלאַטשע״, ווי אויך ציוניסטישע ביכלעך, און אינעווייניק — אַ באַהאַלטענער שקל. אגב, אויך שלום אַש האָט געלערנט אין דער זשיכלינער ישיבה.

דאָס אַלץ איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך די רוצחישע היטלער־באַנדעס ימ״ש. עס איז נישט פאַרבליבן פון דעם קיין זכר, קיין קבר — און ס׳איז נישטאָ ווער עס זאָל זאָגן „קדיש״. זאָלן מיינע ווערטער דינען ווי אַ מצבת זכרון נאָך אונדזערע אומגעקומענע עלטערן, ברידער, שוועסטער און משפחות, ווי אויך נאָך אַלע אונדזערע קדושים.

# זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל

## יהושע וואָידיסלאַווסקי

ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די זשיכלינער אין ישראל נישט געהאַט קיין ספּעציעלן אינטערעס זיך צו אָרגאַניזירן אַלס לאַנדסמאַנשאַפט. יעדער האָט געהאַט זיינע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אַנשויונגען און זיין קרייז באַקאַנטע. מיר זענען דאַן נישט געווען קיין עמיגראַנטן אין אַ פרעמד לאַנד. יעדער זשיכלינער, ווען ער איז געקומען אין ארץ־ישראל, האָט ער געפונען אָן אָפענע טיר ביי די שוין איינגעזעסענע. אַ טייל פון די אָנגעקומענע איז געגאַנגען אין די קיבוצים, אַ טייל האָט זיך איינגעאָרדנט אין שטאָט. די לאַנדסלייט פלעגן זיך טרעפן מיט פריינד פון דער היים, אָדער אין די פאַרשידענע פּאָליטישע פּאַרטייען צו וועלכע זיי האָבן געהערט.



דער אַקט פון לייגן דעם גרונטשטיין פונעם „בית ז׳יחלין״ אין תל־אביב. פון רעכטס: זשולטי, קעלמער, נעט אָפּאַטאָוו (האַלט אין האַנט די גרינדונג־מגילה), טאַרגאָווניק, בן־בינה, לעווקאָ־וויטש, ראָזענבערג, נוי.

ווען עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן די שרעקלעכע מערדערייען פון די דייטשן אין די פון זיי אָקופּירטע געביטן, האָט זיך ביי אונדז דערוועקט אַ שטאַרקע זאָרג פאַר די קרובים וואָס זענען געבליבן אין זשיכלין. אָבער מיר האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דער אומגליק איז אַזוי גרויס.

אין יענער צייט איז געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ לאַנדסמאַנשאַפט, כדי צו זיין גרייט, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, צו העלפן מיט געמיינזאַמע כוחות דער שארית הפליטה אין זשיכלין נאָכן חורבן, אָדער די זשיכלינער וואָס וועלן עולה זיין קיין ארץ־ירשאל. צו דעם צוועק זענען זיך צענויפגעקומען עטלעכע עסקנים אין דער וווינונג פון ר׳ מענדל־מאיר ראָזנבלום ז״ל — אַ מזרחי־עסקן אין זשיכלין. אין יענער טרעפונג האָבן זיך באַטייליקט: יוסף ראָזענבערג, יוסף ראָזנגאַרטן, יחזקאל העלמער, לייביש אָפּאַטאָווסקי, יצחק ראָזענבערג, שלמה ווידיסלאָווסקי, יעקב נויפעלד, דוד שטיינבערגער און יחיאל פלאַצקער. ס׳איז אַרומגערעדט געוואָרן די לאַגע פון די זשיכלינער יידן און די שוידערלעכע טראַגעדיע וואָס האָט זיי געטראָפן. מען האָט באַשלאָסן צו גרינדן אַן אָרגאַניזאַציע פון אַלע זשיכלינער אין ארץ־ישראל און ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיטעט, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דעם פאַריין און צוגרייטן דעם סטאַטוט.

דעם 13טן מאַי 1944 איז גערופן געוואָרן די ערשטע גרינדונג־פאַרזאַמלונג אין דער וווינונג פון יצחק ראָזנבערג, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען 40 חברים. משה קעלמער איז געוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער. ער האָט אַרומגערעדט דעם ציל פון דער פאַרזאַמלונג, פאָרגעלייענט דעם סטאַטוט און גלייכצייטיק פאָרגעשלאָגן צו שאַפן אַ גמילת־חסד קאַסע. יעקב נויפעלד איז געוויילט געוואָרן אָנצופירן מיט דער קאַסע. אַלע אַנוועזנדיקע חברים האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן און גלייך אויפן אָרט דעקלאַרירט געלט־סומעס.

אין קאָמיטעט זענען געוויילט געוואָרן פינף חברים: יוסף ראָזענבערג, יעקב נויפעלד, יחזקאל העלמער, יצחק ראָזענבערג, אריה שאַנאַבסקי. אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע: יוסף זשאָלטי, יוסף ראָזענגאַרטן, משה קעלמער. אין חברים־געריכט: מענדל־מאיר ראָזענבלום, בונים בוים, ל. אָפּאַטאָווסקי.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט. חורבן איז פאַרבליבן פון דער יידישער זשיכלין. פון גאַנצן שטעטל, מיט 4000 יידן, זענען ניצול געוואָרן נאָר אייניקע מנינים, און אויך דאָס על פי נס.

אין זשיכלין איז נישטאָ מער קיין יידן. אייניקע זשיכלינער האָבן געפּרוווט זיך



מיינונג־אויסטויש צווישן י. בן־בינה און סעם ווערמאַן (ניו־יאָרק) וועגן פּלאַן פון בית זשיכלין

צוריקקערן, אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיי דאָס שטעטל פאַרלאָזן. זשיכלין איז געוואָרן יידן־ריין.

אין יאָר 1952 איז געקומען קיין מדינת ישראל פון אַמעריקע דער אַקטיווער עסקן פון דער אַמעריקאַנער זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט, סעם ווערמאַן ז״ל. ס׳איז צונויפגערופן געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער עס זענען געקומען זשיכלינער פון גאַנצן לאַנד, אויך די ערשטע גרופּע עולים. נאָכן איבערגעבן דעם טעטיקייט־באַריכט פון ישראלדיקן פאַרבאַנד, האָבן די נייע עולים געשילדערט דעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע נאָענטסטע אין זשיכלין — פורים 1942 האָט מען זיי אַוועקגעפירט קיין כעלמנאָ, אין די גאַז־אויוונס. נאָר אייניקע האָבן זיך דורך אַ נס געראַטעוועט.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאָג צו פאַראייביקן אונדזערע קדושים און שאַפן אַ סטאַבילע היים פאַר דער טעטיקייט פון זשיכלינער פאַרבאַנד. סעם ווערמאַן האָט צוגעזאָגט צו ווירקן מיט אַלע כוחות ביים רעאַליזירן דעם דאָזיקן פּלאַן.

עס איז אויך געוויילט געוואָרן אַ נייע פאַרוואַלטונג אין באַשטאַנד פון: יוסף ראָזענבערג, יהושע ווידיסלאַווסקי, זכריה טאַרגאָווניק, יצחק קעלמער, שמואל יאַקו־באָוויטש, יהושע קובענט (פון די ניי־אָנגעקומענע).

עס ווערט אָנגענומען דער פאָרשלאַג פון ה׳ טאַרגאָוויק צו קויפן אַ קליין הייזל פאַרן פאַרבאַנד. מיט געמיינזאַמע כוחות פון די זשיכלינער אין ישראל און אין אַמעריקע זענען געקויפט געוואָרן צוויי קליינע הייזלעך אויף דער בוגראַשאָוו־גאַס נומער 88. אין איין הייזקע איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ בית־הכנסת אויפן נאָמען פון די קדושי זשיכלין. דאָס פאַרמעגן איז פאַרשריבן געוואָרן אין דער היפּאָטעק אויפן נאָמען פון ישראלדיקן ארגון, פון דער אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט און פון קרן קיימת לישראל. מיט אויפ־שטעלן דעם בית זשיכלין איז פאַראייביקט געוואָרן די ידישע זשיכלין אין דער ידישער מדינה.



יעקב בן־בינה לייענט די גרינדונג־מגילה ביים לייגן דעם גרונטשטיין פון „בית זשיכלין״.

מיטן אויסברייטערן זיך פון דער טעטיקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס אָרט איז פאַר אונדז צו קליין. ווען ה׳ סעם ווערמאַן איז ווידער געקומען אין לאַנד, אין 1962, האָט דער קאָמיטעט באַהאַנדלט מיט אים די פראַגע וועגן בויען אַ הויז פאַרן פאַרבאַנד. ער האָט זיך זייער וואַרעם אָפּגערופן וועגן נייעם פּלאַן און צוגעזאָגט צו העלפן. אָבער צוליב פאַרשידענע מיינונגען, איז מען נישט דערגאַנגען צו קיין געמיינזאַמער שטעלונג.

אויף דער יערלעכער פאַרזאַמלונג, אין יאָר 1964, איז געוויילט געוואָרן אַ נייער קאָמיטעט פון די חברים: אריה אָפּאַטאָווסקי, יעקב בן־בינה (לעמבערג), יעקב נוי (נויפעלד), שמואל יאַקובאָוויטש, יצחק קעלמער, יצחק ראָזנבערג, מאיר העלמער, אברהם זיגעלמאַן און יהושע קובענט.

דער נייער קאָמיטעט האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע צו רעאַליזירן דעם פּלאַן פון אויפבויען דאָס הויז און זיך פאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַנער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָט געשיקט קיין ישראל דעם ה׳ נעט אָפּאַטאָוו ז״ל, אַן אַקטיווער עסקן פון אַמעריקע — און מיר האָבן מיט אים געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך. מיר האָבן זיך פאַרבונדן מיט אַ בוי־אונטערנעמער און דעם 5טן מאַי, 1965, איז געלייגט געוואָרן דער ווינקל־שטיין. אין אַ געהויבענער שטימונג האָט דער קאָמיטעט אַרויסגעשיקט וועגדונגען צו אַלע זשיכלינער אין ישראל און אין די לענדער ווו ס׳געפינען זיך אונדזערע לאַנדס־לייט. מיט געמיינזאַמע כוחות איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נייע געביידע מיט אַ זאַל וואָס קאָן אַריינעמען 300 פּערזאָן. אויך דער נייער בית הכנסת איז איבערגעבויט געוואָרן און מען דאַוונט יעדן פרייטיק און שבת און אין די יום־טובים.

אין זאַל קומען פאָר אונדזערע פאַראַנשטאַלטונגען. מיר נעמען דאָרט אויף אונדזערע



זשיכלינער אין „מרתף השואה״ אין ירושלים, ביים אָנדענק־טאָוול נאָך די קדושים פון זשיכלין.

זשיכלינער געסט פון אויסלאַנד, ווו זיי האָבן אַ מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט קרובים, פריינד און חברים.

יעדעס יאָר, אין טאָג פון אומקום, אָרגאַניזירן מיר אַן אַזכרה.

מיר פייערן אויך, יעדעס יאָר, דעם חג העצמאות אין אונדזער זאַל. חברים פון גאַנצן לאַנד קומען אַנטייל נעמען אין אַלע אונדזערע אונטערנעמונגען.

אונדזער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך צו פאַראייביקן אונדזער שטעטל זשיכלין — די געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קול־טורעלע דערגרייכונגען. חברים פון זשיכלין האָבן צוגעשיקט זכרונות פון אַמאָל; שילדערונגען פון דער שוידערלעכער שואה־תקופה, די מערדערייען פון די דייטשע באַנדיטן ימ״ש, געשריבן דורך די ניצול געוואָרענע פון זשיכלינער געטאָ און פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

דאָס יזכור־בוך וועט אָפּשפּיגלען דאָס לעבן אין זשיכלין אין אַלע צייטן, און אויף אַלע געביטן — ביז דעם גרויזאַמען סוף.

## זשיכלינער לאַנדסלייט אין די פאַראייניקטע שטאַטן

באַאַרבעט: י. ב.

אין יאָר 1905, ווען עס זענען אויסגעבראָכן די שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס און גאַסן־קאַמפּן אין דער גרויסער רוסישער אימפּעריע קעגן דער צאַרישער רעגירונג, האָבן אויך באַדייטנדיקע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג, דער אַמיינסטן פאַרפאָלגטער פון יענעם רעזשים, זיך מיטבאַטייליקט אין דער אַלגעמיינער מרידה. פאַרשטייט זיך, אַז דער אָפּקלאַנג פון די אַלע געשעענישן האָט אויך דערגרייכט קיין זשיכלין. די משכילישע יוגנט, צוזאַמען מיט באַוווסטזיניקע אַרבעטער, האָבן זיך געוואָרפן אין אַקטיוון קאַמף מיט דער האָפענונג און גלויבן, אַז דאָס שטירצן די הערשאַפט פונעם צאַר וועט אויך ברענגען גלייכבאַרעכטיקונג און אויפלעבונג פאַר די יידישע מאַסן. צום באַדויערן, האָט דער דאָזיקער שיינער חלום זיך פאַרענדיקט מיטן אונטערדריקן די רעוואָלוציע פון פינפטן יאָר און מיט אַ פאַרשטאַרקטער פּאָגראָם־העצע קעגן די יידן. דעם פּרייז פאַרן אויפשטאַנד האָבן פאַר אַלעמען געצאָלט די שוואַכע און אַמיינסטן אונטערדריקטע.

די יידישע יוגנט, אַן אַנטוישטע און פאַרצווייפלטע, האָט גענומען זוכן תכלית. אין שטעטל גופא האָבן נישט געוואַרט קיין גרויסע גליקן. האָט מען אָנגעהויבן צו וואַנדערן

— ווער אין די גרעסערע שטעט, אַנדערע ווידער — מעבר לים. געחלומט האָט מען אָנצוקומען אינעם „גאָלדענעם לאַנד”, אַמעריקע, ווו מ׳קאָן פריי אָטעמען, מאַכן אַ לעבן און מיט דער צייט אויך אַראָפּברענגען די משפּחה.

### די ערשטע שריט

אָבער אַלס „גרינע” אין אַ פרעמד לאַנד, אָן אַ שפּראַך און אָן אַ פאַך, אָן פאַמיליע און פריינד, איז דאָס איינאָרדענען זיך אָנגעקומען זייער שווער. די ערשטע טריט אין דער אויסגעטרוימטער אַמעריקע זענען געווען באַגלייט מיט אומגעהויערע שוועריקייטן. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די כסדרדיקע בענקשאַפט נאָך דער אייגענער ווייב, קינדער, עלטערן, שוועסטער־ברידער וואָס זענען געבליבן אין דער אַלטער היים. באַזונדערס טרויעריק איז געווען אין די שבתים און יום־טובים, ווייל ס׳האָט זיך גוט געדענקט ווי אין אַזעלכע טעג אין זשיכלין האָט מען פאַרברענגט אין קרייז פון דער משפּחה און גוטע פריינד, געטראָפן זיך אויף שמחות צי סתם ביי אַ גלעזל טיי. נאָר פאַרפאַלן!



עקזעקוטיווע פון זשיכלינער פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן. שטייען פון רעכטס צו לינקס: מ. קאָווענט, ט. לייבאָוויטש, א. קירשטיין, מ. העלמער, מ. ווייצבערג, ג. מאַקאָווער. זיצן: ס. ווערמאַן, ל. לאַווסקי, ס. קובסקי, ג. גורקי.

צוריק האָט מען נישט געוואָלט פאָרן, ווייל אין דער אונטערשטער שורה, איז נישט געווען נאָך וואָס.

מיט דער צייט האָט די צאָל אימיגראַנטן פון זשיכלין זיך אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן. אין די יאָרן 1910—1914 האָבן זיך שוין געפונען אין ניו־יאָרק גאַנצע יידישע משפחות פון זשיכלין. איינער האָט אָראָפּגענומען דעם צווייטן, געהאָלפן זיך אַרויסרייסן פונעם שטעטלדיקן ד׳ אמות. אין יענער צייט איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אויפשטעלן אַן אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפט אין אַמעריקע, כדי זיך קענגזייטיק אַרויסהעלפן, ווי אויך זיך דערנענטערן איינער צום אַנדערן, האַלטן זיך צוזאַמען אין דעם פרעמדן, אומבאַקאַנטן לאַנד.

די איניציאַטאָרן זענען געווען: אהרן ווערמאַן ז״ל, שמערל ווערמאַן ז״ל, אברהם מאַקאָווער יב״ל, סעם זיידערמאַן ז״ל, מאיר קעלמער.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין אויגוסט 1914, האָט זיך די פרנסה פאַרבעסערט ביי די אימיגראַנטן און זשיכלינער יידן האָבן אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי העלפן זייערע ברידער אין דער אַלטער היים. די מחשבה איז ביי זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מעשים. זיי האָבן טאַקע געהאָלפן, באַזונדערס אינטענסיוו — נאָכן פאַרענדיקן די קריג, ווען דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די יידן אין דער אומאָפּהענגיקער פוילן איז געווען פולשטענדיק רויִנירט. דער אַנטיסעמיטיזם, בויקאָט און עקסצעסן האָבן אויך דערגרייכט קיין זשיכלין.

**די אָפיציעלע גרינדונג פון דער סאָסייטי**

אין חודש נאָוועמבער 1923 איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן אונדזער לאַנדס־מאַנשאַפט־פאַראיין: „זשיכלינער יונג־מענס סאָסייטי״. די פייערלעכע זיצונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון אברהם מאַקאָווער. אין דער עקזעקוטיווע זענען געוואָרן אויסגעוויילט:

אברהם מאַקאָווער, שמערל (סעם) ווערמאַן ז״ל, ישראל לעמבערג ז״ל, סעם זייד־מאַן ז״ל, סידני ווערמאַן.

פון די ערשטע, וויכטיקסטע באַשלוסן, איז כדאי צו דערמאָנען:

יעדער מעמבער (מיטגליד) וועט צאָלן אַ יערלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל אויף צו דעקן די לויפנדיקע אויסגאָבן;

די עקזעקוטיווע וועט אָפּהאַלטן אירע זיצונגען איינמאָל אין צוויי וואָכן;

שאַפן אַ גמילות־חסד קאַסע (אברהם־אלי ווערמאַן האָט אויפן אָרט זיך באַשטייערט מיט אַ גרעסערער סומע פאַר דעם צוועק);

קויפן אַ פּלאַץ פאַר אַן אייגענעם בית־הקברות;

שאַפן אַ פאָנד פאַר מעות חיטין און דאָס געלט איבערשיקן קיין זשיכלין יעדן ערב פסח...

פאַרשטייט זיך, אַז מ'האָט אויך נישט אָפּגעזאָגט קיין אינדיווידועלע הילף. ווען מיר האָבן דערהאַלטן אַ בריוו פון זשיכלינער מרא דאתרא ווו ער באַקלאָגט זיך אַז זיין לאַגע איז אַ שווערע און ער געניסט נישט פונעם אַלגעמיינעם מעות חיטין — איז תיכף געשיקט געוואָרן הילף אויף זיין אַדרעס.

גלייכצייטיק האָבן מיר אויך באַדאַרפט זאָרגן פאַר די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק גופא. פאַר דעם צוועק איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן:

אַ קראַנקן בענעפיט צו העלפן די מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס מיט מעדיצינישער הילף און שפּיטאָל.

אַ רעליעף צו העלפן מיטגלידער אין דרינגענדיקע פאַלן.

אַ גמילות־חסד קאַסע צו ערטיילן הלוואות אויף באַקוועמע באַדינגונגען.

ס'איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ סטאַטוס לויט וועלכן די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפירט. איין מאָל אין יאָר איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער דער פּרעזידענט און דער פינאַנס־סעקרעטאַר האָבן אָפּגעגעבן טעטיקייט־באַריכטן פאַרן אָפּגעלאָפענעם יאָר. אין דער עקזעקוטיווע זענען די אַמטן פאַרטיילט געוואָרן אויף פאָלגנדיקן אופן: פּרעזידענט, וויס־פּרעזידענט, פינאַנס־סעקרעטאַר, טרעזשורער, טשערמאַן איבערן בית־הקברות. אויסער דעם זענען באַשטימט געוואָרן 3 מיטגלידער וואָס האָבן באַדאַרפט זאָרגן פאַר מעדיצינישע הילף פאַר די מעמבערס.

אין יאָר 1938 האָבן מיר געשיקט קיין זשיכלין טויזנט דאָלאַר פאַר דער גמילות־חסדים קאַסע און גלייכצייטיק געזאָרגט אַז אויך דער פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אין אַמעריקע זאָל פאַר דעם זעלבן צוועק שיקן 600 דאָלאַר פון זיינע פאָנדן. יענעם יאָר איז געשיקט געוואָרן פאַר דער זשיכלינער „משמרת חולים" 110 דאָלאַר.

**אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה**

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, ווי נאָר זשיכלין איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים — איז איבערגעריסן געוואָרן יעטוועדער קאָנטאַקט מיט אונדזער געבוירן־שטאָט. דאָך האָבן מיר אין יאָר 1941 געשיקט דורך שפּאַניע, מיט דער הילף פון רויטן קרייץ, 16 שפּייז־פּעקלעך קיין זשיכלין און געהאָפט אַז זיי וועלן מיט עפּעס לינדערן די נויט פון אונדזערע אומגליקלעכע ברידער. לײדער, די פּעקלעך זענען קיין זשיכלין ניט דערגאַנגען.

מיר האָבן געוואָרט אויף דער מפּלה פונעם היטלעריזם און אין סאַמע גאַנג פון דער מלחמה געטראַכט און אויך געגרייט זיך צו העלפן די יידן אין דער אַלטער היים. מיר האָבן באַזאָרגט אין יעדער זשיכלינער שטוב אין ניו־יאָרק אַ ספּעציעלע פּושקע אין וועלער מ׳האָט געזאַמלט געלט פאַר זשיכלינער יידישע קינדער נאָך דער מלחמה. ווען דאָס דריטע רייך האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן מיטן צעקלאַפּן די דייטשן אַרמיי אויף אַלע פראָנטן, איז אָבער אונדזער פרייד צעשטערט געוואָרן מיט די שוידערלעכע ידיעות וועגן יידישן אומקום אין אייראָפּע, באַזונדערס דער חורבן פוילן. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין סך זשיכלינער יידישע קינדער צו העלפן...

די שארית הפליטה האָט אָבער באַדאַרפט צוריק זיך שטעלן אויף די פיס. די מאַטעריעלע הילף פון לאַנדסלייט אין אַמעריקע איז געווען אויסערסט וויכטיק, אָבער נישט פון קלענערער חשיבות איז געווען אין יענער צייט די מאָראַלישע הילף, דאָס דערמוטיקן די וואָס זענען ניצול געוואָרן פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. איז טאַקע כדאי צו ברענגען דאָ דעם אַפּעל פונעם פּרעזידענט פון דער זשיכלינער סאָסיעטע אין ניו־יאָרק, נעט אַפּאַטאָוו, געשריבן אין יאָר 1944:

„לאָמיר העלפן די וואָס האָפן אַמאָל אַליין זיך צו העלפן!

צו אַלע זשיכלינער לאַנדסלייט,

אַזוי ווי איר ווייסט, לעבן מיר איצט איבער איינע פון די שרעקלעכסטע און אוממענטשלעכסטע תקופות אין דער געשיכטע פון מענטשלעכעליידן. קיינמאָל אין דער היסטאָריע פון ידישער פיין (און דאָס יידישע פאָלק האָט גענוג געליטן) האָבן מיר נאָך נישט געהאַט אַזאַ ברוטאַלן און גרויזאַמען שונא ווי דער היטלעריזם, וועלכער האָט מיט זיין בלוטיקער הערשאַפט זיך פאַרמאָסטן אויסצוראָטן אַלע יידן אין דער גאַנצער וועלט — און אין אַ געוויסער מאָס האָט ער זיין דורשט נאָך יידיש בלוט דערגרייכט.

מיליאָנען פון אונדזערע שוועסטער און ברידער אין אייראָפּע האָט ער שוין אומ־געבראַכט און ווער ווייסט וויפל נאָך מיליאָנען וועלן אומקומען. צו לייזן דאָס יידישע פּראָבלעם איז די אויפגאַבע פון דער וועלט אַלס גאַנצע, אָבער ראַטעווען די איבערגעבלי־בענע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידער אין זשיכלין — דאָס איז אונדזער אויפגאַבע.

מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אויף איין מאָמענט, אַז מיר זשיכלינער אין אַמעריקע זענען זייער איינציקע האָפענונג. מיר טאָרן זיי נישט אַנטוישן און פאַרלאָזן.

דערפאַר ווענדעט זיך דער זשיכלינער רעליעף־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק מיט דעם וויי־געשריי פון די יעניקע וואָס קאָנען נישט אַליין צו אייך רײדן: דערפילט אייער חוב!

ווי איר זעט, לאַנדסלייט אויסער ניו־יאָרק, איז דער אַפּעל געווענדעט דירעקט צו אייך. דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר, די לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, אַפּעלירן צו אייך איר

זאָלט העלפֿן אונדזער רעליעף־אַרבעט. ס׳איז איבעריק צו זאָגן, אַז רעליעף פֿאַר זשיכלין איז פֿאַר אונדז אין ניו־יאָרק קיין נייעס נישט, אָבער אין איצטיקן מאָמענט, ווען די נויט פֿאַר רעטונג איז פֿיל גרעסער ווי ווען ס׳איז געווען, מוזן מיר זיך ווענדן צו אייך ווענן מיטהילף. נעמט זיך צו דער אַרבעט און שליסט זיך אָן אין אַ קאָמיטעט פֿון אַנדערע זשיכלינער אין אייער שטאָט און קלערט זיי אויף די וויכטקייט פֿון דערלאַנגען הילף פֿאַר זשיכלין. אַזוי אַרום האָפֿן מיר צו באַקומען באַשטייערונגען פֿון יעדער איינעם, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַזאַ הייליקן צוועק.

מיר רופֿן אַ מיטינג פֿון זשיכלינער אין ניו־יאָרק. אָבער צו די וואָס ווינען אין אַנדערע ערטער אין די שטאַטן, מוזן מיר זיך ווענדן שריפֿטלעך.



דריי אַקטיווע טוערס פֿו־נעם זשיכלינער פֿאַרבאַנד אין ניו־יאָרק. פֿון רעכטס: נעט אַפּאַטאָוו ז״ל, סידני ווערמאַן ז״ל און סעם ווערמאַן.

ס'איז נייטיק באַלדיקע הילף. לייגט נישט אָפּ אויף מאָרגן. מענטשלעכע האָפענונגען זענען אָפּהענגיק פון אייך. גיט פיל מערער וויפל איר קענט. שטרענגט זיך אָן, ווייל גרויס איז דער אומגליק.

דאָס דערהאַלטענע געלט ווערט דעפּאָזירט אין באַנק ביזן מאָמענט ווען מיר וועלן קאָנען איבערשיקן די הילף קיין זשיכלין. זשיכלינער רעליף־קאָמיטעט

נעט אָפּאַטאָוו, טשערמאַן".

דער דאָזיקער אַפּעל האָט געהאַט אַ וואַרעמען אָפּקלאַנג און אויך די זשיכלינער אויסער ניו־יאָרק זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער הילפס־אַרבעט פאַר דער שארית הפליטה.

**נאָך דער באַפרייונג**

גלייך נאָך דער באַפרייונג, אין 1945, האָבן מיר געשיקט 20 פּעקלעך מיט שפּייז און באַקליידונג קיין זשיכלין, ווייל מיר האָבן געהאָפט, אַז אַ סך פון די ניצול געוואָרענע יידן וועלן דערפון געניסן. leider, נישט געווען מער פאַר וועמען צו שיקן הילף.

דערנאָך האָט אונדזער עקזעקוטיוו־מיטגליד סעם ווערמאַן ז"ל געשיקט בריוו אין אַלע די.פּי.־לאַגערן אין דייטשלאַנד און זיך אָנגעפרעגט אויף זשיכלינער, כדי זיי אַנטקעגנקומען מיט הילף. גלייכצייטיק איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער פאָנד אויפצונעמען די זשיכלינער יידן וואָס וועלן קומען קיין אַמעריקע. אַ דאַנק דעם האָט מען זיי דערמעגלעכט צו שאַפן זיך אַרבעט, אַ דאַך איבערן קאָפּ און דאָס וויכטיקסטע — דאָס שטעלן זיך אויף די פיס איז אָנגעקומען אַ סך גרינגער, ביי דער פינאַנסיעלער און מאָראַלישער שטיצע פון דער סאָסייטי.

נאָכן קריג האָבן מיר אויך געשיקט פּעקלעך מלבושים און שפּייז קיין ישראל פאַר די באַדערפעניש פון אונדזערע לאַנדסלייט.

1948. 15טער מאַי. עס ווערט פּראָקלאַמירט די אַנטשטייונג פון דער יידישער מדינה. די באַגייסטערונג פון די זשיכלינער יידן אין אַמעריקע איז גרויס. מיר באַשליסן אַקטיוו צו באַטייליקן זיך אין אַלע געלט־קאַמפּיינען פאַר מדינת ישראל. יעדן יום העצמאות אָרדענען מיר איין פאַר אונדזערע מיטגלידער און זייערע משפחות אַ פייערלעכן באַנקעט ביי געדעקטע טישן. די שטימונג און אַטמאָספער איז אַ יומטובדיקע, אַ דערהויבענע. אונדזערע הערצער קלאַפּן דעמאָלט אין איין ריטם מיט די הערצער פון אַלע יידן אין דער וועלט וואָס פרייען זיך מיט אונדזער יידישן לאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר פאַרגעסן אויך נישט אין אונדזערע קדושים. יעדעס יאָר אָרדענען מיר איין יזכור־אָוונטן צום אָנדענק פון די אומגעקומענע.

**בית זשיכלין אין ישראל**

אין יאָר 1951 האָט געווײלט אין ניו־יאָרק דער פּאָרזיצער פון דער זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, פריינד טורגאָווניק מיט זיין פרוי. ער האָט פאָרגעלייגט אויפצושטעלן אין ישראל אַ הויז־מאָנומענט וואָס זאָל פאַראייביקן די יידישע זשיכלין. דער געדאַנק האָט געהאַט אַלעמענס אָנערקענונג און די זשיכלינער אין ניו־יאָרק האָבן גאַנץ שנעל געשאַפן אַן אָנגעזעענע סומע פאַר דעם צוועק און אין חולון איז געקויפט געוואָרן אַ פּלאַץ. אין יאָר 1953 האָט באַזוכט ישראל סעם ווערמאַן און איינגעזען, אַז חולון איז נישט דאָס פּאַסיקע אָרט אויפצושטעלן דעם בית זשיכלין. דער פּלאַץ איז פאַרקויפט געוואָרן און מיט בשותפותדיקע כוחות פון די לאַנדסלייט אין אַמעריקע און אין ישראל האָט מען אין צענטער פון תל־אביב זיך איינגעקויפט צוויי אַלטע געבײדעס אויף דער בוגראַשאָוו־גאַס.

מיט 10 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1963, ווען סעם האָט ווידער באַזוכט ישראל און אַפילו מיטגעבערענגט מיט זיך 10 טויזנט דאָלאַר אויפצובויען דאָס הויז, איז אָבער נישט געווען קיין איינשטימיקייט צווישן אים און דעם קאָמיטעט אין ישראל וועגן כאַראַקטער און אויפגאַבן פון דעם הויז־מאָנומענט. די רעאַליזירונג פונעם פּראָיעקט איז דערווייל געוואָרן אָפּגעלייגט.

אין חודש יולי 1965 איז חבר נעט אָפּאַטאָוו ז״ל געקומען קיין ישראל מיט דער פולמאַכט פון דער עקזעקוטיווע אין ניו־יאָרק צו רעגולירן מיט די חברים אין ישראל דאָס פּראָבלעם פונעם הויז. דער ניי־דערווײלטער קאָמיטעט אין ישראל האָט שנעל געפונען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיטן גאַסט פון אַמעריקע און דעם 6טן סעפּטעמבער דעם זעלבן יאָר אַדורכגעפירט די פייערונג פון לייגן דעם גרונטשטיין פאַרן בית זשיכלין אין תל־אביב, אין דער אָנוועזנהייט פון נעט אָפּאַטאָוו. איצט איז טאַקע אויפגעשטעלט די געבײדע וועלכע טראָגט דעם נאָמען „בית אירגון יוצאי ז׳יחלין ישראל־אמריקה״. דאָרט געפינט זיך אויך אַ בית הכנסת א. נ. פון קדושי זשיכלין.

דאָס הויז דינט אַלס אָרט פאַר פאַרשידענע צוזאַמענטרעפן פון די זשיכלינער אין ישראל ווי אויך אויפצונעמען אונדזערע לאַנדסלייט־טוריסטן, וואָס קומען באַזוכן ישראל.

ס׳איז צו באַדויערן וואָס די טייערע חברים סעם ווערמאַן ז״ל און נעט אָפּאַטאָוו ז״ל, וואָס האָבן אַריינגעלייגט אַזוי פיל מי און טרייפּאַפט דעם געדאַנק פונעם בית זשיכלין, האָבן נישט זוכה געווען צו זען די פרוכט פון זייער מי.

די זשיכלינער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָבן בדעה ווייטער אָנצוגיין מיט זייער געבענטשטער טעטיקייט לטובת אונדזערע שטעטישע אין די פאַר. שטאַטן, אין מדינת ישראל און אומעטום ווו עס געפינען זיך אונדזערע לאַנדסלייט.

# ר׳ אהרון יהודה — דער דיין און מורה־הוראה

## יעקב בן־בינה

אַ ייד אַ ירא שמים און ירא חטא, אַ למדן מופלג בנגלה ובנסתר, אַ דיין און מורה־הוראה. זיין טאָג האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ באַגינען. שוין פאַרטאָג איז ער אָוועק אין בית־המדרש לעבודת הבורא און אין טלית־זעקל האָבן זיך געפונען 2 פּאָר תפילין, דער טלית, ספרים צום לערנען — זיין שפּייז אויף אַ גאַנצן טאָג. ס׳איז שווער געווען צו באַגרייפן ווי אַזוי דער דאָזיקער נידעריקער, שוואַכער ייד, הויט־און־ביין, האָט געהאַט כוח צו טראָגן דעם שווערן טלית־זאַק. ר׳ אהרון יהודה איז ניט געגאַנגען אויף דער ערד, נאָר געשוועבט צווישן הימל און ערד.

גייענדיק אין בית־המדרש, האָט ער ניט געקוקט רעכטס אָדער לינקס, קוים חס ושלום וועט זיין בליק זיך אָנשטויסן אויף עפּעס אַזוינס וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין כוונה צו זען. נאָר אַריינקומענדיק אין בית־המדרש, האָבן זיינע אויגן געגלאַנצט פון פרייד. נאָך פאַר דעם פלעגט ער גיין אין מקווה און אין באָד, זומער און ווינטער, כדי זיין ראוי צו דער עבודת הקודש. ביי אַ צאַנקענדיק ליכט (קיין עלעקטריע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אין שטעטל), האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ ספר און זיין תפילה דערנאָך האָט זיך געצויגן ביזן האַלבן טאָג. אַ גאַנצע וואָך זיך באַגנוגנט מיט קנאַפּע דערנערונג, ווי ר׳ חנינה בן דומא, געגעסן אַ זעמל און געטרונקען אַ גלאָז מילך, כדי מאַכן די ברכות „המוציא״ און „ברכת מזון״. אַ שכנטע פלעגט אים יעדן טאָג ברענגען זיין אָרעם מאָלצייט מיט דער האָפענונג, אַז אין דעם זכות וועט זי אָנקומען אין גן־עדן.

יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט ער געפאַסט, שוין אָפּגערעדט פון די אַלגעמיינע תעניתים. זיינע אויגן האָבן פאַרשפּרייט אַרום זיך ליכט און וואַרעמקייט. יעדן טאָג, צווישן מנחה־מעריב, ווי אויך שבת, פלעגט ער פאַר עמך־יידן דרשנען וועגן חומש און מדרש און דער עולם האָט געשלונגען יעדעס וואָרט. אַז מ׳איז צו אים געקומען פרעגן אַ שאלה, האָט ער לאַנג לאַנג געטראַכט ביז ער האָט געפּסקנט צי דער עוף איז כשר, אָדער טריפה. ער האָט אַלץ געוואָלט פאַרלייכטערן, כדי, חלילה, ניט לאָזן אַן אָרעמע משפחה אָן פליייש אויף שבת.

אַ גראָדליניקער, האַרציקער מענטש, געלט האָט אים ניט אינטערעסירט. פול מיט מענטשן־ליבע און אהבת ישראל. מיט רחמים זיך צוגעהערט צו יעדנס רייד, גרייט געווען יעדן איינציקן צו העלפן מיט זיין וואַרעמען בליק און האַרציקן וואָרט.



דער דיין ר׳ אהרון יהודה זצ״ל

אין די ימים־נוראים האָט ער געדאַוונט פאַרן עמוד אין בית־המדרש אָדער אין דער גרויסער שיל. געכליפּעט און געבעטן ביים אַלמעכטיקן, דערבאַרעמדיקן גאָט — ניט פאַר זיך, נאָר פאַר דער גאַנצער קהילה און פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. הגם ער האָט

געהאַט אַ שוואַך קול, האָט מען אים געהערט אומעטום, אַפילו אין דער עזרת נשים.

אין סוכה פלעגט ער זיצן די גאַנצע זיבן טעג, אַפילו דאָרט געגעכטיקט. געווען עמפּינדלעך אויפן אמת און ווען ער האָט געפילט אַז מ׳איז קעגן וועמען באַגאַנגען אַן עוולה, האָט ער זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון צו קעמפן קעגן איר מיט די שטאַרקע און אַנגעזעענע יידן אין שטעטל.

ר׳ אהרון יהודה איז נפטר געוואָרן אין אַ גוטן עלטער. בעת דער לוויה האָט זיך אָפּגעשטעלט אין זשיכלין דער יידישער מסחר און מלאכה. די גאַנצע שטאָט האָט אים באַגלייט זיין לעצטן וועג.

## „חסידישע מלחמות״ אין זשיכלין

### אברהם רזון

שמואל־אבא זשיכלינסקי איז געבוירן אין פּיאַנטקע און שפּעטער איז ער געקומען קיין זשיכלין. געווען אַן אינטעליגענטער בחור. אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך שוין פאַרנומען מיט גייסטיקער אַרבעט, געשריבן לידער געווידמעט ארץ־ישראל. געווען פון די ערשטע משכילים אין פּוילן.

שמואל־אבא האָט זייער ליב געהאַט די נאַטור. ער האָט אין זיין הויף געהאַט אַ שיינעם גאָרטן מיטביימער און פּרוכטן. דאָרט איז געווען אַ ברונעם און אַ בית מדרש צום דאַווענען יעדן יום־טוב. אַרום דעם גאָרטן איז געווען אַ הויכער פּלויט.

שמואל־אבא האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מוזיקאַלישקייט, ליב געהאַט צו זינגען און צו הערן געזאַנג. ער האָט פיל געלערנט און פאַרשפּרייט וויסן צווישן דער אינ־טעליגענץ פון דער געגנט, ווי אויך צווישן דעם פּשוטן פאָלק. זיין טעטיקייט איז אויס־געפאַלן אין שווערע צייטן — די מענטשן זענען געווען פּרימיטיוו און האָבן אים גע־האַלטן פאַר נישט קיין נאָרמאַלן. ער אָבער האָט זיך ניט איבערגעשראָקן. ער פלעגט ליב האָבן צו גיין יעדן צווייטן טאָג אין וואַלד און דאָרט זיך אָפּגעבן זיינע געדאַנקען. אויפן וועג צום וואַלד אין אופּראָוו האָט ער באַגריסט די אַלע וואָס האָבן געאַרבעט. נאָך אַזאַ שפּאַציר איז ער געקומען אַהיים אָפּגעפרישט און פול מיט האָפענונג. אין זיין היים האָבן שוין דאַן געוואַרט מענטשן, כדי צו באַקומען אַ ברכה פון זיין הייליקן מויל. אַ סך פון זיי זענען געשלאָפן אין זיין גאָרטן.

שמואל־אבא איז געווען אַ שטאַרקער רעדנער, האָט געקאָנט געווינען דעם עולם. יעדן פרייטיק, פון 12 אַ זייגער, האָט ער שוין גערעדט לשון־קודש. די ישיבה־בחורים פון דער געגנט פלעגן קומען הערן זיין העברעיש. ער האָט געקאָנט ריידן, אָן איבער־רייס, זעקס שעה. אַפילו נחום סאָקאָלאָוו איז געקומען פון ווישעגרוד אים הערן ריידן עברית.

זיינע געדאַנקען האָבן זיך אָנגעהויבן וואָס מער פאַרשפרייטן און ער האָט צו דער יוגנט אַלץ מער גערעדט וועגן שיבת ציון. קעגן דעם זענען געווען די קאָצקער חסידים, אָנהענגער פון שמחה־בינם באָרנשטיין, דעם זשיכלינער רב. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף — מיט אַלע מיטלען. אין זשיכלין האָבן זיך געשאַפן צוויי לאַגערן — די אָנהענגער פון רב שמואל־אבא און קאָצקער.

דאַן האָט שמואל־אבא אָנגעהויבן קעמפן פאַר זיינע אידעען — שאַפן אַ מער מאָדערנע ישיבה, ווו מען זאָל אויך לערנען העברעיש. זיינע אָנהענגערס זענען געווען: לייבל דער סופר, הירש קאָשע און אסתר די גבאיטע.

ראש השנה, ווען אַלע זיינע חסידים האָבן געענדיקט דאַווענען און זענען געגאַנגען צום ברונעם צו תשליך, האָבן די קעגנערס אָנגעהויבן צו שטערן זייערע תפילות. אָבער דער רבי האָט פאַרגעזעצט די תפילה און מיט ווייטיק געזאָגט: „טייערער גאָט, איך גיב דיר איבער דעם גאַנצן ענין און איך בעט דיך משפטן ווער איז גערעכט — און זאָלסט יושרדיק משפטן". דעם רבינס חסידים האָבן זיך גענומען שלאָגן מיט די קאָצקער און האָבן זיי פאַריאָגט. דאַן האָט זיך אַנטוויקלט אַן עפנטלעכער קאַמף און עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשידענע בלבולים. די קאָצקער האָבן געמסרט דעם רבין, אַז ער שרייבט ביכער קעגן דעם צאַר ניקאָלאַי.

שבועות, ווען דער רבי איז געגאַנגען אין גאָרטן און זיינע חסידים זענען געקו־מען דאַווענען אין בית־מדרש, וואָס איז פול געווען מיט זיינע אָנהענגערס, אויך אין דרויסן, זענען פלוצלונג געקומען דריי פּאָליציאַנטן, צוגעגאַנגען צום רבין, ווען ער האָט אָנגעהויבן די שבועות־תפילה און אים געהייסן מיטגיין מיט זיי, ווייל ער האָט גע־שריבן ביכער קעגן צאַר. ס'איז געוואָרן אַ בהלה.

אין יענע צייטן איז געווען אַ געזעץ, אַז איינער האָט געקאָנט גיין זיצן פאַר אַ צווייטן. איז איינער פון זיינע חסידים צוגעגאַנגען צו דעם פּאָליציי־עלטסטן און גע־זאָגט, אַז ער וויל נישט אַז דער רבי זאָל אין הייליקן יום טוב שבועות, געשמידט אין קייטן, גיין אין תפיסה קיין לענטשיץ. „איך גיי פאַר אונדזער הייליקן רבין זיצן!" דאָס איז געווען הערש קאָשע. ער האָט זיך געלאָזט שמידן אין קייטן און מען האָט אים אוועקגעפירט קיין לענטשיץ, ווו ר'איז געזעסן צוויי וואָכן.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַ גרויסער סקאַנדאַל און די אויפרעגונג איז געוואָקסן. אָבער מען האָט אויפגעקלערט דעם גאַנצן ענין, אַז די לידער, וועלכע דער רבי האָט געשריבן, זענען נישט געווען קעגן צאַר, נאָר אין גייסט פון דער תורה, אַז ער האָט גערופן די ייִדן צו גיין אין זייער היים, אין הייליקן לאַנד — ארץ ישראל. מען האָט דאַן באַפרייט ר׳ הערש קאַשע, איינעם פון רבינס טרייעסטע חסידים. דער רבי איז אַריין אין קליינעם בית־מדרש און דער עולם איז, פול מיט גאוה פונעם גרויסן זיג, זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

אין שטעטל איז געוואָרן אַ שמחה, מען האָט גערעדט וועגן זיג פון גרויסן צדיק. דער רבי איז אַרויס אין זיין גאָרטן און גאָרנישט גערעדט, נאָר געקוקט אויף די ביימער און איז צוריק אַריין לערנען.

עס האָבן זיך דערנענטערט די ימים־נוראים. דער רבי האָט סוכות געעפנט דעם דאַך פון זיין סוכה, עס זאָל אַריין מער לופט. ער איז ווידער געגאַנגען אין וואַלד, אין אופּאַראָוו. אויפן וועג האָט ער געבענטשט די שניטערס אויף די פעלדער און זיין האַרץ האָט געזונגען אַ ליד וועגן די ייִדן אויף די פעלדער אין ארץ־ישראל, ווען זיי וועלן שניידן זייערע תבואות.

ווען ער איז צוריק געקומען פון וואַלד, האָט ער אָנגעשריבן אַ ליד און עס באַהאַלטן אין ספרים־שאַנק. נאָך די ימים־נוראים האָט ער גערופן צו זיך לייבל דעם סופר. ער האָט געוווּסט, אַז לייבל דער סופר וויל פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט: „איך ווייס, אַז דו ווילסט פאָרן קיין ארץ־ישראל, פאָר און איך וועל דיר מיטגעבן אַ ברכה מיט אַ ליד, וואָס איך האָב געווידמעט אונדזער הייליק לאַנד. דו וועסט דאָס ליד אַריינלייגן אין בית־הכנסת צווישן די ספרים פון אונדזערע נביאים״.

לייבל איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל און געהאַלטן אין בוזעם דאָס ליד און די ברכה אין האַרצן. ווען ער איז אָנגעקומען קיין ירושלים, איז ער גלייך אַוועק צום כותל המערבי. נישט ווייט איז געשטאַנען דער אַלטער בית הכנסת. ער איז צוגעגאַנגען צום ארון הקודש און אַריינגעלייגט צווישן די ספרים דעם רבינס ברכה און דערביי געזאָגט: „אין נאָמען פון דעם הייליקן צדיק, שמואל־אבא פון זשיכלין, בעט איך דיר הייליקער גאָט, נעם צו די צרות פון מיין פאָלק און נעם זיי צוריק אין זייער לאַנד, אויף זייערע פעלדער, ווו זיי וועלן אַרבעטן, ווייל זיי האָבן גאָרנישט פאַרגעסן״. דער־נאָך האָט לייבל געשריבן צום רבין וועגן דעם. דער רבי איז געווען זייער צופרידן.

נישט לאַנג נאָך דעם איז דער רבי נפטר געוואָרן. משה סנה, זיין זון, איז געוואָרן רבי אין זשיכלין. ער האָט זיך נישט געמישט אין קיין שום ענינים. ער איז געווען אַ גרויסער לערנער און נאָר מיט דעם האָט ער זיך פאַרנומען.

אויך הערש קאַשע איז געשטאָרבן און אַלץ האָט זיך באַרויקט.

אין יענער צייט האָט אין זשיכלין זיך אָנגעהויבן אַ ניי לעבן. דער רבי ר׳ שמחה־בונם איז געוואָרן דער וואָרטזאָגער. כאָטש ער איז נישט געווען קיין קאָצקער חסיד, איז ער געווען אַן אָנהענגער פון קאָצקער הויף. ער האָט זיך געשאַפן נישט קיין סך תלמידים און מיט זיי געלערנט. דער רבי איז געווען זייער אַ קלוגער, געהאַט אַ ווייטן בליק. זײַנע תלמידים האָבן געשפּילט טעאַטער. לכבוד פּורים האָבן זיי אויפגעפירט די פּיעסע „אחשורש״ — איין מאָל ביים רב שמחה־בונם און דעם צווייטן מאָל ביי ישראל־יצחק העלמער. די שפּילערס זענען געווען: מרדכי־בער ווײדען, בנימין סלאָנסק אאַנ״ד. אסתר המלכה האָט געשפּילט מרדכי־בער ווײדען, ווייל ער איז געווען זייער אַ צאַרטער בחור.

שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ חברה „חנוכה״ מיט בונם קילבערט בראש. די רייכע און שיינע באַלעבאַטים פון זשיכלין פלעגן פאָרן אין דאָרף טרעטיק און מען האָט דאָרט געשפּילט אַ חנוכיה, געשפּילט אין שאַך, כאָטש נישט אַלע האָבן געקענט שפּילן. די ווייבער זייערע פלעגן פאַרבלייבן אין דער היים. בונם קילבערט האָט מיט דעם אָנגעפירט. מען האָט געגעסן און געטרונקען און ביי דער דערעפענונג האָט מען געמאַכט אַ קידוש מיט וויין פון אײגענעם גאָרטן. זיי פלעגן זיין אין דאָרף פון זונטיק ביז פרייטיק און פרייטיק זענען זיי אַהיים געקומען. זיי האָבן זיך געפרייט און געווען צופרידן פון דער חנוכיה, ווי עס וואָלט געווען אַן „אָלימפּיאַדע״. אין דער שמחה האָבן אָנטייל גענומען: ישראל־יצחק העלמער, בינם קרויט, אברהם העלמער, אברהם לענציצקי, פערבער, כלאָווניס, משה ראָזנבערג און דער רבי ר׳ שמחה־בונם. ביים שליסן דעם יום־טוב פלעגט האַלטן אַ רעדע דער רב וועגן די ניסים פון חנוכה און וועגן די העלדן, די מכבייער — און מען האָט געזונגען לידער.

אין שטעטל האָבן אַלע ייִדן אויך געפייערט חנוכה מיט לאַטקעס און פּאָנטשקעס.

אין אַ צייט שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ מלחמה וועגן שוחט און חזן. שלמה זבולון איז געווען אַ שיינער זינגער און אַ שוחט. די קאָצקער זענען געווען קעגן אים. עס האָט זיך געפירט די מלחמה צווישן אברהם העלמער מיט זבולון. אברהם העלמער איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה און געדאַווענט צוזאַמען מיט זיינע פינף זין. שלמה זבולון האָט געהאַט אַ שיינע שטימע און עמך האָט אים ליב געהאַט. די מלחמה האָט לאַנג אָנגעהאַלטן. דערווייל איז געשטאָרבן דער רב שמחה־בונם. זיין איידעם איטשע־מאיר איז געוואָרן רב אין זשיכלין. איטשע־מאיר איז נישט געווען קיין גערער חסיד און משה חלאַמסקי איז געווען זיין שטאַרקער קעגנער. לאַנג האָט נישט אָנגעהאַלטן זיין רבנות אין זשיכלין, ווייל ער איז געשטאָרבן.

אָבער די מלחמה האָט זיך ווייטער געפירט צווישן אהרן־יהודה הצדיק פון אַמשי־נאָוו, איינער פון די ערלעכסטע מענטשן פון אונדזער דור און צווישן די גערער חסידים.

# מיין שווער ר׳ מנחם מאיר ראָזענבוים ז״ל

## יעקב נוי

מיין שווער ר׳ מנחם מאיר איז געווען פון די געציילטע יידן אין שטעטל, אין וועמען מיר האָבן געזען די פּערזאָן וואָס איז מסוגל צו ווייזן דעם וועג דער יידישער יוגנט, וועלכע האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געזוכט פאַר זיך אַ צוקונפט און אַ תכלית. דאָס האָט ער געוויזן דעם וועג פון ציוניזם, נאָר אָנעם אָפּרייסן אים פון דער ידישער טראַדיציע און אמונה. ער האָט געהייסן זיך גרייטן צו עליה, געפינען די פּאַסיקע שפּראַך פאַר די בית־המדרש בחורים און מצליח געווען זיי צו זאַמלען אַרום זיך. דער דאָזיקער ייד איז געווען אַ מין שפּרודלדיקער קוואַל.

צוויי שטרעמונגען זענען געווען ביי די יונגע תורה־לערנערס אין שטעטל. איינע — די וואָס האָבן געלערנט אין גערער שטיבל און כלומרשט מסכים געווען מיטן גלות, ביז משיח וועט קומען; די צווייטע — די בית־המדרש בחורים וואָס האָבן געשטרעבט אַרויסצורייסן זיך פונעם ענגן קרייז; נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

אַ פונק פון האָפענונג האָט זיך אַנטפלעקט אין דער פּערזענלעכקייט פון ר׳ מנחם מאיר, דער גרינדער פון מזרחי, וואָס האָט זיין עיקרדיקע אויפגאַבע געזען אינעם חינוך און געוואָלט זיין דער וועגווייזער פאַר די בית־המדרש בחורים. זייענדיק אַריינגעטאָן אין רוחניות, האָט ער זיך קיינמאָל נישט באַשעפטיקט מיט מאַטעריאַלע ענינים. מיט דעם האָט זיך פאַרנומען זיין ווייב לאה ז״ל. נאָר די באַשטייערונג פאַר ארץ־ישראל האָט ער אַליין געגעבן, ווי אויך פאַרן אַרבעטער־פאָנד — דעם מגבית פון דער הסתדרות, די אַלגעמיינע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין א״י.

נישט נאָר דעם ציוניסטישן אידעאַל האָט ער איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון די תורה־לערנערס אין בית־המדרש, נאָר געהאָלפן שיקן וואָס מערער יונגעלייט אין לאַנד פון די אבות, נאָך איידער ער אַליין האָט עולה געווען.

נאָכן ענדיקן די ערשטע וועלט־מלחמה, ווען די יידישע קהילות זענען דעראָבערט געוואָרן דורך די ציוניסטישע פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען, איז גרויס געווען ר׳ מנחם מאירס השפעה אויף די באַלעבאַטישע יידן אין שטעטל. ער איז געווען פון די לאַנגיאָריקע גערער חסידים, נאָר צוליב זיינע ציוניסטישע אַנשויונגען, איז ער געווען געצוווּנגען צו דערווייטערן זיך פון זיי און זיך שטעלן בראש פון מזרחי און פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

זשיכלין איז געווען אַ פעסטונג פון די גערער חסידים. אויך דער רב ר׳ אברהם מרדכי איז געווען צו זיי נאָענט. אפשר איז זייער כוח נישט געווען אַזוי גרויס, ווי זייער אַגרעסיוויקייט און העזה צו דערקלערן פאַר אַ שונא ישראל יעדן ייד, אַפילו אַ תלמיד־חכם און ירא־שמים, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צום ציוניזם. נישט יעדער איינער האָט געהאַט גענוג כוח בייצושטיין אַזעלכע אַטאַקעס און בויקאָטירט ווערן אַלס „ציוניסט״. מיין שווער, מיט זיין פערזענלעכן ביישפיל, איז געווען אַ דערמוטיקונג און ביישפיל פאַר אַנדערע, וואָס האָבן זיך טאַקע אָנגעשלאָסן אין מזרחי.

זייענדיק שוחט, האָט ער נישט געקענט אויסגעקליבן ווערן אַלס דאָזאָר אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג, נאָר אַ דאַנק זיין השפעה, איז די מערהייט פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג באַשטאַנען פון ציוניסטישע פאַרשטייערס. דאָס האָט אַ סך געהאָלפן, אַז די בתי־מדרשים און שילן זאָלן זיין אָפן פאַרן אַריינדרינגען פונעם ציוניסטישן געדאַנק דורך שליחים פון ארץ־ישראל, אָדער רעפערענטן פון דער צענטראַלע אין וואַרשע, באַזונדערס אין די יאָרצייט־טעג פון ד״ר טעאָדאָר זאב הערצל, טראָץ דער קעגנערשאַפט פונעם רב פון שטעטל.

אין אָנהייב פון די דרייסיקער יאָרן, ווען די מערהייט פון זיין משפחה האָט עולה געווען, האָט ער אַליין זיך גענומען גרייטן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, כדי רעאַליזירן דעם ציוניסטישן אידעאַל, הגם עקאָנאָמיש האָט אים גאָרנישט געפעלט. בנוגע די גרענעצן פון לאַנד איז ער געווען עקסטרעם, שוין דאַן געווען אַן אָנהענגער פון אַ גאַנצער א״י.

געשטאָרבן אין הויכן עלטער, אין יאָר 1955.

געבענטשט זאָל זיין זיין אָנדענק!

## פון אונדזערע געשטאַלטן

### יוסף ראָזענגאַרטן

**ר׳ מנחם מאיר ראָזענבאום**

פון דער פריסטער יוגנט געווען אַ טרייער אָנהענגער פון דער ציוניסטישער אידעע. — און דערפאַר זענען אויף אים געווען אין כעס די גערער חסידים. מנחם־מאיר איז אויך געווען שוחט אין אייניקע קהילות אין פוילן און דערמוטיקט ייִדישע יונגלעך צו לערנען די דאָזיקע פראָפעסיע און מיט איר עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

זיין היים איז געווען אַן אכסניה פאַר אַלע ציוניסטישע פאַרטייען און אונטער זיין

השפעה האָבן אַ סך עולה געווען. הגם ער האָט געהערט צו די אָנפירנדיקע חברים פון „מזרחי״, האָבן די מיטגלידער פון החלוץ און צעירי ציון נישט איינמאָל געפרעגט ביי אים אַן עצה. איך געדענק, אַז ווען מ׳האָט פאַרשפרייט אין זשיכלין אַקציעס פון דער „באנק הפועלים״ אין ארץ־ישראל, האָט ער געעצהט צו קויפן די אַקציעס. ער איז געווען פון די גרינדערס פונעם פראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די שוחטים אין פוילן, און דערפאַר באַדאַרפט אַפילו אָפּקומען אַ תפיסה־שטראָף.

עולה געווען אין יאָר תרצ״ד (1934), נאָך דעם ווי אַ טייל פון זיינע קינדער האָבן זיך געהאָט באַזעצט אין ארץ־ישראל. ער האָט זוכה געווען צו אייניקלעך און אור־אייניקלעך.

מנחם־מאיר ראָזענבאום איז נפטר געוואָרן אין עלטער פון 88 יאָר. זיין אָנדענק וועט תמיד דערמאָנט ווערן צום גוטן ביי די וואָס האָבן אים געקענט.

**ר׳ דוד שמיר (שטיינבערגער) ז״ל**

געבוירן אין יאָר 1888 אין אַנשינאָוו, פוילן, ביי אַ למדנישער משפחה. דערנאָך אַליין באַרימט געוואָרן אַלס תלמיד־חכם און „זיידענער יונגערמאַנטשיק״. אין יאָר 1907 חתונה געהאָט מיט טובהן, די עלטסטע טאָכטער פון ר׳ שמואל בידערמאַן פון זשיכלין, און ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע טעג, געווען אַן איידעם אויף קעסט. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָט ער געשטרעבט צו ווערן זעלבשטענדיק, איז מותר אויף דער קעסט, פאַרלאָזט זשיכלין און פאָרט אַריבער קיין לאָדזש.

מיטן פאַרנעמען פוילן דורך די דייטשן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען די פּאָליטישע פּאַרטייען אַרויס פון דער קאָנספּיראַציע, צווישן זיי — אויך די ציוניסטישע באַוועגונג. אין די פּוילישע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך דערטראָגן די ערשטע אָפּקלאַנגען פון ציוניסטישער אַקטיוויטעט אין לאָנדאָן אַ דאַנק די אונטערהאַנדלונגען פון ד״ר חיים וויצמאַן מיט דער ענגלישער רעגירונג. דוד קערט זיך דאַן אום קיין זשיכלין און מיט ענערגיע און טריישאַפט וואַרפט ער זיך אַריין אין דער אַרבעט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל, גרינדעט דעם פאַראיין „בני־ציון״ און אָרגאַניזירט די יידישע יוגנט פאַרן קרן היסוד און קרן־קיימת, אָרדנט איין פרייטיק צו־נאַכטסן מיט רעפעראַטן אויף ציוניסטישע און ליטעראַרישע טעמעס.

פון דער פריסטער יוגנט זיינער געווען פאַרליבט אין דער העברעישער שפּראַך און איינגעשטעלט אין זשיכלין די ערשטע קורסן צו לערנען עברית, תנ״ך און לאַנדקענטעניש פון ארץ־ישראל — און אַליין געווען דער לערער און פּרעלעגענט. זיין היים איז געווען

אָפּן פאַר פאַרשטייערס פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען, באַזונדערס — פאַר דער יוגנט, וועלכע האָט דאָס הויז אָפּט באַזוכט. יעדער שבת האָבן יוגנטלעכע זיך צונויפגעזאַמלט אין דוד שטיינבערגערס דירה און דאָרט געפירט דיסקוסיעס איבער ציוניסטישע און ליטעראַרישע פּראָבלעמען. ער פלעגט באַגייסטערן די יוגנטלעכע מיט זיינע האַרציקע שמועסן און אויפקלערונגען.

אין יענער צייט האָט ער גענומען די איניציאַטיוו צו גרינדן אַ העברעישע שול אין זשיכלין. גאָר ווינציקע האָבן געגלייבט, אַז ס׳איז מעגלעך אַזעלכעס צו רעאַ־ליזירן. אַלס לערער האָט ער „מאָבילריזירט" די בעסטע פּעדאַגאָגישע קרעפטן און צווישן זיי — זיין ברודער יוסף ז״ל, וואָס איז פריער געווען לערער אין וואַרשע. דערנאָך איז די העברעישע שול אין זשיכלין באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט און איז אויך געוואָרן באַקאַנט צווישן די אָנפירנדיקע טוערס פון „תרבות" אין וואַרשע.

איך געדענק, אַז ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן וועגן דער באַלפור־דעקלאַראַציע, איז דער דאָזיקער טאָג, אַ דאַנק דוד שטיינבערגער, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן יום־טוב אין שטעטל. אין זאַל פון דער פאָלקס־שול איז פאָרגעקומען אַ פייערונג, אויף וועלכער דער הויפּט־רעפערענט, אָנגעטאָן אין שענסטן און בעסטן, האָט מיט אַ סך התלהבות און מיט אַ שטראַלנדיק געזיכט, גערעדט וועגן דער באַדייטונג פון דער היסטאָרישער געשעעניש.

ר׳ דוד איז אויך געווען לערער אין דער העברעישער שול אין קוטנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע ערטער. אַ געוויסע צייט געווען קאָרעספּאָנדענט פון „וואַרשעווער טאָגבלאַט", אויף דער בקשה פון רעדאַקטאָר א. ד. נאָמבערג.

ער האָט געהערט צו די וואָס נישט נאָר זיי ריידן שיין, נאָר טוען אויך שיין. אין יאָר 1925 איז ער עולה קיין ארץ־ישראל און ליידט פון אַרבעטלאָזיקייט און פונעם אָרעמען חלוצישן לעבנס־שטייגער. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אין איין צימער און איך, אַלס אָנגעשטעלטער אין דער הסתדרות, האָב אים פון צייט צו צייט געהאָלפן באַקומען אַן אַרבעטס־טאָג, הגם די אַלע באַשעפטיקונגען האָבן נישט אָנטשפּראָכן זיינע קענטעניש און פעיקייטן. ער אָבער האָט זיך נישט געשעמט מיט קיין שום אַרבעט און גרייט געווען אַלץ צו טאָן, אַבי זיך אויסהאַלטן פון אייגענער פּראַצע.

אין יאָר 1926 ווערט ער לערער אין אַ נייעם ישוב אין עמק יזרעאל און פון דאָרט פאָרט ער אַריבער קיין רמת־גן און פאַרנעמט דעם אַמט פון פּעדאַגאָגישן דירעקטאָר פון אינטערנאַט. אין פאַרלויף פון יאָרן האָט ער געלערנט אין אַ סך דערציונג־אַנשטאַלטן און ביי אַלע שילערס איינגעפלאַנצט ליבע צום לאַנד, צו דער שפּראַך און צום פאָלק. אין

די דרייסיקער יאָרן האָט ער אין רמת־גן געעפנט אַן אינטערנאַט „לאור“, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט איבער 10 יאָר.

נאָך דער באַפרייונג־מלחמה, זייענדיק אין פענסיע־עלטער, האָט ער זיך געמאָלדן פרייוויליק צו זיין לערער אין באר־שבע און אין משך פון איניקע יאָרן געווען ערשטער דירעקטאָר פון אַ שול אין דער עולים־שטאָט באר־שבע. זיין ענערגיע, וויסן און טריישאַפט האָט ער איינגעפלאַנצט אין די מוחות פון יידישע קינדער, אָפּשטאַמיקע פון פאַרשידענע גלותן, באַזונדערס — פון די מזרח עדה׳ס.

אין די לעצטע יאָרן געאַרבעט אין דער בוי־אָפּטיילונג פון קיבוץ אַרצי. נישט געקוקט אויף זיין הויכן עלטער, האָט ער ניט געוואָלט מוותר זיין פון זיין באַשעפטיקט. „אָן אַרבעט האָט נישט קיין זין דאָס לעבן“ — איז געווען זיין טענה.

דוד ז״ל איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מיטשמועסער און זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַלזייטיקן וויסן אין ליטעראַטור, תנ״ך, יודאַיִסטיק, פּאָליטיק און אַנדערע פּראָבלעמען. ר׳איז געווען שטאָלץ מיט זיינע זין, טעכטער און אייניקלעך. זיין עלטסטער זון, בונים שמיר פון קיבוץ שער הגולן, געהערט צו די אָנפירנדיקע חברים פון השומר הצעיר, געווען סעקרעטאַר פון קיבוץ אַרצי און פון וועלט־פאַרבאַנד פון מפ״ם. זיין צווייטער זון, עמי, איז אַ זשורנאַליסט, געווען רעדאַקציע־מיטגליד פון „למרחב“, איבערזעצער. זיינע דריי טעכטער און איידעמס געהערן אַלע צו דער אַרבעטער־באַוועגונג און אין דעם גייסט דערציען זיי אויך זייערע קינדער.

טויזנטער תלמידים זיינע, וואָס אַ סך האָבן עולה געווען קיין ארץ־ישראל אַ דאַנק זיין דערציונג און גייסטיקער אויסווירקונג, ווי אויך זיינע פריינד און לאַנדסלייט, האָבן מיט טיפן טרויער אויפגענומען די ידיעה וועגן דער פּטירה פון אַ גוטן לערער און איבערגעגעבענעם חבר. זיין אָנדענק וועט בלייבן אין אַלעמענס זכרון.

**טובה שמיר (שטיינבערגער) ז״ל**

געבוירן און אויסגעוואַקסן אין אַ טראַדיציאָנעל־יידישע היים. איר פאָטער — ר׳ שמואל (שמעלקע) בידערמאַן פון זשיכלין, איז געווען אַ האָלץ־סוחר, דאָזער אין דער קהילה, אַ גרויסער קפדן און תקיף פאַר זיינע מיינונגען. ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע צייטן, האָט ער געוואָלט דערציען די קינדער אין זיין גייסט. די פאַרשטאַרבענע, וועלכע איז געווען די עלטסטע טאָכטער אין שטוב, האָט אָנגעהויבן קעמפן פאַר אַ נייעם וועג, אַ מער פרייערן. אַ דאַנק איר געראַנגל האָט זי אויסגעפלאַסטערט אַ וועג פאַר אירע ברידער, וואָס נאָכן אונטערוואַקסן, זענען זיי געוואָרן טרייע ציוניסטן.

אין די ערשטע יאָרן נאָך איר חתונה מיט דוד שטיינבערגער, איז דער איידעם

געווען אויף קעסט ביים שווער, אָבער גאָר שנעל האָבןביידע געוואָלט זיין זעלב־שטענדיק. זייער שטוב האָט געדינט אַלס טרעף־פונקט פאַר ציוניסטישער טעטיקייט צו פלעגן די העברעישע שפּראַך און קולטור, אָנהייבנדיק פון די ציוניסטישע וועטעראַנען, יוגנט, שילערס פון פאָלקס־שולן.

אויף טובהן קען מען זאָגן, אַז איר וועג איז נישט געווען באַצירט מיט רויזן. נאָר אַ דאַנק איר פעסטן כאַראַקטער און געפיל פון אחריות וואָס איז געווען טיף פאַרוואָרצלט אין איר ווערן און מעשים, ווי אויך די גרענעצלאָזע ליבע צו דער משפחה — האָט זי געקענט בייקומען אַלס קריזיסן און שוועריקייטן.

וויפל ווילן און לעבנספרייד די דאָזיקע פרוי האָט פאַרמאָגט אין זיך. זי האָט געוווסט צו פרייען זיך — אויפריכטיקע פרייד, ביז דער טיפעניש פון האַרץ — און פאַרקערט, דאָס זעלבע אויך אין טרויער. ווי שטאָלץ זי איז געווען מיט אירע קינדער — און זי האָט געהאַט דערפאַר אַ גרונט. ווער ס'האָט ניט געזען די דאָזיקע פרוי בעת דער סדר־נאַכט אין פסח, ווען די קינדער און אייניקלעך זענען צוזאַמען געזעסן ביים טיש, ווי זי האָט געשטראַלט פון גליק — דער האָט ניט געזען קיין אמתדיקע ידישע משפחה־פרייד.

זי האָט זיך געגרייט צו פייערן מיט איר מאַן זייער „גאָלדענע חתונה" — נאָר אַ שווערע קראַנקייט האָט זי צוגעשמידט צום בעט און דעם 4טן פעברואַר 1958 איז נפטר געוואָרן אַ וווּנדערבאַרע פרוי, וואָס האָט פאַרקערפּערט מיט זיך די טראַדיציאָנעלע ידישע מאַמע.

כבוד איר אָנדענק!

### אברהם בן־יעקב (געצל) ז״ל

די ידיעה וועגן טויט פון אברהם בן־יעקב האָט דערשיטערט די אַלע וואָס האָבן אים געקענט פון דער נאָענט. איך האָב זוכה געווען צו אַרבעטן מיט אים צוזאַמען אין די צעירי־ציון און החלוץ אין זשיכלין, איידער יאָר פאַרן עולה זיין קיין ארץ־ישראל. אין יאָר 1917 האָב איך זיך אומגעקערט פון לאָדזש אין מיין געבורט־שטעטל און דאָ געטראָפן אַ גרופּע יוגנטלעכע אין מיין עלטער, מיט וועלכע כ'האָב געלערנט אין חדר, אין ישיבה. אידעיש זענען מיר געווען נאָענט. דער עלטסטער פון זיי, אברהם בן־יעקב, וואָס האָט זיך געהאַט אומגעקערט פון וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט אַלס אָנגע־שטעלטער, האָט זיך גלייך געשטעלט בראש פון דער גרופּע און געוויזן דעם וועג ביים שטעלן די ערשטע שריט אינעם נאָר וואָס באַפרייטן פּוילן, ווו די פּאָליטישע פּאַרטייען זענען אַרויס פון אונטערגרונט און לעגאַל אָנגעהויבן פירן זייער טעטיקייט.

זיין גאַנצע ענערגיע און פעיקייט האָט ער געווידמעט דער אַקטיוויטעט אין די אָרגאַני־זאַציעס פון צעירי־ציון און החלוץ. ער האָט אויך געגרינדעט די ראַיאָן־אָרגאַניזאַציע פון דער „פאָלקס־פּראַקציע" צ.צ., וועמענס ערשטע קרייז־קאָנפערענץ איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין פלאָצק. ער איז דאָרט געווען, צוזאַמען מיט קלמן בר־לב (לעוואַרטאָווסקי), איינער פון די הויפּט־רעפערענטן.

ווען אין אומאָפּהענגיקן פוילן איז געשאַפן געוואָרן די מאָראַטשעווסקי־רעגירונג, איז אברהם אויסגעקליבן געוואָרן אין זשיכלינער אַרבעטער־ראַט און געווען דאָרט פון די אָנפירנדיקע מיטגלידער. ער האָט געקעמפט פאַר די אינטערעסן פון דער אָרעמ־קייט, אַרבעטער און בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געזען אין אים זייער אמתדיקן פאַר־שטייער.

ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל מיט דער דריטער עליה, געאַרבעט ביים פלאַס־טערן דעם שאָסיי חיפה־דזשעדאַ, ווי אויך אין דער שטיינהאַקעריי אין ירושלים. ווען ער איז שווער קראַנק געוואָרן, האָבן דאָקטוירים באַפוילן ער זאָל פאָרן קיין אויסלאַנד זיך היילן — און בערל קאַצענעלסאָן ז"ל האָט געהאָלפן רעאַליזירן די נסיעה. צוריק קומענדיק פון אויסלאַנד, האָט ער ניט געקענט זיך אומקערן צו פיזישער אַרבעט און געווען באַשעפטיקט אַלס לייטער פון דער פאַרזיכערונג־אָפּטיילונג אין סולל־בונה.

אין דער באַפרייונג־מלחמה אין יאָר 1948 איז געפאַלן זיין געליבטער זון און דער אומגליק האָט אויף אים פאַטאַל געווירקט. ער האָט אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט פריינד און באַקאַנטע. ווען כ'האָב אים איינמאָל באַגעגנט אין תל־אביב און פאַרבעטן צו זיך אַ היים, האָט ער אָפּגעזאָגט. פון דעמאָלט אָן האָב איך אים ניט געזען.

ער איז פלוצים געשטאָרבן אין אַמעריקע, ווו ר'איז געפאָרן אין ענינים פון פאַר־זיכערונג. די וואָס האָבן געקענט נאָענט אברהם בן־יעקבן, וועלן אים תמיד דערמאָנען צום גוטן.

**אהרון זמיר (קאַנאַריק) ז"ל**

פון די צוועלף קינדער אין זיין היים, האָט אהרון געלערנט אין בית־המדרש און ישיבה. געווען אַ משכיל אין שטעטל, געלייענט די „הצפירה" און אַ העברעיש בוך און אַן אַקטיוויסט אין פאַריין „בני ציון". אין דער תקופה פון דער מחלוקת צווישן „על המשמר" און „עת לבנות", האָט ער זיך סאָלידאַריזירט מיט די ערשטע און זיין באַציונג צו די גרופּירונגען פונעם אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל זענען געווען האַרציקע און פריינדלעכע.

אין יאָר תרפ"ה (1925) עולה געווען און עטלעכע יאָר געאַרבעט אין דער צעמענט־

פאַבריק „נשר״. צוליב אַ קראַנקייט וועלכע האָט אים 15 יאָר צוגעשמידט צום בעט, האָט ער פאַרלאָזט די אַרבעט און זיין פרוי האָט באַדאַרפט אויסטראָגן דעם עול פון פרנסה.

דעם זעקסטן טאָג אין חודש שבט תשט״ז (1956) איז ער נפטר געוואָרן אין עלטער פון 60 יאָר, פאַריתומדיק אַ זון און אַ טאָכטער. כבוד זיין אָנדענק!

**מנחם עלשטיין ז״ל**

פערציק יאָר דורכגעמאַכט אין לאַנד — אין מי און אַרבעט. צומערשט מיט זיין זון לייבוש אין ירושלימער אוניווערסיטעט, און נאָכן טויט פון זון — אין מושב תל־עדשים, ביז ער איז געוואָרן בלינד. אַ טיפּישער האָרעפּאַשניק, ניט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אין זשיכלין, ווו ער פלעגט אַרבעטן פון באַגינען ביז די שפּעטע נאַכט־שעהען. ער איז געווען אַ קינסטלער אין זיין פאַך. איינמאָל, פאַרבייגייענדיק אין זשיכלין די שיל, האָב איך אים געזען קלעטערן אויפן דאַך וועלכן ר׳האָט באַדאַרפט פאַריכטן. ער האָט זיך דאָרט שפּאַצירט ווי אויפן גלייכן וועג.

אין מושב תל־עדשים איז ער געווען באַליבט ביי אַלעמען. געאַרבעט דאָרט אָן סאָציאַלע באַדינגונגען, אָן אורלויבן און אָפּרו. דאָס ליד „אַרבעט איז אונדזער לעבן״, איז געווען דער תמצית פון זיין אמונה און ער האָט דאָס פאַרווירקלעכט. נאָר ערב שבת אָדער ערב יום־טוב האָט ער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַרבעט־קליידער, זיך אָנגעטאָן נייע בגדים און מיט אַ שטראַלנדיק געזיכט זיך געלאָזן אין שיל מיט דער משפחה, ווו ר׳האָט געזונגען זמירות — אַ מין „משפחה מאַלאַווסקי״. געשטאָרבן אין עלטער פון 85 יאָר. איבערגעלאָזן פינף טעכטער און זין, 13 אייניקלעך און 23 אוראייניקלעך.

**אריה עלשטיין ז״ל**

אַן אַרבעטער בן אַרבעטער. נאָך אַלס ייִנגל געאַרבעט אַלס בלעכער ביי זיין פאָטער.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיטן דערוואַכן פונעם געזעלשאַפטלעכן לעבן אין פּוילן, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די פּועלי־ציון צ.ס. ער האָט ביי דער פּאַרטיי אָרגאַניזירט אַ כאָר און אַ דראַמאַטישן קרייז. עולה געווען אין יאָר 1924, מיטן אָנהייב פון דער פערטער עליה. אין משך פון אַ קורצער צייט האָט אויך עולה געווען זיין משפחה — אַכט נפשות. דער איינציקער פון זשיכלין וואָס האָט אַלץ געטאָן, ביז ער האָט געבראַכט אין לאַנד די גאַנצע פאַמיליע.

ניט געקוקט אויף דער שווערער קראַנקייט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו אַרבעטן. אַלע בלעכעריי־אַרבעטן אין די עפנטלעכע געבײדעס אין ירושלים — זענען געווען

זיינע. גרויס איז געווען זיין פרייד, ווען ער האָט באַקומען די בלעך־אַרבעטן אין די בנייני האומה אין ירושלים. עטלעכע טעג פאַר זיין טויט, ליגנדיק אין שפּיטאָל, האָט ער פּלאַנירט ווי אַזוי צו רעאַליזירן די באַשטעלונג צו דער צייט. ער איז נפטר געוואָרן דעם ערשטן סעפּטעמבער 1950.

אריה איז געווען אַ גוטהאַרציקער מענטש, אַ באַשיידענער, פאַרבונדן מיט דער אַר־בעטער־באַוועגונג ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

**מיכאל לייזעראָוויטש ז״ל**



מיכאל לייזעראָוויטש

פון פאַך — אַ בעקער, האָט ער אין דער פריער יוגנט זיך אָנגעשלאָסן אין דער „פאָלקס־פראַקציע" פון צעירי־ציון אין פוילן און געווען דאָרט זייער אַקטיוו. אין דער פרייער צייט געווען אַ „פאַרברענטער" לייענער פון בי־כער און אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ מתמיד. געלעבט ווי פאַר זיך, מען פלעגט אים רופן „דער פאַרחלומטער פאָעט", ווייל ער האָט זיך געפילט באַוועלט, געבנדיק דער געזעלשאַפט מערער וויפל זי איז גרייט געווען צו נעמען פון אים. ער האָט ליב געהאַט צו דיסקו־טירן אויף ליטעראַרישע טעמעס און באַמיט זיך איבער־צייגן אַנדערע מיט דער הילף פון ציטאַטעס פון דורכ־געלייענטע ביכער. עולה געווען אין 1922 און זיך באַזעצט אין ירושלים, וווּ ר'איז געווען באַשעפטיקט ביי פאַרשידענע אַרבעטן. אין יאָר 1924 אַריבערגעפאָרן קיין תל־אביב, געווען טעטיק אינעם בעקער־אַרבעטער פאַריין און גע־פירט אַ קאַמף מיט זיינע פונקציאָנאַרן. דערנאָך זיך באַזעצט אין חיפה און געוואָרן זעלבשטענדיק. תמיד געלעבט פון אייגענער פּראַצע.

מיכאל איז געווען טעטיק אין דער „הגנה". אין זיין דירה האָט זיך געפונען אַ פּאָזיציע פון דער „הגנה" און אין דער בעקעריי — אַ געווער־באַהעלטעניש. צוויי מאָל איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת אַקציעס. ניט איינמאָל האָבן די ענגלענדער געוואָלט צעשטערן זיין הויז מיט דער בעקעריי, נאָר דורך אַ נס איז עס ניט געטאָן געוואָרן. די ענגלענדער האָבן אים צוויי מאָל אַרעסטירט.

זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין גייסט פון זיינע אָנשויונגען. צוליבן כסדר־דיקן זיין פאַרנומען, האָט ער איבערגעריסן די פאַרבינדונגען מיט זיינע יוגנט־פריינד

און חברים. זיינע צוויי זין, קינסטלערס פון געזאַנג, פּאַרוויילונג און טעלעוויזיע, זענען איינגעלאַדן געוואָרן אויף אויפטריטן אין די פּאַר. שטאַטן. וועלנדיק אַנטאָן פאַרגעניגן די עלטערן, האָבן זיי פאַרבעטן מיכאלן און זיין פרוי קיין אַמעריקע, ווו ער איז שווער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין עלטער פון 65 יאָר. אין דער צוואה האָט ער גע־בעטן אים קובר זיין אין חיפה. ער האָט פאַריתומט זיין פרוי חנה, צוויי זין, אַ טאָכ־טער און דריי אייניקלעך.

**משה קעלמער ז״ל**

אַ גרופּע ישובה־בחורים אין זשיכלין זענען „אַראָפּ פון גלייכן וועג״ אונטער דער השפעה פונעם טרייען ציוניסט, דער שוחט ר׳ מנחם־מאיר ראָזענבערג זצ״ל. בראש פון דער גרופּע האָט זיך געשטעלט משה און זיי האָבן עס געגרינדעט אין שטעטל די אָרגאַניזאַציע „צעירי מזרחי״. די דאָזיקע יוגנטלעכע פלעגן זיך צונויפקומען אין שטוב פון ר׳ מנחם־מאיר ער זאָל זיי פאַרהערן וואָס זיי האָבן געלערנט אין בית־המדרש און אין ישיבה. נאָך דעם „עקזאַמען״ האָט ער זיי דערציילט וועגן לאַנד פון די אבות און אין זיי איינגעפלאַנצט דעם ציוניסטישן געדאַנק.

ר׳ מנחם־מאיר איז געווען געבענטשט מיט טעכטער און משה ז״ל האָט דאָרט גע־פונען זיין באַשערטע — טובה. אויך די משפחה קעלמער איז געווען געבענטשט מיט אַכט קינדער — זעקס טעכטער און צוויי זין. משה ז״ל איז געווען דער פינפטער צווישן די קינדער. זיי אַלע האָבן געהערט אין שטעטל צו די ציוניסטישע פאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען און זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט און איבערגעגעבנקייט.

אין יאָר 1920 האָט משהס צוקונפטיקער שווער ר׳ מאיר־מנחם פאַרגעלייגט דעם הרב ניסענבוים, פון די מנהיגים פון „מזרחי״, צוצוטיילן זיין אידעם אַ סערטיפיקאַט. אין יאָר 1921 האָט משה עולה געווען און געווען טעטיק אין לאַנד אין „הפועל המזרחי״. אין די יאָרן 1922־24 געאַרבעט אין ירושלים אַלס בוי־אַרבעטער און גלייכצייטיק פאַר־ענדיקט דעם לערער־סעמינאַר פון „מזרחי״. אין יאָר 1924 באַזעצט ער זיך אין חיפה און איז ווייטער פאַרטייאיש טעטיק. שפּעטער ווערט ער אויסגעקליבן אַלס סעקרעטאַר פון דער תל־אביבער אָרגאַניזאַציע „הפועל המזרחי״.

אין יאָר 1935 האָט ער געגרינדעט די בוי־געזעלשאַפטן „הבונה״ און „משכנתאות״ און נאָכן פאַרייניקן זיי בײדע, איז ער ביזן טאָג פון זיין פטירה געווען דירעקטאָר פון „משהב״.

משה קעלמער איז געווען דעלעגאַט צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, מיטגליד אין דירעקטאָריום פון קרן קיימת און גרינדער פון באַנק „אדנים״, געשאַפן דעם אַרבעט־

צענטער פון „הפועל המזרחי״ און געהערט צו איר צענטראַלע. משה קעלמער איז אויך געווען דעפּוטאַט אין דער ערשטער, צווייטער און פינפטער כנסת.

אין אויפטראַג פון דער באַוועגונג געשיקט געוואָרן אייניקע מאָל קיין אַמעריקע און קאַנאַדע. געווען אין פריינדלעכע באַציונגען מיט דער הסתדרות און מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג.

זשיכלינער לאַנדסלייט, אָן אונטערשיד פון זייער פּאַרטיי־אָנגעהערקייט, זענען געווען שטאָלץ מיט משהן, וועלכער האָט דערגרייכט דעם הויכפּונקט פון געזעלשאַפט־לעכער, פּאַרטייאישער און מלוכהשער טעטיקייט. הגם ער האָט ניט באַלאַנגט צום קאָמיטעט פון דער זשיכלינער לאַנדסמאַנשאַפט אין ישראל, האָבן מיר תמיד זיך צוגעהערט צו זיינע עצות. ער האָט צוגעזאָגט אָנצושרייבן זכרונות פאַר אונדזער יזכור־בוך, נאָר צום באַדויערן האָט די קראַנקייט און זיין פּלוצימדיקער טויט אוממעגלעך געמאַכט ער זאָל מקיים זיין דעם צוזאָג.

זיין טויט האָט איבערגעלאָזן אַ שווערן טרויער ביי אַלע זשיכלינער אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

כבוד זיין אָנדענק!

# דריי געשטאַלטן

## דוד שמיר (שטיינבערגער)

**אייזיק**

ס'איז אוממעגלעך זיך פאָרצושטעלן ציוניזם און ציוניסטן, אָדער אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן אין זשיכלין — אָן אייזיק קעלמער. געבוירן און אויסגעוואַקסן אין אַ פּאַלקסטימלעכער משפּחה, אַליין אַן עמך־בחור, אַ פּשוטער און צוגעלאָזענער. נאָכן טויט פון פאָטער, איז ער געוואָרן דער פּרנסה־געבער פון אַ מסחר וואָס ר'האָט געירשנט פון זיידן. ער אַליין ווערט דער פּראָדוצירער, סוחר און פאַרקויפער, נאָר אים פעלט סוחרישער טאַלאַנט און געשיקטקייט. אָן ערלעכער און סאָלידער, פאַראַנטוואָרט ער זיך אינעם האַנדל, באַרגט אויף איין אָרט, באַצאָלט אויף אַ צווייטן, שרייבט און מעקט, שוועבט אין דער לופטן און... האַלט אויס. אָבער דאָס אַלץ, הגם ער האָט געשלעפּט אַ שווערן עול, איז פאַר אים געווען ווי אַ זייטיקע אַרבעט, ווייל זיין עיקרדיקע

טעטיקייט, אויפגאַבן און ריכטיקע באַשעפטיקונגען וועלכע ער פירט אויס מיט טריי־שאַפט און איבערגעגעבנקייט — איז פאַרן כלל, ספּעציעל פאַרן ציוניזם.

אַ מאָדנע זאַך: אויף דעם געביט ווייסט ער ניט פון קיין שטערונג און פון אַ מאַנגל אין געלט. אָט איז נויטווענדיק צו שאַפן אַ גרויסן לאָקאַל פאַרן ציוניסטישן פאַריין, עס פאָדערט זיך צו אינוועסטירן אַ גרעסערע סומע צו ענדערן דעם בנין. אַפילו געשוווי־רענע אָפּטימיסטן הייבן מיט דער פּלייצע: פונוואַנען וועט מען נעמען געלט? אָבער אונדזער אייזיק, ניט פון די גלענצנדיקע רעדנערס, דערציילט דעם עולם, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, דעם גאַנצן פּראָגראַם וועלכן ער רעאַליזירט דערנאָך מיט אויסער־געוויינלעכער שנעלקייט. אייניקע געדענקען נאָך ווי אַזוי דאָס ווונדער איז געשען.

ער פירט אַדורך געלט־זאַמלונגען, דערמוטיקט אַנדערע, ער איז דער אַדרעס פאַר קולטור־אונטערנעמונגען, פאַר ספּאָרט־איבונגען, פייערונגען, סערטיפיקאַטן — און גרויס איז זיין פרייד ווען דאָס שטעטל איז זוכה צו באַגלייטן עמעצן קיין ארץ־ישראל. גליק שיינט אַראָפּ פון זיין פּנים. אייזיק איז נאָך אַלץ ניט קיין געהייראַטער, די מאַמע זיינע וויל זען אַ ביסל נחת פון אים, אויך די חברים מונטערן אים חתונה צו האָבן, הגם ער אַליין איז ניט קעגן דעם — די צרה איז אָבער די, וואָס אייזיק האָט ניט קיין צייט, בפרט נאָך, אַז די געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטישע טעטיקייט צעוואַקסט זיך און אייזיקן בלייבט ניט קיין טראָפּן צייט צו פאַרנעמען זיך מיט זיינע פּערזענלעכע ענינים.

— אייזיק, ווען וועסטו עולה זיין קיין ארץ־ישראל? — האָט מען אים ניט איינמאָל געפרעגט.

— איך דאַרף נאָך העלפן עולה זיין אייניקע חברים. און אגב, וועמען וועלן מיר דאָ לאָזן אויף דער וואַך? — איז געווען זיין ענטפער.

**ריווע און ריווטשע**

איך געדענק גוט דאָס אומצעשיידבאַרע פּאָרל, צוויי חברטעס, ממש — אַ צווילינג. מיר שיינט, אַז קיינער האָט זיי ניט געזען אַמאָל באַזונדער. ריווע און ריווטשע — שטענדיק צוזאַמען. צוויי חנעוודיקע מיידלעך, פון שיינע חסידישע היימען, וועמענס טאַטעס האָבן מיט פאַנאַטישן ברען געקעמפט קעגן דער נאַציאָנאַלער רענעסאַנס־באַווע־גונג אין אַלע אירע שאַטירונגען. אָבער די טעכטער שליסן זיך אָן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג מיטן גאַנצן האַרצן און יוגנטלעכן ברען, טראָץ דער קעגנערשאַפט פון טאַטע־מאַמע. ריווע העלפט אירע אַלטע עלטערן אין דער היים, ריווטשע איז די הויפּט־פאַר־קויפערין אינעם געשעפט פון אירע טאַטע־מאַמע, זי פירט כמעט אָן מיט דער קלייט. און אינעם געשעפט, צווישן איין קונה און דעם צווייטן, קומען אָפּט פאָר ציוניסטישע

באַראַטונגען און צוזאַמענטרעפן. פונוואַנען נעמט זיך צו ריווען צייט צו טאָן איר אַרבעט, פאַרנעמען זיך מיט וווילטעטיקע צוועקן פאַר די אָרעמעלייט אין שטעטל, צוהערן זיך צו די נויטבאַדערפטיקע, פאַרגרינגערן, באַרויִקן, טרייסטן, געפינען אַ גוט וואָרט — און דאָך טרעפן זי אָפט ביי ריווטשען אין געשעפט? איין גאָט ווייסט ווי אַזוי זי האָט דאָס אַלץ באַוויזן...

אָט פאַלט צו די נאַכט און ריווע־ריווטשע זענען פאַרנומען אויף זיצונגען, פאָרלעזונגען, אונטערנעמונגען, אָדער מען גייט איבער די שטובן צונויפזאַמלען באַשטייערונגען, צי פירן וואַל־פּראָפּאַגאַנדע. און אויב ס׳איז נייטיק עפּעס דרדינגענד אַדורכצופירן בייטאָג — עקזיסטירט ניט פאַר זיי קיין שטוב, קיין געשעפט. ריווע־ריווטשע טוען זייער געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, באַשטייערן זיך אַליין און אַנדערע און אַגיטירן פאַרן ציוניזם. ריווטשע האָט נאָך באַוויזן חתונה צו האָבן, דאַקעגן ריווע האָט ניט געהאַט קיין צייט פאַר אַזעלכע „נאַרישקייטן”. זי האָט אַפילו ניט געהאַט קיין צייט צו טראַכטן וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן. „כ׳האָב ניט דערצו קיין געדולד” — פלעגט זי זאָגן. און אַ גייסטיקע שטילקייט פלעגט תמיד באַגלייטן זייער דערפאָלגרייכע טעטיקייט, גלייך די שכינה וואָלט אויף זיי גערוט...

**פּנחס (פּינטשע) געצל ע״ה**

אַ הונדערט־פּראָצענטיקער ישיבה־בחור, אָבער פאַקטיש — אַ בעקער־אַרבעטער, דער עיקר אין די נעכט איז ער געווען באַשעפטיקט אין דער בעקעריי פון זיינע עלטערן. דערפאַר האָט ער בייטאָג געדרימלט — זיצנדיק, שטייענדיק, אַפילו ביים גיין. געווען אַ מיטגליד אין פאַרשידענע קאָמיסיעס און צוליב דעם געהאַט זייער אַ סך אַרבעט — דאָך האָט ער ניט פאַרפעלט קיין איין זיצונג און טעטיקייט. אין אַזעלכע מאָמענטן איז ער שוין געווען זייער וואַכזאַם, גענומען אַ וואָרט אין אַלע דעבאַטן און באַהאַנדלונגען, אָפּשטימונגען — און מ׳האָט לגמרי ניט געפילט אַז ער נייטיקט זיך אין שלאָפן. ווי דער שטייגער, האָט ער געמוזט שלאָפן עטלעכע שעה אין טאָג, נאָר אויב ס׳איז געווען נייטיק אַדורכצופירן אין די דאָזיקע שעהען אַ ציוניסטישע אַרבעט, האָט ער רעזיגנירט פון שלאָף. דעריבער איז ניט איינמאָל געשען, אַז ער פלעגט ביים באַקאויוון איינדרימלען — און דאָס געבעקס איז פאַרברענט געוואָרן. די עלטערן האָבן אים דאָס פאַרגעהאַלטן — ס׳איז אָבער ניט געגאַנגען אים אַנדערש צו מאַכן. דער ציוניסטישער אידעאַל איז וויכטיקער ווי פערזענלעכע באַדערפענישן.

פּינטשע האָט געהאַט אַ גוטן כאַראַקטער, ווי מען זאָגט: אַ גוטע נשמה! ניט געשריגן און ניט געבייזערט זיך. אדרבה, זאָל וועלכער זשיכלינער ייד מיר באַוויזן, אַז

ער האָט אַמאָל געזען פינטשען אַן אויפגערעגטן, צי ער זאָל אויפהייבן זיין קול. פינטשע איז קיינמאָל ניט געווען פאַרביטערט, אָדער זיך באַקלאָגט. אַלץ אויפגענומען מיט ליב־שאַפט. איינגעגאַנגען אויף פשרות, מוותר געווען — נאָר זאָל ווער פרובירן אים אָפּ־זאָגן צו באַשטייערן זיך פאַר לאָקאַלע ציוניסטישע באַדערפענישן, צי פאַר די נאַציאָ־נאַלע פאָנדן — דאַן איז פינטשע ניט מוותר. ער פאָדערט, מאַכט פאַרוואורפן און פּרוווט איבערצייגן, ביז ער דערגרייכט דאָס זייניקע.

איך געדענק אַ שמועס אויף דער טעמע „שנאה און ליבשאַפט אין ציוניזם״. דער פאָרזיצער פון אָוונט האָט דערקלערט דעם געדאַנק, אַז כדי זיך איבערגעבן מיט ליבע צום אויפבוי פון ידישן לאַנד, איז נייטיק פיינט צו האָבן דאָס פריערדיקע גלות־לעבן. פינטשע האָט זיך קעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן געדאַנק מיטן מאָטיוו, אַז ס׳איז גענוג דאָס בלויזע פּאָזיטיווע — צו ענדערן אויף געזונטע יסודות אונדזער גאַנצן לעבן. כ׳האָב אים דאַן געזאָגט:

— בעצם, אידענטיפיצירסטו זיך מיטן געדאַנק פון פרעלעגענט, נאָר דער אויס־דרוק „שנאה״ גרילצט אין דיין אויער, ווייל דיין כאַראַקטער בונטעוועט זיך קעגן אַזאַ באַגריף...

אַ געוויסן טאָג האָב איך אים דאָך „געכאַפּט ביי דער האַנט״: בעת די וואַלן צום סיים (פּאַרלאַמענט אין פוילן), האָט איין רעדנער פון דער אגודת ישראל שטאַרק אָנגע־גריפן די ציוניסטן. פינטשע האָט אויף דעם רעאַגירט מיט די ווערטער, „איך האָב אים פיינט ווי אַן אַנטיסעמיטישן גוי״. דאָס אָנגרייפן דעם ציוניזם, האָט אַפילו פינטשען אַרויסגעבראַכט פון די כלים!

## מיין זיידע ר׳ אברהם איטשע בוים ז״ל

### יעקב נוי

מיין זיידע, דער אַמשינאָווער חסיד און בן תורה, האָט נישט אונטערגעשטראָכן זיין אָנגעהעריקייט צו אָט דעם קליינעם קרייז פון חסידים. שטיל און באַשיידן געדאַוונט אין בית־המדרש און איז געווען בולט צווישן די ידן אין שטעטל מיט זיין מאָראַלישקייט און טאָג־טעגלעכן לעבנס־שטייגער. געווען געשעצט פון אַלע קרייזן פון דער ידישער באַפעלקערונג. אַבאָנירט סטאַביל די „הצפירה״ און למדנים פלעגן אין געהיים קומען צו אים כאַפּן אַ בליק אין דעם ווונדער וואָס הייסט אַ צייטונג אין לשון קודש. ר׳ אברהם איטשע האָט אַ סך צושטייער געגעבן אויף אָפּצושוואַכן דעם פאַנאַטיזם אין שטעטל.

זיין זון, ר׳ בונים ז״ל, אויך אַן אַמשינאָווער חסיד און בן תורה, האָט אין אַ שיינעם העלן טאָג צווויסן געגעבן זיין קרייז מענטשן, אַז זיין אָרט איז אין ארץ־ישראל. איך געדענק, אַז אַ געוויסן קריסטלעכן חגא־טאָג, ווען די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן, זענען דורך דער הינטער־טיר געקומען אייניקע ישיבה־בחורים צו אים דערוויסן זיך נייעס פון ארץ־ישראל. אין דער תקופה פון גרייטן זיך צו דער עליה, האָט ר׳ בונים זיך געפילט דערהויבן ביז גאָר. אַ טייל פון זיין משפחה האָט עולה געווען פאַר אים און אינמיטן פון די דרייסיקער יאָרן האָט אויך ער זוכה געווען צו דעם. ער און זיין פרוי זענען נפטר געוואָרן אין ישראל.

כ׳וועל תמיד געדענקען מיין פאָטער ר׳ נחום בן ר׳ ישראל שמואל, מיין מאַמען חוה בת אברהם איטשע בוים, מיין שוועסטער חנה, איר מאַן און טאָכטער, וואָס זענען אומגעקומען אין דער חורבן־תקופה דורך די רוצחים ימ״ש.

כבוד זייער אָלעמענס אָנדענק!

# מיין טאַטנס שטוב

## גרשון יעקב

מיט טיפע געפילן פון כבוד פאַר מיינע עלטערן, וועלכע האָבן מיר געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע און אַלגעמיינע דערציונג, ווי אויך די פרייהייט פון גיין מיט אַן אייגענעם וועג — וואָס איז נישט געווען אָנגענומען אין יענער צייט — וויל איך אַרויסברענגען זכרונות וועגן מיינע עלטערן, וואָס אַלע האָבן זיי געקענט אַלס גוטע, אידעלע מענטשן.

נאָר איידער איך שרייב וועגן טאַטנס שטוב, וויל איך שילדערן מיין זיידן, איינער פון די נכבדים אין שטאָט וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ און שעצונג מצד אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

דער זיידע איז געווען אַ בעל־תורה, וואָס האָט אויך נישט געפסלט די וועלטלעכע קולטור און וויסן, באַהאַוונט אין דער אַלגעמיינער און יידישער ליטעראַטור, האָט זיך אינטערעסירט מיט די צייט־פּראָבלעמען, איז געווען אַ דעמאָקראַט און טאָלעראַנט,

פאַרשטאַנען און משלים געווען מיטן גייסט און שטרעבונגען פון טאַטן, וואָס האָט פאַרלאָזט דאָס בית־מדרש און גענומען זיך לערנען אַ פאַך.

דער זיידע איז נישט געווען קיין חסיד אין זין פון אָנצוגעהערן צו אַ רבנישן הויף. צו יענער צייט איז עס געווען אַ זעלטנהייט, אַז אַ פרומער ייד, אַ למדן, זאָל נישט צושטיין צו אַ רבין. פון כאַראַקטער איז ער געווען אַ מתנגד.

אין אונדזער שטעטל האָט מען דעם זיידן געקענט אונטערן נאָמען ליפעש. אַזוי האָבן אים אַלע גערופן, אָן דעם פאַמיליע־נאָמען אָדער פאַרנאָמען. מען האָט נישט דערמאָנט וואָס ער טוט.

זיין אַרבעט האָט ער אָנגעהויבן ווי אַ משגיח איבערן בוי פון דער גרויסער שיל. ווען דער בית־הכנסת איז אויפגעבויט געוואָרן, האָט ער באַקומען די שטעלע פונעם שמש. אָבער זיין אויפגאַבע איז נישט געווען בלויז צו זיין דער שמש פון שיל, נאָר אירס אַ „כל־בוניק". ער האָט געזאָרגט פאַר אויסהאַלטן דעם בית־הכנסת, באַשטימט די הכנסה און הוצאה, פאַרטיילט, לויט זיין איינזען, די עליות צו דער תורה אין די שבתים און יום־טובים, און אַלע, סיי אָרעמעלייט און סיי גבירים, זענען ביי אים געווען גלייך.

חוץ דער אַרבעט אין בית־הכנסת, האָט ער אויך באַקומען די שטעלע אַלס רעגיס־טראַטאָר פון די יידישע תושבים אין שטאָט. צו יענער צייט איז אין זשיכלין נישט געווען קיין קהילה־פאַרוואַלטונג. דאָס איז געווען אַ רעגירונג־שטעלע. דעם קהילה־פנקס האָט מען געמוזט פירן אין דער רוסישער שפּראַך. מיט אייגענע כוחות האָט ער זיך אויסגעלערנט און באַהערשט רוסיש און פויליש, אין וואָרט און שריפט.

ער האָט אויך געהאַט אַ צוגאָב־אַמט: זיצן אין דער מאָביליזיר־קאָמיסיע אין קוטנע, בעת די בחורים האָבן געדאַרפט דורכגיין די מעדיצינישע אונטערזוכונג פאַר דער מאָביליזאַציע. ער האָט געדאַרפט באַשטעטיקן די אידענטישקייט פון בחור.

בעת מען האָט געמאָלן דעם ווייץ אויף מעל צו מצות, איז ער געווען משגיח איבער דער כשרות. ער איז אויך געווען דער צושטעלער פון מעל פאַר מצה שמורה; דער באַפולמעכטיקטער פון כולל ביים זאַמלען געלט אין אונדזער שטעטל פאַר די באַדערפע־נישן פון ארץ־ישראל.

די ווענט פון זיין וווינונג האָבן באַצירט בילדער פון ר' מאיר בעל הנס קבר, פון כותל המערבי און פון רמב"ם, וואָס ער האָט באַקומען פון ארץ־ישראל.

יעדן טאָג פלעגט ער קומען צו אונדז לייענען די טעגלעכע צייטונג, וואָס מיר האָבן

באַקומען דורך פּאָסט פון װאַרשע, טראָץ דעם װאָס די צייטונג איז געװען פּסול ביי די פרומע יידן. ער האָט געלייענט אַלע ביכער פון די יידישע קלאַסיקער און אַנדערע, װאָס מיין טאַטע פלעגט באַקומען פון װאַרשע.

איך געדענק, אַז װען די צייטונג האָט געבראַכט די ידיעה װעגן טויט פון טעאָדאָר־זאב הערצל, האָבן דער זיידע און דער טאַטע אויסגעבראָכן אין אַ געװיין. ביי זיי איז אויך אויפגעקומען די שאלה צי מען דאַרף רייסן קריעה. דער זיידע האָט געפּסקנט, אַז קריעה — נישט. דאָקעגן האָבן זיי אויסגעטאָן די שיך און אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין טרויער אויף פיס־בענקעלעך.

דער זיידע איז געװען באַקאַנט אַלס קלוגער, גוטהאַרציקער און ערלעכער מענטש. פיל האָבן געקלאַפּט אין טיר פון זיין הויז, כדי צו פרעגן אַן עצה, רעגולירן סיכסוכים. מען פלעגט אים אויסװיילן װי אַן איינציקן בורר. די צדדים האָבן געגלויבט אין זיין יושר, שכל־הישר און גערעכטיקייט.

דער זיידע איז נפטר געװאָרן אין עלטער פון 68 יאָר. פאַרן טויט האָט ער געבעטן מען זאָל אין זיין קבר אַריינלייגן די קװיטירונגען פון כולל און דאָס זעקעלע ארץ־ישראל ערד.

די ידיעה װעגן זיין טויט האָט אַרויסגערופן אויפריכטיקן צער אין שטאָט, אויך ביי די קריסטן. אין זיין װוינונג זענען געקומען דער װאָיט מיט די העכערע באַאַמטע, די קאָמענדאַנטן פון דער פּאָליציי און פון די פייערלעשער און נאָך אַנגעזעענע פּאָליאַקן, כדי אויסצודריקן מיטגעפיל דער משפחה. די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַטייליקט אין דער לװיה.

*

ביי אונדז איז געװען אַ קולטורעלע היים, מיט אַ טעגלעכער צייטונג, ביכער אדג״ל. מיר האָבן באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע, װי אויך אַלגעמיינע בילדונג, אויף װיפל מען האָט עס געקאָנט באַקומען אין זשיכלין.

מיין טאַטע האָט זיך מפרנס געװען פון שטעפּעריי. ער האָט באַשעפטיקט אַרטיקע אַרבעטער און אויך מחוץ פון שטעטל. די מאַמע האָט אים געהאָלפן פירן אַ געשעפט פון לעדער.

ביזן אויסברוך פון דער ערשטער װעלט־מלחמה, איז די פרנסה געװען בכבודיק. בעת דער מלחמה, אין יאָר 1917, איז די מאַמע געשטאָרבן אין עלטער פון 38 יאָר.

אונדזער הויז איז געווען אָפן פאַר כל דיכפין. יעדער נויטבאַדערפטיקער וואָס האָט זיך געווענדעט נאָך הילף, איז ניט אַרויסגעגאַנגען מיט ליידיקע הענט.

דער טאַטע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, געווען אַק־טיוו אין דער הכנסת־אורחים און ביי די וואַלן צו די פרנסים פון שטאָט.

אין 1905 האָט ער געהאַט אַ געמיינזאַמע שפּראַך מיט די אַרבעטער, וואָס זענען געווען ביי אונדז באַשעפטיקט — און זיצונגען פון די „רעוואָלוציאָנערן" פלעגן פאָר־קומען ביי אונדז אין שטוב.

מיר, די קינדער, האָבן באַקומען געזעלשאַפטלעכע פרייהייט. חברים האָבן געקענט קומען אונדז באַזוכן אין שטוב און צו יעדער צייט האָבן אונדזערע עלטערן זיי גוט אויפגענומען. דער טאַטע איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין זשיכלין. אָנהייב 1926 בין איך עולה געווען אין לאַנד און די גאַנצע שטרעבונג פון מיין טאַטן איז געווען אויך עולה צו זיין, אָבער לויט דער פּאָליטיק פון דער ענגלישער מאַנדאַטן־מאַכט איז ניט געווען קיין אויסזיכט ער זאָל באַקומען אַ סערטיפיקאַט.

אין 1929, ווען ער האָט זיך דערוווסט אַז כ'האָב זיך באַטייליקט אין פאַרטיידיקן חולדה, האָב איך פון אים באַקומען אַ קורצן בריוו: „איך בין שטאָלץ מיט דיר וואָס האָסט דערפילט דיין פליכט פאַרן היימלאַנד. ווען איך וואָלט געווען אין לאַנד, וואָלט איך אויך נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט".

מיין טאַטע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אהבת ישראל און מיט אַ טיפער ליבע צו ארץ־ישראל. ער האָט געהאַט אַ פּראָגרעסיווע וועלט־אָנשויונג און זי איבערגעווייזן אויף אונדז. איך זע אים בעיקר ווי אַ גייסטיקן ועגווייזער, וואָס האָט אונדזערע בני־בית באַהויכט מיט זיין מאָראַלישער פערזענלעכקייט. זיין גאַנצער כוח, אַזוי ווי ער איז פאַרקערפּערט פאַר מיינע אויגן, האָט ער אָנגעווענדעט אויף צואייגענען און פלעגן גייס־טיקע ווערטן וואָס פאַרפליכטן דעם מענטש צו זען, אַז דער יסוד פון אַלע יסודות איז — אויסבעסערן די געזעלשאַפט און זיך גופא.

די מצווה: ואהבת לרעך כמוך האָט ער מקיים געווען בשלימות און אונדז דערצויגן צו דעם.

# אברהם בן יעקב (געצל) ז״ל

**יעקב לעמבערג**

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אַברהם פאַרלאָזט זשיכלין, וועלכע האָט אים אויסגעזען צו קליין און זיך באַזעצט אין וואַרשע, ווו ר׳האָט געאַרבעט אַלס אָנגע־שטעלטער אין אַ מלבושים־געשעפט. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ גרויסשטאָטישער בחור. אין די מלחמה־יאָרן, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וואַרשע, האָט ער זיך אומגעקערט קיין זשיכלין און זיך איינגעשפּאַנט אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. צום ערשט — אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג פונעם „טורן־פאַראיין״. אין יאָר 1918 העלפט ער גרינדן די צעירי ציון אין זשיכלין. ער זאַמלט אַרום זיך די יוגנטלעכע וואָס האָבן נישט געפונען זייער אָרט אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

אברהם איז תמיד געווען אַן אויפגעלייגטער, אין אַ גוטער שטימונג, מיט וועלכער ער האָט אָנגעשטעקט אַנדערע. צו דער קרייז־קאָנפערענץ פון צעירי ציון אין פלאָצק, איז אַברהם געצל געווען דעלעגאַט פון זשיכלין.

ווען פוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, זענען פאָרגעקומען וואַלן צו די אַלגעמיינע אַרבעטער־ראַטן. מיר האָבן באַשלאָסן צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן, נאָר די צענטראַל־קאָמיטעטן אין וואַרשע האָבן נאָך נישט געהאַט זייער קלאָרע שטעלונג אין דער פראַגע. פּועלי־ציון און דער בונד אין זשיכלין האָבן באַשלאָסן אויסצונוצן די דאָזיקע אומקלאָרקייט און פסלען אונדזער אָנטייל אין די וואַלן צום זשיכלינער אַרבעטער־ראַט ווייל מיר זענען, כלומרשט, „בעלי־בתּישע קינדער״ — און נישט קיין כשרע פּראָלעטאַריער... מיר האָבן געשיקט קיין וואַרשע די חברים אברהם געצל און אברהם וואָנצבערג, כדי דאָרט באַריכטן און גלייכצייטיק איבערצייגן צו באַשטעטיקן אונדזער האַנדלונג. נאָך אַ שטורמישן מיינונג־אויסטויש האָט דער צ. ק. באַשלאָסן צו געבן אונדז אַ פרייע האַנט. ערשט איצט האָבן מיר זיך אַריינגעוואָרפן מיט ברען אין דער אַרבעט און ס׳איז געלונגען אַריינצופירן אין אָרטיקן אַרבעטער־ראַט צוויי פאָרשטייערס: אברהם געצל און דעם שרייבער פון די שורות. אין דעם ערשטן עפנטלעכן מיטינג וועלכער איז פאָרגעקומען אין זשיכלין לכבוד דעם ערשטן מאַי, מיטן אָנטייל פון מאַסן פוילישע אַרבעטער פון די פאַבריקן און פויערים, איז אויך אברהם

געווען פון די רעדנערס און באַגריסערס אין נאָמען פון דער ידישער אַרבעטערשאַפט אין זשיכלין. זיין אַרויסטריט האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן איינדרוק און ער איז דערנאָך אויסגעקליבן געוואָרן אין סעקרעטאַריאַט פונעם אַרבעטער־ראַט.

אַברהם ז״ל איז שטאַרק באַווירקט געוואָרן פון די אַנטי־יידישע פּאָגראָמען אין פּינסק און אין לעמבערג, באַלד נאָך דעם ווי פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק. ער באַשליסט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל — און אין יאָר 1919 אַרבעט ער שוין ביים פלאַסטערן דעם שאָסיי חיפה־דזשעדאַ. נאָכן פאַרענדיקן די דאָזיקע אַרבעט, באַזעצט ער זיך אין חיפה און לערנט זיך אָ ניי פאַך — שטיינהאַקעריי.

ער איז אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט — אין דער הסתדרות, אין דער פּאַרטיי און אין דער „הגנה״. אין יאָר 1921 ווערט ער געשיקט צו באַשיצן חולדה קעגן די אַראַבישע פּאָגראָמשטשיקעס.

אין יאָר 1925, אויפן וועג צוריק קיין ארץ־ישראל פון ווין, וווּ ער האָט געהאַט אַ מעדיצינישע באַהאַנדלונג, האָט ער באַזוכט זשיכלין. ער איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, געלערנט אונדז ארץ־ישראלדיקע לידער און טענץ. אָנהייב 1926 האָב איך עולה געווען און אָנגעקומען קיין חיפה אין אַ צייט פון אַ שווערן עקאָנאָמישן קריזיס. טראָץ זיין נישט געהויבענער לאַגע, האָט אברהם מיך אויפגענומען זייער גאַסטפריינדלעך.

מיט דער צייט האָט ער אויפגעשטעלט אַ משפחה און ס׳זענען אים געבוירן געוואָרן אַ זון מיט אַ טאָכטער. נאָר דער גורל האָט זיך אין אים נוקם געווען — ער איז קראַנק געוואָרן און ווערט אינוואַליד אויף בײדע פיס. ער האָט באַקומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט אין „סולל בונה״ אין חיפה. זיין „האָבי״ איז געווען אַ גרויסער אַקוואַריום אין שטוב און אַ דאַנק דער באַשעפטיקונג האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַ סך מענטשן אין לאַנד און אין אויסלאַנד, וואָס האָט אים געגעבן אַ געוויסע באַרויִקונג.

אין דער באַפרייונג־מלחמה אין יאָר 1948 איז געפאַלן אין שלאַכט זיין איינציקער זון. דער אומגליק האָט צעבראָכן דעם מענטש. ער האָט זיך נישט געקענט קיין טרייסט געפונען. אויך דער טויט פון איינעם פון די נאָענטסטע פריינד האָט אויף אים געווירקט פאַטאַל. ר׳איז אַריינגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע. ער איז געפאָרן קיין אַמעריקע באַזוכן זיינעם אַ ברודער — און דאָרט נפטר געוואָרן.

כבוד זיין אָנדענק!



# מיין פאָטער ע"ה

**האַלינאַ צינאַמאָן**

מיין טייערער, אומפאַרגעסלעכער פאָטער — דער ערשטער קרבן פון די היטלערישע פאַרברעכערס אין אונדזער שטעטל. דאָס האָט פּאַסירט עטלעכע חדשים נאָכדעם ווי די דייטשן זענען אַריין אין זשיכלין, דעם 14טן אַפּריל 1940 — דער טראַגישער טאָג אין מיין לעבן. אין שלאָף האָבן מיר דערהערט אַ שאַרפן קלונג. אַן איבערגעשראָקענע עפן איך די טיר. דריי באַוואָפנטע פּאָליציאַנטן — אַן עלטערער זשאַנדאַרם און צוויי „גראַנאַטאָווע" (פּוילישע הילפס־פּאָליציי) פרעגן אויפן טאַטן און באַפעלן: „תיכף זיך אָנטאָן!". עס העלפן נישט מיינע און דער מאַמעס תחנונים. באַרטעצקאָ, דער עלטערער פון זיי, אַ טשעך, מיט אַ צופעליק סימפּאַטישן פּנים, קלערט אונדז אויף, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל צו אַרעסטירן דעם פאָטער און איז דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך מיטן אייגענעם לעבן.

מען פירט אַרויס דעם טאַטן. אַ פאַרצווייפלטע לויף איך זיי נאָך אויף דער גאַס. אין שטאָט, טראָץ דער פריער שעה, רודערט זיך. פון אַלע זייטן — פּאָליציי־וואַכן, איבערגעשראָקענע מענער. אויך פון דער פּוילישער אינטעליגענץ: דאָקטוירים, אינזשי־ניערן, לערערס און גלחים. צווישן זיי — מיין פאָטער און נאָך צוויי יידן.

ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן האָבן די זשיכלינער לערערס דערלאַנגט דער דייטשער מאַכט אַ פּעטיציע וועגן עפענען די שולן. אויף דער פּעטיציע האָט פיגורירט אויך דער נאָמען פון מיין פאָטער. זיין גאַנצן לעבן האָט ער געווידמעט פּעדאַגאָגישער אַרבעט און ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז ס'זאָל בלייבן געשלאָסן די שול, וואָס איר גרינדונג און אַנטוויקלונג איז געווען זיין פאַרדינסט. און דאָס איז נישט געווען קיין לייכטער ענין, ווייל פאַר דער באַשיידנסטער סומע פאַר דער יידישער שול האָט

מען געדאַרפט שווער קעמפן. דאָס האָט געפאָדערט פיל געדולד, שווערע באַמיונגען און נערוון. נישט איינמאָל האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שאַרפן אָפּזאָג און אויף שיקאַנעס מצד די דירעקטאָרן פון די פוילישע שולן, אָדער פון דער מוניציפּאַלער מאַכט. ער האָט אָבער שטענדיק באַנייט זיינע פאָדערונגען.

יעדע דערגרייכונג, צי דאָס האָט זיך געהאַנדלט װעגן לערן־מכשירים, צי װעגן צוגאָבלעכע לערער־כוחות, אָדער װעגן אַ רעמאָנט פון בנין — האָט אים אָנגעפילט מיט פרייד. זיין אַרבעט ווי אַ דירעקטאָר האָט ער אָנגעהויבן אין אַן אָפּגעלאָזענעם, איינ־צימערדיקן לאָקאַל, אָבער דורך עקשנות און דויערהאַפטיקייט האָט ער אויסגעקעמפט פאַר דער שול אַ באַשיידענעם, אָבער אייגענעם בנין.

מיין פאָטער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט לערעריי. ער האָט ליב געהאַט די פעיקע און פלייסיקע תלמידים, אָבער אויך פאַר די שלעכטע שילער און „אויסוואורפן״ האָט ער געהאַט פאַרשטענדעניש. נישט איין מאָל האָט ער דעם אָדער יענעם אַ צי געטאָן פאַרן אויער, אָדער געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער ווירע איבערן האַנט — דאָך האָבן אים אַלע ליב געהאַט. אָפּטמאָל, ווען ער האָט מיט מיר שפּאַצירט אין גאַס, פלעגט ער אָנווייזן אויף עפּעס אַ יינגל און זאָגן: „דאָס איז אַ פעיקער שילער״, אָדער פאַרגעבלעך שמייכלען, דערזעענדיק אַן „אייזל״.

עטלעכע צוואַנציק יאָר האָט ער געאַרבעט אין שול־וועזן, דערצויגן דריי דורות און געגאַסן פון אַלגעמיינער אַכטונג. די פרייע צייט — און געהאַט האָט ער דאָס זייער ווייניק — האָט ער געווידמעט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט: געהערט צו דער פאַר־וואַלטונג פון דער גמילות־חסדים קאַסע, געלערנט פויליש אין חדר, האָט אַקטיוו געשטיצט, אויך פינאַנסיעל, די ציוניסטישע באַוועגונג. ער איז געווען, אין פולן זין פון וואָרט, אַ גוטער ייד, וואָס האָט זיך אינטערעסירט נישט נאָר מיט די אַקטועלע יידישע ענינים, נאָר אויך מיט יידישער געשיכטע. אין דער יוגנט האָט ער געלערנט גמרא און באַהערשט די העברעישע שפּראַך. אים האָט געפרייט יעדע יידישע דערגרייכונג אין ארץ־ישראל און ער האָט געטרוימט צו באַזוכן דאָס לאַנד. ליידער, ער האָט נישט דערלעבט דעם מאָמענט ווען ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע יידישע מדינה.

קורץ נאָכן אַרעסט איז ער אויף אַ ברוטאַלן אופן דערמאָרדעט געוואָרן, איבער־לאָזנדיק אַלגעמיינעם טרויער אין דער זשיכלינער געזעלשאַפטלעכקייט און אַ טיפן ווייטיק ביי זיין פרוי און טאָכטער, פאַר וועלכע ער איז געווען אַ טרייער מאַן און פאָטער.

כבוד זיין אָנדענק!

# אליהו גאָלדפאַרב ז״ל

## ישעיהו מאירי

אליהו איז געבוירן געוואָרן אין זשיכלין, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַלע מעלות טובות פונעם פוילישן ייִדנטום, צווישן וועלכן ער איז אויסגעוואַקסן און זיך דערצויגן. דאָס האָט אים געגעבן כוח בייצוקומען אַלע שוועריקייטן אויף וועלכע ר׳האָט זיך אָנגעשטויסן אין זיין לעבן, באַזונדערס אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אונטער דער פאַרשאָלטענער נאַצישער ממשלה.

אין יאָר 1949 קומט אליהו קיין ישראל און הייבט דאָ אָן בויען זיין לעבן פונדאַסניי. ווי דער שטייגער אין אָנהייב — מיט אַ סך שוועריקייטן. ערשט אין יאָר 1952 הייבט ער אָן אַרבעטן אין דער חברת החשמל (עלעקטריציטעט־קאָמפּאַניע) אין פאַרשידענע שיכטן, באַטאָג און ביינאַכט, אין שבתים און יום־טובים, נאָר תמיד מיט גרויס אחריות און ווילן צו מאַכן פאָרשריט אין דער אַרבעט.

אויף דעם אַרבעט־פּלאַץ האָט ער שנעל באַקומען אַ גאָר ברייטן קרייז פון פריינד און חברים וואָס האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט זיינע גוטע אייגנשאַפטן, געוווּסט אַז ביי אים קלאַפּט אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ וואָס איז תמיד גרייט צו העלפן אַנדערע.

אליהו איז געווען אויפמערקזאַם צו אַלץ וואָס קומט פאָר אין לאַנד, באַטייליקט זיך אין פאַרזאַמלונגען און אַרויסגעבראַנגט זיינע מיינונגען אויף אַ שטילן, באַשיידענעם אופן.

אליהון האָבן אַלע ליב געהאַט אויסצוהערן און זוכן מיט אים צוזאַמען לייזונגען פאַר פאַרשידענע קאָנצעפּציעס און פאָרשלאָגן וועלכע ער האָט אַרויסגערוקט בנוגע דער אַרבעט און אַרבעטער.

אליהון זענען געבוירן געוואָרן אין לאַנד צוויי טעכטער, מיט וועלכע ער האָט תמיד שטאָלצירט און אַפילו זוכה געווען צו זען ווי זיי שטעלן אויף אייגענע פאַמיליע־נעסטן. נאָר דער גורל האָט אים נישט געלאָזט געניסן לאַנג פונעם צופרידענעם לעבן — און אים אַוועקגעריסן פון אונדז אויף אייביק.

כבוד זיין אָנדענק!

# מיין טאַטנס היים

(צום אָנדענק פון איטשע יאַקובאָוויטש ז״ל)

**שמואל יאַקובאָוויטש**

מיט אַ געפיל פון טיפער פאַרערונג פאַרן אָנדענק פון מיין פאָטער איטשע ז״ל, וואָס האָט מיר געגעבן אַ טראַדיציאָנעלע און אַלגעמיינע דערציונג און געזאָרגט פאַר מיין אַנטוויקלונג — וויל איך אַרויסברענגען אויפן פאַפיר אייניקע שטריכן צו זיין געשטאַלט. אין שטעטל איז ער געווען באַקאַנט אַלס איידעלער מאַן, צו וועמען מ׳האָט זיך באַצויגן מיט אַ סך דרך־ארץ און כבוד.

מיין פאָטער ע״ה איז געווען אַ לערנער און אַ פרומער, אָפּגעהיטן אַלע מצוות, אַ גרויסער ירא שמים, נאָר אויך נישט גרינג געשעצט די אַלגעמיינע קולטור און בילדונג, פון וועלכער ער האָט געשעפּט פולע הויפנס. ער האָט באַזיצט ברייטע ידיעות אין דער קלאַסישער ליטעראַטור, אַלגעמיינע און יידישע פילאָסאָפיע און אַרויסגעוויזן פיל אינטערעס צו די לויפנדיקע געשעענישן.

אין די יוגנט־יאָרן האָט ער געלערנט אין בית־המדרש און זיך פאַרטיפט אין דער תורה פון פרי ביז ביינאַכט. אויך נאָך דער חתונה האָט ער נישט אויפגעהערט לערנען. אין אונדזער היים איז נישט געווען פרנסה בשפע. דער טאַטע האָט פרובירט פירן אַ געשעפט, אָבער נישט מיט צופיל הצלחה. האָט מען זיך גענומען צו קלעפּן פאַפּירענע בייטלען און זיי צוגעשטעלט אין די קראָמען, נאָר פון דעם זענען געווען קנאַפּע פאַרדינסטן.

מיר זענען געווען זעקס קינדער און דער טאַטע האָט באַדאַרפט זאָרגן פאַר אַלעמען. ווען איך האָב אָנגעהויבן זיך לערנען אַ פאַך, שניידעריי, כדי העלפן אין דער פרנסה, איז עס מיין פאָטער נישט אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן.

מיין פאָטער האָט אויך צוגעשטעלט מעל צו באַקן מצה שמירה פאַר די אַלע וואָס האָבן דאָס געוואָלט, ווי אויך — די פיר מינים פאַר סוכות און הושענה רבה.

דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען און משלים געווען מיט די נייע ווינטן וועלכע האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין שטעטל און דעריבער זיך נישט קעגנגעשטעלט, ווען די קינדער זענען אַריינגעטרעטן אין פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין החלוץ און מיטן טאַטנס ברכה בין איך אַרויסגעפאָרן אויף הכשרה אין אַ קיבוץ. ער איז געווען איבערגליקלעך, ווען איך האָב שפּעטער עולה געווען קיין ארץ־ישראל. אַפילו געוואָלט אַז אויך מיינע דריי שוועסטערס זאָלן עולה זיין — נאָר די מלחמה האָט עס נישט דערמעגלעכט און זיי זענען אומגעקומען פון די נאַצישע מערדערס.

אַ געוויסע צייט איז מיין פאָטער געווען שמש אין שיל. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער איבערגענומען פון זיין שוואָגער ליפיש. ער האָט געזאָרגט צו האַלטן אין אָרדענונג די שיל, צו פאַרטיילן יושרדיק די עליות אין די שבתים און יום־טובים, מיט געטריישאַפט און כבוד דערפילט זיינע אויפגאַבן. קיינמאָל נישט אויפגעהויבן אויף וועמען זיין קול, געשעצט די מענטשן און זיי האָבן אים געשעצט.

דער שרייבער שלום אַש, אַ געבוירענער אין דער שכנותדיקער קוטנע, פלעגט אָפט באַזוכן זשיכלין און זיך טרעפן מיטן טאַטן און מיט אים זיך אונטערגעהאַלטן אין לאַנגע געשפּרעכן אויף ליטעראַרישע און פילאָסאָפישע טעמעס. די ישיבה־בחורים וואָס האָבן בייגעוווינט די געשפּרעכן, האָבן מיט גרויס בייגיר זיך צוגעהערט צו זייערע רייד, מיינענדיק, אַז מען רעדט וועגן אַ הארבע סוגיה אין תלמוד, בעת פאַקטיש האָט זיך דאָס געשפּרעך געפירט אויף גאָר אַנדערע טעמעס.

פאַרבאָרגענערהייט האָט מיין פאָטער געפּרוּווט אויך זיין כוח אין שרייבן. ער האָט אָנגעשריבן דערציילונגען און פאַרצייכענונגען, נאָר דאָס, ווי געזאָגט, איז געמאַכט געוואָרן שטיל, בסוד סודות.

אַזאַ איז ער פאַרבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון: אַ תלמיד חכם און ירא שמים, ליב געהאַט מענטשן, באַשיידן און ערלעך. כבוד זיין אָנדענק!

## מיין ברודער
## יעקב יאַסטזשעמבסקי ז״ל

**בלומע שוואַרצבערג (יאַסטזשעמבסקי)**



מיין ברודער יעקב איז געבוירן אין יאָר 1913. ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1939, איז ער געווען אויף מיליטערישע איבונגען ביי דער ליטווישער גרענעץ. פון דאָרט האָט מען זיין פּאָלק איבערגעוואָרפן אויף מעריב און ער האָט אָנטייל גענומען אין די קאַמפן ביי וואַרשע, וווּ ר׳איז גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט און מ׳האָט אים איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אין יאָר 1941 איז ער צוריק געקומען קיין זשיכלין. אין יאָר 1942 איז דורך די דייטשן דערשאָסן געוואָרן, בעת ער איז געשטאַנען אין אַ ריי נאָך ברויט, דער זשיכלינער

תושב סלאָמאַ. די דייטשן האָבן באַפוילן דעם טויטן צו טראָגן אויפן הייליקן אָרט און זיי האָבן אויך מיטגענומען מיין ברודער יעקב און זיין חבר אברהם גלאַצער, אַז זיי זאָלן גראָבן דעם קבר. נאָכן אויסגראָבן דעם קבר האָבן די דייטשן באַפוילן אויך זיי בײדע אַריינצוגיין אין קבר און זיי האָבן מיין ברודער מיט זיין חבר דערשאָסן.

מיין מוטער, שרה־רבקה יאַסטזשעמבסקי, האָט מען אין יאָר 1942, ביים ליקווידירן דאָס געטאָ אַרויסגעפירט אין אַן אומבאַקאַנט אָרט, וווּ זי איז אומגעקומען.

# יוסף ראָזענגאַרטן ז״ל

## ישעיהו מאירי

זיין האַרץ איז געווען פול מיט ליבשאַפט פאַרן פאָלק, פאַרן היימלאַנד און פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס אַלץ האָט ער איינגעזאַפּט אין דער אַלטער היים, אין זיין געבורטס־שטעטל זשיכלין. זיינע יוגנט־יאָרן, אָפּשטאַם און שטאַרקער ווילן, האָבן אויס־געפורעמט אַ אידעישן מענטש וואָס האָט אַן פשרות געקעמפט פאַר הויכע אידעאַלן.

איך האָב אים געקענט, ווען ער האָט געאַרבעט אינעם תל־אביבער אַרבעטער־ראַט — צומערשט אינעם „רויטן הויז" און דערנאָך אין בית ברענער; געזען זיין איבערגעגעבנקייט און טרייקייט דער אַרבעט און דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. זיין אויפריכטיקייט איז געווען אַ שם דבר און זיינע חברים און פריינד האָבן געוווּסט צו באַצייכענען זי אַלס „דער אמת פון יוספן".

מיר האָבן פון אים אַ סך געלערנט — לעבנס־שטייגער און לעבנס־ערלעכקייט. ווי אַזוי שעצן אַנדערע און מלמד זכות זיין אויף אַנדערע, נאָר דערביי נישט מוותר זיין אויף פראַגן פון געזעלשאַפטלעכן צי פּאַרטייאישן כאַראַקטער.

אין אַ געשפּרעך מיט אים האָסטו געוווּסט, אַז יוסף הערט זיך צו אויפמערקזאַם און אַז זיין עצה איז אַן ערלעכע, חברישע.

ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט ער געהערט צו די העוסקים בצרכי ציבור. אין טאָג פון זיין פּטירה האָט ער זיך נאָך באַטייליקט אין אַ זיצונג, וועלכע איז פאָר־געקומען אינעם בנין פון שטאָטראַט (עיריה) און אומקערנדיק זיך אַ היים, איז ער געשטאָרבן אויפן שוועל פון זיין שטוב. כבוד זיין אָנדענק!

# ישראל זאַפראַן ע"ה

## משה לעמבערג

מיט גרויס יראת־הכבוד וויל איך פאַראייביקן דעם אָנדענק פון ישראל זאַפראַן ז"ל.

מיט זיין קינסטלעריש־טעאַטראַלן טאַלאַנט האָט ער פיל בייגעשטייערט פאַר דער קולטור־אַרבעט אין אונדזער קליין שטעטל, אַריינגעבראַכט פרייד אין דער טרויעריקער ווירקלעכקייט.

ער איז געווען פון אַ קליינעם וווּקס, אָבער אין זיין קליינעם קערפּער האָט געשטעקט פיל גייסט. אין יאָר 1926 האָב איך פאַרלאָזט זשיכלין אַלס יונגער בחור, אָבער ביז היינט קאָן איך נישט פאַרגעסן די הערלעכע און גייסטרייכע קינסטלערישע אָוונטן, די פריייטיק־צונאַכטסן אין קלוב פון רעכטע פועלי־ציון, ווו ער האָט געלייענט מאָנאָלאָגן אָדער רעציטירט פון יידישן קלאַסישן רעפּערטואַר.

דער קלוב איז תמיד געווען פול געפּאַקט. יונג און אַלט זענען געקומען אים הערן און געניסן פון זיין קינסטלערישן לייענען. ס'איז געווען אַן אמתער עונג־שבת.

חוץ דעם האָט ער געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרייז און פון צייט צו צייט אויפגעפירט אין שטאָטישן זאַל פאַרשטעלונגען אונטער זיין רעזשי און מיט גרויס דערפאָלג.

ביז היינט־צו־טאָג בין איך נאָך אונטערן איינדרוק פון יענע אָוונטן. איך געדענק, אַז מיט אומגעדולד האָט מען געוואַרט אויפן שבת, ווען זאַפראַן ז"ל, וועט אויפטרעטן. זייענדיק ווייט פון זשיכלין, האָב איך יאָרן־לאַנג נישט פאַרגעסן דעם גענוס פון די הערלעכע אָוונטן זיינע.

כבוד זיין אָנדענק!

# די משפחה שאַטין

## בר־יוסף

אין זשיכלין האָט צום סוף פון 19טן יאָרהונדערט געלעבט ר' משה־אהרן שאַטין — אַ חסידישער יונגערמאַן, אַ גרויסער למדן און פאַרברענטער גערער חסיד. צוויי מאָל אין יאָר פלעגט ער אָוועקלייגן אַלע זיינע געשעפטן און אָוועק פון שטעטל, פון דער משפחה, פון דער פרוי און קינדער. ער האָט זיך דאַן אויסגעטאָן פון גשמיות און

זיך אָװעקגעלאָזט צום רבין קיין גער. װעגן רבינס טיש, זיינע תורות, זיין התנהגות פלעגט ער װאָכנלאַנג דערציילן די חסידים אין גערער שטיבל אין זשיכלין.

זיין פרוי ראָזאַ איז געװען אַן אשת־חיל און יפת תואר. זי האָט געשטאַמט פון גאָר אַ מיוחסדיקער משפחה פון רבנים, רביים, גרויסע סוחרים, נגידים. פרי איז ר׳ משה־אהרן נפטר געװאָרן און איבערגעלאָזן די אַלמנה מיט זעקס קינדער — פיר זין און צװיי טעכטער. זיין זון ר׳ יוסף אברהם האָט חתונה געהאַט מיט דער שיינער שרה־לאהלע, די טאָכטער פון ר׳ שלום זיגער ע״ה. נאָך דער חתונה האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין פּלאָצק. דאָרט האָט ער געהאַט אַ פאַבריקל פון װורשט, געװען אַ גרויסער למדן, אויך אַ גערער חסיד. צענדליקער יאָרן געװען דער גבאי פון גערער שטיבל אין פּלאָצק.

זיין זון מנחם איז אַרויסגעפאָרן קיין ענגלאַנד. דער זון פון ר׳ משה־אהרן — שמואל ע״ה, האָט זיך באַזעצט אין לאָנדאָן און דאָרט איז ער נפטר געװאָרן. ער האָט איבערגעלאָזן אַ זון.

דער זון פון משה־אהרן, ר׳ יוסף־אברהם און זיין פאַמיליע, זענען אומגעקומען פון די נאַציס. פון זיין פאַמיליע איז נאָר פאַרבליבן משה־אהרן, װעלכער געפינט זיך אין ישראל פון 1934. אויך דער זון פון משה־אהרן, מאיר און זיין פרוי איטע און זייערע קינדער — רויזעלע און צװיי יינגלעך (די נעמען װייס איך נישט), זענען אומגעקומען בעת דער שואה.

# אברהמעלע גלח

## יעקב בן־בינה

אין אונדזער שטאָט האָט געלעבט אַ בעל־עגלה, װעמען מ׳האָט גערופן אברהמעלע גלח. פון װאַנען דער נאָמען האָט געשטאַמט — האָט קיינער נישט געװוּסט, פּונקט װי קיינער האָט נישט געװוּסט זיין פאַמיליע־נאָמען. ער אַליין — אויך נישט. קיין װעקס־לען און קיין טשעקן האָט ער קיינמאָל ניט אונטערגעשריבן, אויך דערפאַר װייל ער האָט ניט געקאָנט שרייבן.

זיין אַרבעט־פּלאַץ האָט זיך געפונען אין מאַרק ביים ברונעם. דאָרט איז ער גע־שטאַנען מיט זיין פערד און װאָגן, טאָג־איין טאָג־אויס, װינטער און זומער. זיין קליאַטשע איז געװען בלינד אויף בײדע אויגן. ער איז געשטאַנען און געװאַרט, ביז עס װעט זיך מאַכן עפּעס װאָס איבערצופירן אָדער צו ברענגען סחורה פון דער באַן פון

וואַרשע.ביידע — סיי ער און סיי זיין קליאַטשע האָבן קיינמאָל נישט געגעסן צו דער זעט. פון זיין שווערער האָרעוואַניע האָט ער קוים געהאַט אויף אַ „קאַרטאָפּלאַנקע"־זופּ מיט טרוקן ברויט. נאָר אויף שבת האָט ער זיך דערלויבט צו קויפן אַ שטיקל קאַפּ־פלייש.

די נויט האָט אָבער ניט משפּיע געווען אויף זיין איידעלן כאַראַקטער. ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויף זיין לאַגע, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז אַזאַ איז זיין גורל, אַ גאָטס־זאַך. געווען שמח בחלקו, פון קיינעם גאָרנישט פאַרלאַנגט.

די קליאַטשע איז געווען זיין בעסטער פריינד. זיי האָבן זיך קעגנזייטיק פאַרשטאַנען. ער האָט אויף איר נישט געהויבן קיין בייטש. פאַקטיש האָט ער אַפילו נישט געהאַט קיין בייטש, נאָר אַ ריט, אָן אַ רימען.

אויב די קליאַטשע האָט נישט געקאָנט ציען דעם וואָגן, האָט ער זיך צוזאַמען מיט איר איינגעשפּאַנט און גערעדט צו איר ווי צו אַ גוטן ברודער און צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר זיי וועלן, אם ירצה השם, קומען בשלום אַהיים, וועט ער איר געבן אַ גרעסערע פּאָרציע היי. קיין האָבער האָט ער איר נישט געקאָנט צוזאָגן, ווייל אויף דעם האָט ער נישט פאַרדינט. און אַזוי, מיט בשותּפותדיקע כוחות, האָבן זיי געשלעפּט דעם וואָגן מיט דער משא.

אין דער פרי, נאָכן אַוועקשטעלן פערד־און־וואָגן אויפן באַשטימטן אָרט, איז ער געלאָפן אין בית־מדרש אַריינכאַפּן אַ דאַווענען. פאַרנאַכט, נאָכן ענדיקן די אַרבעט, הגם ער איז געווען הונגעריק און מיד, האָט ער אויסגעשפּאַנט די קליאַטשע, וועלכע האָט שוין אַליין געטראָפן דעם וועג אין שטאַל, וווּ ס'איז פאַר איר געווען צוגעגרייט דער מאָלצייט; ער אַליין איז געלאָפן אין בית־מדרש, צו מנחה־מעריב. שבת איז ער געווען מיט אַלע יידן גלייך, ווי אַ מלך. ער פלעגט אָנטאָן די שבתדיקע זשופּיצע, וועלכע האָט געהאַט אויף זיך אַ סך אַ סך יאָרן.

אין בית־מדרש איז ער ניט געשטאַנען ביי דער מזרח־וואַנט, נאָר צוזאַמען מיט עמך, הינטער דעם בעלעמער. אפשר האָט ער יאָ אַמאָל זוכה געווען צו באַקומען הוצאת הספר תורה אָדער הגבה־גלילה... שמחת תורה האָט ער באַקומען אַן הקפה, אָן אַן עליה...

ער איז געווען פון די שטענדיקע צוהערערס ביים טיש אין בית־מדרש, ווען ר' אהרן־יהודה האָט געלערנט די פרשה פון דער וואָך, פאַר עמך. שווער צו וויסן וויפל ער האָט פון דעם פאַרשטאַנען. דער עיקר, אַז ער האָט געגלויבט אין אַלץ וואָס ר' אהרן־יהודה האָט געזאָגט.

אַזוי האָט געלעבט אַ פּשוטער, האַרציקער ייד, אַן ערלעכער און גאָטספאָרכטיקער.

אברהמעלע האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין טענות — נישט צום בורא עולם און נישט צו קיין מענטשן.

אַזאַ איז געווען זיין גורל. אַזאַ איז געווען זיין מזל. מן הסתם האָט אַזוי געדאַרפט זיין...

# אייזיק קעלמער ז״ל

## יעקב בן־בינה

זיין נאָמען, אייזיק, איז געווען אַ שם־דבר אין שטעטל. יונג און אַלט האָבן אים געקענט. אַן איבערגעגעבענער און טרייער דעם ציוניסטישן אידעאַל. ער איז ניט געווען קיין אידעאָלאָג צי אַ פּאַרטיי־רעדנער, ניט געשטופּט זיך אויבנאָן — נאָר געוואָלט טאָן פאַר אַנדערע. ער האָט אָנגעהערט צו די בני ציון, אָבער גרייט געווען צו העלפן אַלע אָן אויסנאַם אַנדערע ציוניסטישע גרופּירונגען, ווי נאָר מ'האָט זיך צו אים געוואָנדן וועגן הילף.

אייזיק איז געווען שטאַרק באַליבט ביי אַלע איינוווינער אין שטאָט. אַן אידעלער שמייכל האָט תמיד זיך באַוויזן אויף זיין פּנים. ער איז געווען אַ גאָט געבענטשטער געזעלשאַפטלעכער טוער און באַזוכט די אָרגאַניזאַציע זיינע, בני ציון, ווי נאָר ער האָט געעפנט דעם לאָקאַל — ביזן פאַרמאַכן אים. צוליב דעם האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין פּערזענלעך און משפּחהדיק לעבן. זיין עיקרדיקע טעטיקייט איז געווען פאַרן קרן היסוד און קרן קיימת מיט וועלכע ער האָט אָנגעפירט.

יעדן עולה פון זשיכלין קיין ארץ־ישראל פלעגט אייזיק באַגלייטן ביז דער באַן־סטאַציע. ניט אומזיסט האָט מען אויף אים געזאָגט: ,,די גאַנצע שטאָט אויף זיין קאָפּ״. ער האָט געטרוימט אַליין עולה צו זיין, נאָך דעם ווי ער וועט שליסן אַלע געשעפטן אויף דער ביסקעווער גאַס. צום באַדויערן, איז זיין טרוים ניט רעאַליזירט געוואָרן — ער האָט געטיילט דעם ביטערן גורל פון די זשיכלינער יידן וואָס זענען אומגעקומען פון די נאַצישע רוצחים ימ״ש.

אַפילו אין געטאָ האָט אייזיק ניט אויפגעגעבן זיינע טרוימען וועגן ציון. פון צייט צו צייט, אויף וויפל יענע באַדינגונגען האָבן דערלויבט, האָט ער איינגעאָרדנט ציוניסטישע צוזאַמענטרעפן און פאַרזאַמלונגען.

אין די לעצטע יאָרן איז אייזיק קעלמער געוויילט געוואָרן אַלס דאָזאַר אין דער קהילה אויף דער ליסטע פון בני ציון.

זיין אָנדענק וועט תמיד אתדז באַגלייטן!

# אַ יאָרצייט־ליכט פאַרן טאַטן און דער משפחה

**יהושע זאב**

שווער, זייער שווער קומט אָן צו נעמען די פעדער אין האַנט און שרייבן וועגן די עלטערן, שוועסטער און ברידער וואָס זענען אומגעקומען אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ. יאָרן־לאַנג האָבן מיר געלעבט צוזאַמען, געווען פאַרבונדן ווי קינדער צו אַ טאַטן — און מיט אַמאָל איז אַלץ געוואָרן איבערגעריסן. איך האָב געקלאַפּט אין אַ סך טירן פון פּאַלאַקן אין זשיכלין, געשריבן אויך צום דעמאָלטיקן בירגערמייסטער עדמונד דעמ־באָווסקי כדי צו וויסן צי איז ווער ניצול געוואָרן — אָבער ביז איצט ניט באַקומען קיין תשובה וועגן גורל פון מיינע נאָענטסטע. פאַר מיר איז קלאָר, אַז זיי זענען נישטאָ מער צווישן די לעבעדיקע, אַז זיי האָבן געטיילט דעם גורל פון די זשיכלינער יידן.

לויט אַנדערע ידיעות וועלכע כ׳האָב באַקומען, איז מיין פאָטער יעקב־דוד ווידיס־לאָווסקי און אַ ברודער אומגעקומען אין איין טאָג. אויך מיין מאַמע גיטל ז״ל.

מיין טאַטע האָט געאַרבעט אַלס הויפּט־מאַגאַזינער אין דער מיל פון זיידן ר׳ משה־מענדל ווידיסלאָווסקי. געהערט צו די פּילצער חסידים (פּילץ — אַ שטעטל לעבן זאַ־ווירטשע). צוויי מאָל האָט דער טאַטע מיך געבערענגט צום רבין ר׳ מענדעלע פּילצער זצ״ל. געוואָלט פון מיר מאַכן אַ חסיד — נאָר אָן דערפאָלג. מיך האָט געצויגן צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, בפרט נאָך, אַז מיינע נאָענטע חברים זענען געווען זשוכאָ־וויצקי, וואָנצבערג און לעמבערג — די גרינדערס פון צעירי־ציון אין זשיכלין.

אַ דאַנק דעם טאַטן, איז אונדזער היים שטענדיק געווען אָפן פאַר אָרעמעלייט און נויטבאַדערפטיקע יידן. דער טאַטע איז געווען אַ גוטהאַרציקער, יושרדיקער ייד. מיין מאַמע האָט תמיד געגעבן איר צושטימונג צו זיינע האַנדלונגען. זייער אָנדענק איז טיף איינגעקריצט אין מיין האַרץ.



# מיכאל שוואַרצבערג

**א. צ.**

דעם יידיש ריידנדיקן און יידיש טראַכטנדיקן סעקטאָר אין מעלבורן, אויסטראַליע, האָט ווי אַ דונער געטראָפן דער פלוצימדיקער און פריצייטיקער טויט פון מיכאל שוואַרצבערג — אַ טרייער איבערגעגעבע־נער ייד פו אַלטן פוילישן שניט. אין מעלבורן איז ער געווען פאַרבונדן מיט „קדימה", דעם ציוניסטישן ראַט, פועלי־ציון, פ.י.א. און אַנדערע יידישע אינסטי־טוציעס. ער איז געווען אַ גרויסער מאמין, אַז אויב מ'וואָלט געוואָלט, וואָלט מען אויך אין דער ווייטער אויסטראַליע געקענט אָנגיין מיטן המשך פון דער גאָלדענער קייט וואָס איז אין די לעצטע טויזנט יאָר געשמידט געוואָרן אין נוסח פון יידישן פוילן. די דאָ־זיקע אמונה האָט ער אָנגעהאַלטן ממש ביז דער רגע פון זיין פלוצימדיקן טויט, דעם 6טן יוני 1971 (י"ג סיון תשל"א).

מ. שוואַרצבערג איז געבוירן אין זשיכלין אין יאָר 1907. זיין פאָטער, אַ ייד פונעם אַלטן שניט, פון די חובבי ציון, האָט אין יונגן מיכאל איינגעפלאַנצט ליבע און אחריות צום יידישן פאָלק, דורך מיטנעמען אים צו כלערליי יידיש־ציוניסטישע אונטערנעמונ־גען. אין די יונגע יאָרן איז מיכאל אַ מיטגליד אין די צעירי־ציון און איז מערערע מאָל פאַרטרעטער פון זיין פאַרטיי אין פאַרשידענע דעלעגאַציעס וואָס זענען געשיקט גע־וואָרן פון זשיכלין צו קאָנפערענצן און פאַרהאַנדלונגען.

מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז מיכאל שוואַרצבערג אַוועק אויף דער רוסישער זייט — אָבער אַביסל אַנדערש ווי די אַנדערע יידן־פליטים. זעענ־דיק אַז אין די געביטן, באַזעצטע פון די רוסן, וועלן יידן גיכער איבערלעבן ווי ביי די דייטשן, איז שוואַרצבערג צוריק אַוועק קיין פוילן און ממש פון הינטער די דייטשנס נאָז, מיט גרויס סכנות נפשות פאַר זיך, גענומען מיט זיך זיין פרוי און אַ סך פריינד. אויך אין רוסלאַנד האָט ער ניט אויפגעגעבן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און דערפאַר איז ער פאַרשיקט געוואָרן ערגעץ טיף אין די מזרח־געביטן פון דעם לאַנד.

מיטן צוריק קומען קיין פוילן, איז שוואַרצבערג אַוועק קיין זשיכלין, געזען דאָרט

דעם חורבן פון זיין היימשטאָט און זיך באַזעצט אין די מערב־געביטן פון פוילן, וווּ ער האָט געשאַפן די ערשטע יידישע שול און די ערשטע יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

אין אויסטראַליע האָט מיכל שוואַרצבערג געאַרבעט פאַר איין ציל — אויסצולעבן די יאָרן אין ישראל — אַ ציל וואָס איז ממש אין דער לעצטער רגע צוויי מאָל פאַרשווּנדן. דאָס ערשטע מאָל, ווען ר׳איז געווען אויף הכשרה אין גראַכאָוו און באַקומען אַ סערטיפיקאַט קיין ארץ־ישראל, נאָר דעמאָלט איז ער קראַנק געוואָרן און דער סערטיפיקאַט איז איבערגעגעבן געוואָרן אַן אַנדערן. אויך נאָך דער מלחמה איז ער געווען אויפן וועג קיין ישראל, נאָר עס האָט זיך אָפּגערופן דער פרויס אַ קוזין און זייערס אַ נאָענטער פריינד און געבעטן צו קומען קיין מעלבורן, כדי צו זיין צוזאַמען.

אַ וואָך פאַר זיין פטירה האָט מיכאל פאַרקויפט זיין הויז, געפּאַקט די פעקלעך און צום דריטן מאָל זיך געגרייט צו פאָרן אין דער יידישער מדינה, ווייל ער האָט שוין געהאַט אַ באַשטימטע דאַטע — אין חודש נאָוועמבער 1971. אָבער אויך דאָסמאָל איז ניט באַשערט געווען אַז זיין שטרעבונג זאָל פאַרווירקלעכט ווערן. דער טויט האָט אים פון אונדז צוגענומען שנעל און אומגעריכט.

צו זיין לוויה אין מעלבורן זענען געקומען הונדערטער מענטשן פון אַלע שאַטירונגען. מספּיד געווען ביים אָפּענעם קבר האָבן אים פריינד פון „קדימה״, פון ציוניסטישן ראַט און פון זיין פּאַרטיי — פּועלי־ציון.

כבוד זיין אָנדענק!

(„אויסטראַלישע יידישע נייעס״)

## שטעטלדיקע טיפּן און זייערע צונעמען

### יוסף פראַפּען

עס שטייען פאַר מיינע אויגן פאַרשידענע טיפּן פון שטעטל צו וועלכע מיר, דער יונגער דור, האָט זיך באַצויגן מיט גרינגשעצונג.

אין שטעטל האָט כמעט יעדער ייד געהאַט, אויסער זיין אָפיציעלן פאַמיליע־נאָמען וואָס איז געווען פאַרשריבן אין די מעלדונגס־ביכער אָדער אין פּאַספּאָרט, אויך אַ צונאָמען. מיטן אָפיציעלן נאָמען האָט מען זיך ווייניק באַנוצט. דער צונאָמען פלעגט, מער אָדער ווייניקער, כאַראַקטעריזירן דעם ייד לויט זיין באַשעפטיקונג, אייגנאַרט אָדער ספּעציעלע משפּחה־טראַדיציעס, ווי צום ביישפּיל:

דער אַלטער צאַפּע, דודל צאַפּעס, ר׳ חיים דער לערער מיט דער געגדזענער פעדער, דער גאַמבינער לערער, טויבע די לערערין, יענקל פריציס דער לערער, חיימקע קלוסקע, זעליג ציוויעס, דער בודזאָוואַנער, דער דאָזיקער, דאָס קליינע רבילע דער הימלקוקער, לעקיש, מומע יונה, חיים חומעס, יעקב חומעס, זכריה חומעס, איטשע־אהרן טוביהס, דער געלער זייגערמאַכער, יהושע־פּייוול דאָזער, שלמה חיה הויז, אברהם־יצחק זייגערמאַכער, הענעך זייגערמאַכער, בעריש גאָלדשמידט, דער טויבער ברוקיאַזש, ר׳ מענדל־מאיר שוחט, ר׳ פּייוויש שוחט, ר׳ איטשע שוחט, אברהם־משה קאַמאַשנשטעפּער, אפרים שניידער, דער גלעזער, דער מעכאַניק, דער מילנער, יאָסעלע גוליע, דער סאכמעראָזשניק, די פּאַנישעס, איטשע ראָצער, משה חאַם, חיים יובין, אייזיק־מאיר מיט די קאַלטע פיס, כתריאל היטלמאַכער, קאָלאָמאָסטו — קאָלאָ דראָנגאַ, שלום באָמבע, אהרן טאָפּ, מענדל זומבול, דער געלער וויראָבניק, שמחה שווייגער, אסתר־חיה די שווייגערין, יעקב טומעק, משה־אהרן יעקב טומעקס, בערל מיטן וואַליאַנס, הערשל ברײנע־גיטלס, משה באָנדער, אַברמעלע גלח מיט דער קליאַטשע, ישראליע פאַרד, לייבעלע ניעמאַלאָוואַנע, איטעלע ישרולעס, חאַמל וואַסערטרעגער, מאַטיס הויקער, שמעון הויקער, דער שבת הגדול מיטן קורצן פרייטיק, אהרנקע פּאַפּיראָסניק, מרדכי הײנאַכער, דודל קאָוואַל, „ראַביי״, שמואל־יהושע זיין שמש, דער באָטשאַן, אַנשל שמאַטשאַזש, אהרנקע גובערנאַטאָר (קילע), אַברעמעל גובערנאַטאָר (קילע), יונה היטלמאַכער, יוקעלע שוסטער, מאַטעס היטלמאַכער, יהושע פראָפּן, מענדל בלאַכאַזש, דער געלער בלאַכאַזש, חיל ציוויעס, דער דייטשל, נאָטע קצב, זלמן נאָטעס, אליעזר נאָטעס, דער געלער שלום, מרדכי קצב, שמואל דער טריפהנער קצב, לייביש קצב, גיליע קצב, רייצע די באָרשט־יידענע, חוה רייצעס, אסתר זעלדע, שפּרינצע נעכע, משה־אהרן לעקעך־בעקער, חנוכה די בעקערין, שליאָך, די קאָזעטע, פרייטשע שליאָך, גאָלדע־יערל די הערינג־יידענע, גאָלדע פייגע, די משוגענע מאַכליעכע, דאָבריש רויזעס, רש״י רויזעס, חנה די שטראָנצטע, אסתר מאָשקעס, חנהלע די רביצין, פרוי באַלבונאַ, איציק בעקער, יוקעלע בעקער, יעקב־וואָלף בעקער, משה זשרעבעק, די פיר שוועסטער, חיה זלמענס, ראָניע צמחס, משה יעקבס, שלמהקע בעקער, נח זיין זון, אברהמעלע פרויען־שניידער, לייבישל שניידער, זעליג־משה שניידער, סקורקע לאַטוטניק, הערשל שניידער, באָבסל שוסטער, וואָוועלע שוסטער, דוד חודיעל, וואָלף שוסטער, יצחק אהרן שוסטער מיטן ממזר, בעריש יעקב וואָלפס, משה־יעקב וואָלפס, אַהרניכע פישער דער זשיכלינער, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, לאה איציקס, ליפּעש שמש, איטשע שמש זיין איידעם, זלמניע שמש, חזן פּאָמעראַנץ, אַברהמעלע שול־קלאַפּער, דער גאָמבינער פעלדשער, חיים־לייב קאַנע־מאַכער, גרשון פעלדשער, שאול דער טויבנכאַפּער און אַנדערע...

# אין זשיכלינער געטאָ

(דערציילט פון: אלי גאָלדפאַרב און פרוי, זאַנדבערג, קווענט און ראָזענקאָפּף)

דעם 17טן סעפטעמבער 1939 האָבן די דייטשע באַנדעס באַזעצט זשיכלין, אָן אַ גרויסן קאַמף. ס'איז נאָר געווען אַ לייכטער ווידערשטאַנד מצד אַ קליינער גרופּע פּוי־לישע זעלנער.

גלייך צוגעאָרגנס האָבן זיך באַוויזן אָרטיקע הויכע באַאַמטע פון דער דאָבזשעלינער צוקער־פאַבריק, אָנגעטאָן אין ס.ס.־מונדירן, דאָס זענען געווען פאָלקס־דייטשן. אויך דער געוועזענער פירער פון זשיכלינער פּ.פּ.ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי), מאַר־כעווקאַ, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־דייטש, אַ דאַנק זיין פרוי וועלכע איז געווען פון דייטשער אָפּשטאַמונג — אַ טאָכטער פון וואַלטער, דער אייגנטימער פון אַ שענק אויף פאַשיקער גאַס.



יעקב־מאיר ראָזענדאָרף, זיין פרוי רחל־בלימע, מרדכי קאַרן, נעכע ליפשיץ (בייזער) — אין זייער לעצטן וועג פון זשיכלינער געטאָ אין טויטן־לאַגער כעלמנאָ.

מען מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז די זשיכלינער פאָלקס־דייטשן האָבן ניט אָנטייל גענומען אין אָנטאָן צרות דער יידישער באַפעלקערונג. מען דערציילט אַפילו וועגן פאַלן, ווען זיי פלעגן העלפן אַ סך משפחות, וואָס האָבן פריער געאַרבעט פאַר זיי, ווי שניי־דערס און שוסטערס.

צרות האָבן אָנגעטאָן די יידן די צוגעוואַנדערטע פאָלקס־דייטשן פון אַנדערע געגנטן, וועלכע מען האָט אַראָפּגעבראַכט קיין זשיכלין צו באַזעצן זיך.

די ערשטע טעג נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע האָבן די יידן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וווינונגען, מורא געהאַט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ. די פאַרוווּנדעטע פּוילישע זעלנער און ציווילע זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין דער קירכע, ווו יידישע און פּוילישע מיידלעך האָבן זיי ערטיילט הילף.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן די דייטשן פאַראָרדנט, מיט פּויקן אין די גאַסן, אַז אַלע יידן זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף די מאַרק־פּלעצער. צו דער זעלבער צייט האָבן זיי דורכגעפירט רעוויזיעס אין די וווינונגען, זוכנדיק כלומרשט געווער, אָבער גלייכצייטיק אַראָפּגעלאָזט אין די קעשענעס אַלץ, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. יידן זענען אויך געכאַפּט געוואָרן צו פאַרשיידענע אַרבעטן, ווי רייניקן די גאַסן, די וווינונגען און ביוראָען פון די דייטשן, אדג״ל.

אין חודש נאָוועמבער 39׳ איז פאַראָרדנט געוואָרן, אַז אַלע יידן דאַרפן טראָגן אַ געלן באַנד אויפן אָרעם און אויף די טירן פון די יידישע וווינונגען דאַרף זיין אַן אויפשריפט „יודע״. אַ קורצע צייט שפּעטער איז דער געלער באַנד געטוישט געוואָרן אויף אַ געלן מגן דוד, וועלכן מען האָט געמוזט טראָגן אויף דער ברוסט. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַן אַרויסגאַנג־פאַרבאָט פון 6 אוונט ביז 6 אינדערפרי און קיין ייד האָט זיך ניט געטאָרט ווייזן אויף דער גאַס אין דער צייט.

די דייטשן האָבן באַשטימט אַ יודענראַט, בראש מיטן פאָרזיצער פון ועד הקהילה אַלטער ראָזענבערג. צום יודענראַט האָבן געהערט: יוסף כאַלעמסקי, אייזיק קעלמער, יהושע זיגער, יצחק זייפערט, נח העלמער, מרדכי זיגער און דאָקטער ווינאַגראָן.

ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן „אָרדענונגס־דינסט״, ד.ה. אַ יידישע פּאָליציי, בראש מיט יאָסל אָבערמאַן. די פּאָליציסטן זענען געווען אויף געהאַלט און אַ גרעסערע צאָל פון זיי האָט געטראָגן ספּעציעלע היטלען. אַזוי האָבן זיי געקענט זיין טעטיק אין געטאָ, ווי אויך באַזאָרגן אַהין פּראָוויאַנט.

אָנהייב 1940 איז געשאַפן געוואָרן דאָס געטאָ, וועלכע האָט זיך געפונען אויף נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס, פון דער רעכטער זייט, אָנהייבנדיק פון שלום זיגערס הויז, ביז אַראָפּ אויף דער ביסקאָוועג גאַס. די פענצטער פון די יידישע וווינונגען אויף נאַרוטאָ־

וויטשאַ האָבן געמוזט זיין פאַרקלאַפּט מיט ברעטער און אַ ייד האָט ניט געטאָרט אַרויס־קוקן אויף דער גאַס. דאָס איז געווען ס׳גרויסע געטאָ, אין וועלכער מ׳האָט אַריינגעשטויסן בערך 1,800 נפשות.

אַ צווייטער געטאָ איז געווען ביי פּאַביאַנעץ און דאָרט האָבן זיך געפונען בערך 300 נפשות. דער וווין־מצב אין געטאָ איז געווען אַ שוידערלעכער. אין יענער וווינונג פון צוויי צימערן האָבן זיך אַריינגעצויגן דריי משפחות, ביז אַ 20 נפשות. יעדער איינער האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך זיינע אָרעמע בעבעכעס, וואָס האָט גורם געווען צו קאָנ־פליקטן און רייסערייען. דער יודענראַט און די פּאָליציי האָבן געהאַט אַ כסדרדיקע אויפ־גאַבע צו באַרויקן די געמיטער און מאַכן שלום צווישן די איינוווינערס.

דער יודענראַט האָט זיך איינקוואַרטירט אין שלום זיגערס הויז.

די יידן פון סאַניק, ווי אויך אַ טייל יידן פון קוטנע און וואָצלאַוועק האָבן זיך אַריינגעשמוגלט קיין זשיכלין, ווייל פאַרהעלטנישמעסיק איז די באַציונג פון זשיכלינער דייטשן קאָמענדאַט ניט געווען אַזוי ברוטאַל ווי אין יענע שטעט.

כדי אויסצומיידן דאָס ווילדע כאַפּן צו דער אַרבעט, איז געשאַפן געוואָרן אַן אַר־בעטס־ראַט, בראש מיט יהושע זיגער, וואָס האָט געשיקט צו דער אַרבעט לויט אַ באַ־שטימטער ריי. די וואָס האָבן ניט געקענט גיין צו דער אַרבעט, האָבן באַצאָלט די אַנדערע יידן וואָס זענען געגאַנגען אַרבעטן אויף זייער אָרט.

ביי די בעלי־מלאכהס איז דער עקאָנאָמישער מצב געווען צו דערליידן. זיי האָבן געאַרבעט און די פּויערים פון דער געגנט פלעגן קומען קויפן אָדער באַשטעלן קליידער, שיך און באַצאָלן מיט פּראָדוקטן. דער אויסטויש פלעגט פאָרקומען אין הויף פון שלום זיגערס הויז. די דייטשן האָבן ניט געשטערט, בלויז אויף דער גאַס האָבן די יידן ניט געטאָרט זיך באַווייזן. אַקעגנאיבער איז געשטאַנען אַ דייטשע וואַך, וועלכע האָט געהיט אַז אַ ייד זאָל ניט אַרויס אויף דער נאַרוטאָוויטשאַ־גאַס. דאָך זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעגנבעט ביינאַכט אין די דערפער און געבראַכט פון דאָרט פּראָדוקטן, וועלכע זיי האָבן דערנאָך פאַרקויפט פאַר ספּעקולאַטיווע פּרייזן. מען האָט אויך פּראָ־דוצירט בראָנפן אין געטאָ און פאַרקויפט די קריסטן, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער געפאַר, אַפילו ביז טויט־שטראָף.

ס׳זענען געווען פיל איינוווינער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פאַך, ווי געוועזענע סוחרים און אַנדערע. פאַר זיי איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־קיך, וועלכע האָט געקאָכט אַ ביסל זופּ און איז פאַרטיילט געוואָרן אין ביידע געטאָס בחינם, כדי צו דערהאַלטן די נשמה.

דער בעקער אַלטער רויזענבערג האָט באַקומען די קאָנצעסיע צוזשטעלן ברויט אין געטאָ.

צוליב דער ענגשאַפט אין געטאָ און צוליב דער שוידערלעכער סאַניטאַרער לאַגע, האָבן געבושעוועט קראַנקייטן, אין דעם — אויך אַ טיפוס־עפּידעמיע. ס'איז געשאַפן גע־וואָרן אַ „רויטער קרייץ", בראש מיט אלי גאָלדפּאַרב און מוניק מאָרגענטאַוער. ד"ר ווינאַגראַן האָט צוזאַמען מיט אייניקע ידישע מיידלעך זיך פאַרנומען מיט דער מעדיציני־שער הילף.

פון אויגוסט 1941 האָט מען גענומען אַרויסשיקן יוגנטלעכע צו דער אַרבעט אין ווייטע ערטער. די ערשטע גרופּע איז באַשטאַנען פון 400 יוגנטלעכע, וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט אין פויזנער געגנט. קיינער איז פון זיי ניט צוריק געקומען.

ס'איז אויך געשיקט געוואָרן אַ גרופּע פון בערך 60 פּערזאָן, דאָס רוב פרויען, אין אַ דאָרף צו פעלד־אַרבעט. זיי האָבן דאָרט געאַרבעט 6 חדשים ביי ניט־שלעכטע באַ־דינגונגען. דער פריץ, ביי וועלכן זיי האָבן געאַרבעט, האָט געזאָרגט, אַז זיי זאָלן באַ־קומען גוט עסן. ביז סוף 1941 זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 4 אַרבעט־גרופּן.

אין לאַגער מעקלאַ האָט מען אויפגעהאָנגען צוויי זשיכלינער, נאָכדעם ווי מען האָט זיי געכאַפּט גנבענען קאַרטאָפל אויפן פעלד. איינער פון די אומגעקומענע איז גע־ווען אַ זון פון שאול סאַרנע.

אַ טייל יוגנטלעכע האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און גענומען וואַנדערן. אייניקע פון זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד.

ביז סוף 1941 האָט מען נאָך געקאָנט ברענגען צו קבר־ישראל די געשטאָרבענע ידן. די דייטשן האָבן ניט געשטערט צו באַטייליקן זיך אין די לוויות. דעם שומר פון בית־הקברות האָבן די דייטשן געלאָזט וווינען אין זיין פריערדיקער דירה ביים בית־עלמין. ער איז געווען פריי פון צו וווינען אין געטאָ.

אייזיק קעלמער האָט געזאָרגט, אַז אין געטאָ זאָל אויך געפירט ווערן אַ געזעל־שאַפטלעך־קולטורעלע און ציוניסטישע אַרבעט. פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען בעלער, אַפילו מיט בילעטן. דאָס געלט פלעגט גיין פאַר סאָציאַלער הילף.

אין 1941, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די דייטש־רוסישע מלחמה, האָבן די היטלע־ריסטן גענומען רעאַליזירן זייער פּלאַן פון אומברענגען די ידן. קיין זשיכלין איז אַראָפּ־געקומען דער קאָמענדאַנט פון קוטנע, באַקאַנט מיט זיין ברוטאַלער באַציונג צו דער ידישער באַפעלקערונג. אַלטע און קראַנקע זענען אין זשיכלין תיכף דערמאָרדעט גע־וואָרן אויפן אָרט. צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען דער פאָרזיצער פון יודענ־ראַט אַלטער ראָזענבערג און דער שעף פון דער ידישער פּאָליציי, יאָסל אַבערמאַן.

יהושע זיגער, וועלכער האָט געוואָגט זיך קעגנצושטעלן, איז דערשאָסן געוואָרן. מען דערציילט, אַז זיי האָבן פון אים געפאָדערט דאָס געלט פון יודענראַט. ער האָט אַרויס־גענומען אַ ביסל דייטשע מאַרקן און זיי געוואָרפן אין פּנים פון די מערדערס.

אין אויגוסט 1942 האָט מען אַלעמען אָוועקגעשיקט מיט אַ טראַנספּאָרט קיין כעלמנאָ, צום אומקום. נאָר יחידים האָבן מצליח געווען צו אַנטלויפן און זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

אַזוי איז געקומען דער סוף פון אַ לעבעדיק יידיש שטעטל, וואָס האָט זיך אויסגע־צייכנט מיט אַ ברייטער קולטורעלער, פּאַרטייאישער און ציוניסטישער אַרבעט. אויך דער בית־הקברות, מיט די מצבות פון אונדזערע נאָענטע, איז פאַרניכטעט געוואָרן. ס'איז ניט פאַרבליבן קיין זכר פון יידישן זשיכלין.

יתגדל ויתקדש שמה רבה!

# די ליקווידאַציע פון געטאָ זשיכלין

## האַלינאַ באָדעק (צינאַמאָן)

די ערשטע אָבלאַווע האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע דערשיטערונג אין געטאָ און ס'איז פאַרביי פיל צייט ביז ס'איז געקומען אַ געוויסע באַרויקונג. מען האָט זיך גע־טרייסט, אַז דאָס וועט זיך מער ניט איבערחזרן, ווייל די מענטשן האָבן אין זייער נאַיִוקייט ניט געוווּסט, אַז דאָס איז ערשט אַן אַריינפיר צו ווייטערדיקע, ערגערע און אכזריותדיקע אַקציעס. אין באַשטימטע צייט־אָפּשניטן קומט פאָר איין „לאַפּאַנקע" נאָך דער אַנדערער. מען יאָגט אונדז ווי ווילדע חיות און ס'איז נישטאָ קיין אַנטרינונג פאַר די מערדער. די דייטשן באַנוצן זיך מיט דער יידישער פּאָליציי, וואָס ווייסט יעדן ווינקל און באַהעלטענישן אין געטאָ.

אויף וויפל די ערשטע אַקציע איז געווען אַ צופעליקע, ווערט אין די ווייטערדיקע אַקציעס אָנגעווענדעט אַ גענויע סעלעקציע. ס'איז אַלגעמיין באַוווּסט, אַז אָבערמאַן איז דער יעניקער וואָס גרייט צו יעדן מאָל אַ באַשטימטן דורך די דייטשן קאָנטינגענט מענטשן. ער איז דער האַר איבער לעבן און טויט. איך האָב פאַר אים מורא, באַמי זיך אים אויסצומיידן, כדי זיך ניט צו וואַרפן אין די אויגן ווי אַן עווענטועלע קאַנדידאַטין אויף זיין שוואַרצער רשימה. די איינפלוסן פון אָבערמאַנען זענען אַזעלכע גרויסע, אַז

אים געלונגט צו באַזייטיקן זיינע נאָענטסטע חברים פון יודענראַט, וועלכע זענען פאַר אים אומבאַקוועם. צוליב אים ווערט אַרעסטירט און דעפּאָרטירט איינער פון די ערלעכסטע חברים אין גמינע־ראַט. עס בליט די קאָרופּציע און פּראָטעקציאָניזם. די ערשטע קרבנות זענען די אָרעמסטע וואָס האָבן ניט קיין מיטלען זיך אויסצוקויפן.

אין דער מאָס ווי עס פאַרשטאַרקט זיך די דעפּאָרטאַציע־אַקציע, ווערט די באַפעלקערונג אין געטאָ אַלץ שיטערער. נישטאָ קיין איין משפחה פון וועלכער מען זאָל ניט האָבן ווען ס׳איז אַרויסגעשיקט. מיט די לעצטע טראַנספּאָרטן האָט מען אויך אַרויסגעשיקט יונגע מיידלעך, צווישן אַנדערע — מיין גוטע באַקאַנטע מאַלי רובין. עס האָט ניט געהאָלפן די אינטערווענץ פון איר ברודער אַ פּאָליציאַנט. דערווייל האָט מען מיך געלאָזט צורו: אפשר צוליב מיין אומגליקלעכן פאָטער און זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער שטאָט, אפשר צוליב די וואָס דעצידירן וועגן אונדזער גורל, ביי וועמען עס טליעט נאָך אַ קליינער פונק פון מענטשלעכקייט, וואָס דערלויבט ניט אָפּצורייסן די איינציקע טאָכטער פון אַ מוטער, וועלכע איז פאַרצווייפלט צוליבן פאַרלוסט פון איר מאַן.

די כוואַליע פון „לאַפּאַנקעס” גייט פאַרביי. אַ לענגערע תקופה הערשט אַ רעלאַטיווע רו. עס גייען אַרום קלאַנגען וועגן דייטשע מפלות אויפן מזרח־פראָנט. צי פאַרבעסערט דאָס אונדזער לאַגע? ליידער, ניין! די נאָענטסטע צוקונפט באַווייזט, אַז ס׳איז פונקט פאַרקערט. דאָס לעבן אין געטאָ ווערט ביסלעכווייז „נאָרמאַליזירט”. איך לערן ווייטער קינדער. זייער צאָל איז באַדייטנד קלענער געוואָרן. אַ געוויסן טאָג איז ניט געקומען צו דער לעקציע די קליינע מיראַ אייזענבערג, די פּלימעניצע פון כאַלעמסקי. איך פרעג זי וועגן דער סיבה, דערציילט זי מיר עפּעס אַ פאַנטאַסטישע געשיכטע וועגן פאַרגאַזן יידן. איך לייג ניט צו פיל אַכט אויף אָט דעם „אידיאָטיזם”. דאָס מיידל עקשנט זיך איין, אַז ס׳איז אמת. שבת בין איך אַוועק מיט דער מוטער צו די כאַלעמסקיס. איך טרעף דאָרט אַ יונגן, זייער דערשלאָגענעם מאַן, אַ פּליט פון קראָשניעוויץ. שטילערהייט דערציילט ער זיינע שוידערלעכע איבערלעבונגען:

צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג איז ער אַרויסגעפירט געוואָרן אין די וועלדער פון כעלמנאָ. אונטערן אויסרייד פון שיקן אין אַרבעט־לאַגערן, זענען דאָרט אויפגעלאָדן געוואָרן גרופּנווייז מענער, פרויען און קינדער אויף גרויסע, הערמעטיש־געשלאָסענע אויטאָס. מיטן מאָמענט ווען די מאָטאָרן זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג, האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסבאַקומען גיפטיקע גאַזן. צום „באַשטימונג־פּלאַץ” קומען שוין אָן פאַרגאַזטע קערפּערס. צוזאַמען מיט עטלעכע אַנדערע מענער, האָט ער באַקומען די פונקציע פון אויסלאָדן די אומגליקלעכע קרבנות. על־פּי נס האָט ער מצליח געווען צו אַנטלויפן פון עקזעקוציע־פּלאַץ.



די אויסזידלונג פון די זשיכלינער יידן — אין זייער לעצטן וועג

דערשיטערטע גייען מיר צוריק אַהיים. איך קאָן ביינאַכט קיין אויג ניט צומאַכן. קראַשניעוויץ געפינט זיך עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון זשיכלין. נישטאָ קיין שום ספק, אַז אונדז דערוואַרט דער זעלבער גורל.

מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ צעגייט זיך די מאַקאַברישע ידיעה אין געטאָ. דאָס באַשטעטיקן אויך אַנדערע פליטים. עס הערשט אַן אַלגעמיינע פּאַניק און פאַרצווייפלונג. וואָס זאָל מען טאָן? דאָ און דאָרט רעדט מען וועגן אַנטלויפן קיין וואַרשע. די מענטשן מיינען, אַז אין אַזאַ גרויסער יידישער קאָנצענטראַציע, איז די אַקציע פון פאַרגאַזן טעכניש ניט אויספירבאַר. כדי אָבער צו דערגיין קיין וואַרשע, דאַרף מען האָבן פיל געלט. חוץ דעם, איז דאָס אַריבערגיין די גרענעץ פאַרבונדן מיט דער סכנה געכאַפּט צו ווערן דורך די דייטשן. ניט געקוקט אויף דעם אַלעמען, גרייטן זיך געוויסע איינוווינער, פון די פאַרמעגלעכע שיכטן, דיסקרעט צו אַנטלויפן. פאַר אונדז עקזיסטירט ניט אַזאַ מעגלעכקייט. קודם כל צוליבן מאַנגל אין מיטלען. אונדזער גאַנצער קאַפּיטאַל באַטרעפט ניט מער ווי הונדערט מאַרק. מיר פאַרקויפן אַלץ וואָס עס לאָזט זיך. אַ פאָלקס־דייטשקע קומאָווא, וואָס איר הויז געפינט זיך הארט ביים געטאָ, קויפט ביי אונדז פאַר גראָשנס אַ

דיוואַן, פאַרהאַנגען און אַנדערע זאַכן. דאָס איז ניט קיין סך, אָבער יעדער סומע האָט פאַר אונדז אַ גרויסע באַדייטונג.

דאָס איינציקע אָרט וווּ מיר וואָלטן געקאָנט וווּנטשן אַנטלויפן, איז סטשעגאַווע. דאָרט וווינט מיט זיין משפחה מיין מוטערס ברודער. מיר שיקן אַרויס צו אים אַ פּאָסט־קאַרטל, אין וועלכן מיר שרייבן וועגן אויסברוך פון אַ גרויסער „שריפה". מיר פרעגן צי עס וואָלט זיך ניט געפינען ביים אים אַ ווינקל פאַר אונדז. מורא האָבנדיק פאַר דער צענזור, גיבן מיר אָן אויסגעטראַכטן פאַמיליע־נאָמען נאַדאַרסקי. פונעם ענטפער וואָס איז שנעל אָנגעקומען זעען מיר, אַז זיי האָבן אַבסאָלוט קיין אָנונג וואָס ביי אונדז טוט זיך. זיי טיילן מיט וועגן אַרויסשיקן אַ שפּייז־פּעקל.

אינצווישן גייט דאָס לעבן אין געטאָ „נאָרמאַל". אָבער דאָס איז בלויז אויבן־אויפיק. פאַקטיש באַמיט זיך יעדער איינער, ווי ווייט מעגלעך, אין דיסקרעציע פאַר אַנ־דערע, זיך צו ראַטעווען. נאָר אַז דאָס וועט געשען — צווייפלט ניט קיינער. די פראַגע איז נאָר: ווען ? דאָס געטאָ איז וואַכזאַם. אונטער דער אויסערלעכער שטילקייט הערשט גרויס שפּאַנונג.

אויף קיין איין רגע הער איך ניט אויף צו טראַכטן וועגן דעם וואָס אונדז דער־וואַרט. איך אַרבעט, שמועס און לאַך אַפילו, אָבער אין מוח עקבערט אָן אויפהער די צודרינגלעכע פראַגע: ווי אַזוי זיך ראַטעווען ? וווּנטשוועל וואָלט איך געקאָנט אַנטלויפן אויף דער „אַרישער" זייט. איך האָב אַן אַזוי־גערופענעם „גוטן אויסזען" ; איך קאָן זיך פריי באַוועגן אין דער סביבה פון „אַריער". אָבער וואָס טאָן מיט דער מוטער ? אויב מיר מוזן שטאַרבן, איז נאָר צוזאַמען. צעשיידן זיך — קומט ניט אין באַטראַכט. די לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע. נאָר גראָד דעמאָלט ווען איך זע ניט קיין שום מעגלעכ־קייט, קומט אַ טעלעגראַמע פון אַנדזשייען, געשיקט אויפן אַדרעס פון דאָקטער ווינאַג־ראָן : „טייערע, אויב מיין טעלעגראַמע וועט דערגיין צו דיר, בעט איך אַ באַלדיקע תשובה". איך בין צעטומלט. אַ לעבנס־צייכן פון אַנדזשייען, נאָך אַזוי פיל יאָרן, און דאָס אין קריטישסטן פאַר אונדז מאָמענט — איז ווי אַ פינגער פון דער השגחה. מיר קאָנען ניט קומען צו זיך פאַר פרייד. איך גלויב, אַז ער וועט אַלץ טאָן, כדי אונדז צו ראַטעווען. און איך האָב ניט געהאַט קיין טעות.

נאָכן דערהאַלטן מיין ענטפער, איז ער תיכף געקומען צו פאָרן. צוליב דעם וואָס ס'איז ניט געווען קיין דירעקטע פאַרבינדונג צווישן וולאָצלאַוועק און זשיכלין, גיי איך קיין קוטנע צופוס, ניט קוקנדיק אויפן פראָסט און שניי־זאַווערוכעס.

אינצווישן פאַרערגערט זיך די לאַגע אין געטאָ. יעדן טאָג יאָוועט זיך די דייטשע

פּאָליציי. זיי פירן דורך פּלוצימדיקע רעוויזיעס, שלאָגן, שיקאַנירן, שיסן צוליב דער קלענסטער סיבה, אַ געוויסע פּרוי איז דערהרגעט געוואָרן אויפן אָרט בלויז צוליב דעם, וואָס זי איז צו נאָענט צוגעגאַנגען צו די דראָטן, וועלכע האָבן אָפּגעצוימט דאָס געטאָ. צוליבן שוידערלעכן טעראָר, האָבן די מענטשן מורא אַרויסצוגיין פון די וווינונגען. דאָס לעבן שטאַרבט אָפּ. מיר פילן זיך ווי אין אַ פּאַסטקע.

דער קולימינאַציע־פּונקט איז דער אַרעסט פון אַלטער און אַבערמאַן. אַ שרעק כאַפּט אַרום קודם כל די וואָס האָבן געהאַט וועלכן ס'איז קאָנטאַקט מיט די דייטשן.

אייניקע יידישע פּאָליציאַנטן אַנטלויפן. איינעם פון זיי, העניעק טאַראַנטשיק, האָט מען געכאַפּט אויף דער גרענעץ צוזאַמען מיט זיין קליינעם זון. זיי ווערן צוריק געבראַכט אין שטאָט און עפנטלעך דערשאָסן נעבן דער געוועזענער יידישער גמינע, פאַר די אויגן פון די פּוילישע פאַרבייגייערס. אַ באַקאַנטע מיינע, וועלכע איז צופעליק דאָרט פאַרבייגעגאַנגען, עטלעכע מינוט פאַר דער עקזעקוציע, האָט באַקומען אַ שאָק, זעענדיק דעם אומגליקלעכן פאָטער וואָס האָט געטוליעט צו זיך זיין קינד.

אַ געוויסן טאָג קומט צו אונדז כודע. אַן איבערגעשראָקענער און דענערווירטער בעט ער ביי אונדז אַ דערלויבעניש אויסצובאַהאַלטן אין קעלער 5 קילאָ ציבעלעס, מיט וועלכע ער האַנדלט. ער דערוואַרט אַ רעוויזיע אין זיין הויז, ניט ווייסנדיק אין זיין נאַיוועקייט, אַז ניט וועגן די ציבעלעס גייט דער דייטשער פּאָליציי. זיי ווילן פּשוט פאַר־ווישן די שפּורן פון זייערע קאָנטאַקטן מיט יידן. דעריבער מוז כודע, וואָס האָט זיי אויפגענומען ביי זיך, שטאַרבן. עס מוז אויך שטאַרבן זיין יונגע, שיינע טאָכטער. צוליב דער זעלבער סיבה ווערן אויפגעהאַנגען אין תפיסה אַבערמאַן און אַלטער. ניט ווייסנ־דיק וועגן טראַגישן טויט פון איר מאַן, יאָוועט זיך פאַרטאָג פרוי אַבערמאַן ביי ראָט־אַפּלען, בעטנדיק הילף דורך דער פאַרמיטלונג פון זיין שעף. ראָטאַפּעל קען ניט אינטער־ווענירן. ער גופא איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט. מען האָט אויך פון אים צו־גענומען די דערלויבעניש צו באַוועגן זיך פריי אין שטאָט.

עס הערשט אַן אַלגעמיינע פּאַניק. דער באָדן ברענט אונטער די פיס. די מענטשן גייען אַרום צעטומלטע, מיט אַן אויסדרוק פון געוואַלדיקער מורא אין די אויגן. אַלץ וואָס קומט פאָר, זאָגט עדות וועגן דער נאָענטער ליקווידאַציע.

דאָס איבעררייסן דעם קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער וועלט איז פאַר אונדז אַ וואָרענונג־סיגנאַל. מיר מוזן אַנטלויפן. איצט — אָדער קיינמאָל ניט. ס'איז שבת. אויף

דער קיך קאָכט זיך מיטאָג. ווינטער זענען די טעג קורצע און באַלד וועט צופאַלן דער אָוונט. מיר טאָרן ניט פאַרלירן אַפילו קיין איין רגע, ווייל מאָרגן קאָן שוין זיין צו שפּעט. יעדע מינוט איז צו דערוואַרטן, אַז די דייטשן וועלן אַרומרינגלען דאָס געטאָ. מיר טוען זיך אַלע אָן. עטלעכע קליידער, איינע אויף די אַנדערע, און פון אויבן מאַנטלען, אָן די לאַטעס. מיר געזעגענען זיך מיט די ראָטאַפּעלס און גייען אַרויס.

פון שכנותדיקן באַראַק דערטראָגן זיך צו אונדז די געשרייען פון דער פּאָליציי. אַ רעוויזיע. אויפן פּאַראַפּעט פון פענצטער מיאַוקעט ביטער אונדזער קעצל. אין יענער רגע בין איך איר מקנא. דאָס קעצל פאַרבלייבט אין שטוב, בעת מיר אַנטלויפן פאַרן טויט ווי געיאָגטע חיות. פון געטאָ באַקומען מיר זיך אַרויס דורך אַ הויף פון אַ דייטשן הויז, אין וועלכן מיר האָבן אַמאָל געוווינט, אויף בושקאָווסקאָ גאַס. מיר גייען אויף רעכטס, אין דער ריכטונג פון גאָמבינער שאָסיי. עס הערשט אַ שטאַרקער פראָסט, אַ זאַוויערוכע. די פאַרבייגייערס איילן צו זייערע שריט. קיינער לייגט ניט אויף אונדז קיין אַכט. עס פאָרט פאַרביי עפּעס אַ פורל. איך שטעל אָפּ דעם פורמאַן. ווו פאָרט ער? קיין גאָמבין. פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל איז ער מסכים אונדז מיטצונעמען. דער שניי דערגרייכט ביז די קני. דאָס פערד שלעפּט קוים דעם וואָגן. אָן ספּעציעלע שוועריקייטן דערפאָרן מיר צו דער שטאָט.

אין גאָמבינער געטאָ הערשט רו. איך פאַרהאַלט זיך אין הויז פונעם מיטגליד פון דער גמינע־פאַרוואַלטונג, האָלצמאַן, בעת די מוטער איז אויפגענומען געוואָרן דורך אַ צווייטער משפחה. די ידיעות וואָס מיר ברענגען מיט זיך, רופן אַרויס דערשיטערונג ביי די איינוווינער פון גאָמבין. מיר זענען די ערשטע פּליטים. שפּעטער קומען אַנדערע. דאָס ווייזן זיך פון זשיכלינער איינוווינער אויף די גאַסן, איז זייער געפערלעך. אַ יונגע פרוי פון זשיכלין, וועלכע איז געכאַפּט געוואָרן דורך דער אָרטיקער פּאָליציי, ווערט דערשאָסן. אויפן דריטן טאָג נאָך אונדזער אַנטלויפן, קומט אָן אַ גרופּע יונגע בחורים. זיי ברענגען מיט זיך די ידיעה, אַז דאָס געטאָ אין זשיכלין איז ליקווידירט. זיי האָבן אויסגעמיטן די דעפּאָרטאַציע גאַנץ צופעליק. אין געטאָ איז געקומען דער פּוילישער פּאָליציאַנט פּיק. פאַר דער העפלעכער באַציונג גייט ער איבער די הייזער און זאָגנדיק טרייסט־ווערטער, באַקומט ער ווערטפולע מתנות. די דאָזיקע זאַכן האָבן אַריבערגעטראָגן אין זיין וווינונג עטלעכע יידישע בחורים. ווען זיי האָבן זיך צוריק געקערט אין געטאָ, האָבן זיי דערזען, אַז זי איז שוין אַרומגערינגלט דורך געסטאַפּאָ. פּיק, מורא האָבנדיק פאַר זיין אייגענער הויט, הייסט זיי אַנטלויפן.

די אָרטיקע פּאָליציי ווילדעוועט. זי מאָביליזירט אַלע יידישע פּאָליציאַנטן און אויס־

שטעלנדיק זיי אין אַ ריי, ווערן זיי דערהרגעט איינער נאָכן אַנדערן. כיליק זיגער קומט אום מיטן אויסגעשריי: „זאָל לעבן דאָס יידישע פאָלק!״

אונטערן אויסרייד פון טרעפן זיך מיטן מאַן, ווערט אַרויסגעפירט פון הויז פרוי אַבערמאַן. אָפּגייענדיק עטלעכע טריט, פאַלט זי אויף דער ערד, אַ געטראָפענע פון עטלעכע שאָסן אין רוקן. דער זעלבער גורל טרעפט די אַלטע עלטערן פון אַבער־מאַנען. פון דער גאַנצער משפחה איז פאַרבליבן אַ קליין ייִנגעלע. ווען די שכנטע וויל זיך מיט אים פאַרנעמען, דערשיסן זי די דייטשן אויפן אָרט. דאָס קינד שטייט אויפן פראָסט און וויינט. די מענטשן האָבן מורא צו דערנענטערן זיך צו אים.

עס ווערט אויך דערשאָסן דער ברודער פון אַלטערן. דער טעראָר פאַרשטאַרקט זיך מיט יעדער שעה. די פּאָליציי פירט אַרויס אַ גרופּע מענטשן אויפן יידישן בית־עלמין, וווּ זיי ווערן מאַסנווייז אויסגעמאָרדעט. בלוט גיסט זיך שטראָמענווייז, אַרויסרינענדיק אין די רינשטאָקן פון דער גאַס, מחוץ דעם געטאָ. עס קומט אום די פרוי פון דאָקטער ווינאָגראַן. אויף אירע פינגער האָט מען באַמערקט אַ גרויסן ברילִיאַנט, וועלכן זי האָט ניט אָפּגעגעבן די דייטשן, טראָץ דער פאַראָרדענונג אַז די יידן דאַרפן איבערגעבן דער מאַכט די גאַנצע צירונג.

די פאַרצווייפלטע מענטשן ווערן באַהערשט פון משוגעת. אַ יונגע פרוי, אין נײַנטן חודש שוואַנגערשאַפט, ראַיסאַ געלמאַן, וואַרפט זיך פאַר די אויגן פון די געסטאַפּאָ־לײַט אין טײַך, פּרוּווּנדיק צו אַנטלויפן. עס דערגרייכן זי די דייטשע קוילן. כאַלעמסקיס מוטער, אַ זקנה, באַהאַלט זיך אין איר פחד פאַר די דייטשן אין אַ שאַנק און שטאַרבט דאָרט פון דערשטיקונג.

פאַרטאָג קומען צופאָרן די וועגענער וואָס זענען רעקווירירט געוואָרן ביי די פויע־רים פון די אַרומיקע דערפער. די מענטשן ווערן אויפגעלאָדן אויף די וועגענער שטייענ־דיקערהייט. כדי ניט אַרויסצופאַלן פון די וועגענער, האַלטן זיי זיך געקאָרטשעט ביי די הענט. אין געוויין פון די קינדער און אין יאָמער פון די פרויען רוקט זיך פאַרויס די ריי פון די וועגענער צו דער באַן־סטאַציע, ווו די אומגליקלעכע ווערן פאַרשפאַרט אין וואַגאָנען פאַר בהמות און ווערן אָפּגעפירט צו זייער לעצטן וועג.

דאָס קליינע יידישע שטעטל זשיכלין איז „יודענפריי״. דאָס געטאָ הערט אויף צו עקזיסטירן. דאָס איז געשען אין פורים. אין דעם יום־טוב פון פרילינג, דעם יום־טוב פון פרייד, דער יום־טוב פון די קינדער — ווערן די זשיכלינער יידן אַרויסגע־שיקט צום טויט...

# די לעצטע טעג פון זשיכלין

## משה קעלמער

### א

אַ יאָר פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זשיכלין געציילט אַ 8,000 איינוווינער, פון זיי — אַ 3,500 יידן וואָס האָבן געוווינט אויף די גאַסן בודזינער (שפעטער — נאַרוטאָוויטשאַ), פּאַשעקאַ, ביסקאָווער און אַרום דעם מאַרק. דער עיקר באַשעפטיקונגען פון די יידן זענען געווען: שניידערס, שוסטערס, קצבים און אַנדערע מלאכות, ווי אויך קליינהאַנדל. אַ סך האָבן געפירט מסחר אין די אַרומיקע דערפער ווו זיי האָבן געקויפט בהמות און זיי פאַרקויפט די קצבים אין שטעטל. געווען אויך עופות־ און אייער־הענדלערס און אָפּטמאַל איז געפירט געוואָרן אַן אויסטויש־האַנדל: אַ ייד האָט אָוועקגעפירט אין דאָרף טעקסטיל־סחורות און זיי אויסגעביטן אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. געווען אויך אין שטעטל קליינע „כל־בו״־געשעפטן, סטאָלערס, זייגערמאַכערס, גלעזערס, אַ דאָקטער און עטלעכע שפּייז־קראָמען, קרעטשמעס, רעסטאָראַנען, געשעפטן מיט שאַרפע געטראַנקען, אַ באַנק און די קהילה־אַמטן.

זשיכלין האָט אויך פאַרמאָגט אַ יידישע פאָלקס־שול פון 4—5 קלאַסן און אירע שילערס האָבן נישט געקענט ממשיך זיין דאָס לערנען נאָכן ענדיקן זי, ווייל זיי האָבן באַדאַרפט אָנקומען אין דער פּוילישער שול, ווו מ'האָט געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן אַלס יידן. אויסער דעם האָט מען אין דער פּוילישער שול אָנגענומען נישט מער ווי פון 5 ביז 10 יידישע שילערס.

פון געזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז אונדזער יידישע יוגנט געווען אַ גוטע יוגנט. אין זשיכלין האָבן עקזיסטירט פאַראיינען, פּאַרטייען און פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פון יוגנט און עלטערע: רעכטע און לינקע פּועלי־ציון, השומר הצעיר, החלוץ, אַלגעמיינע ציוניסטן און נאָך און נאָך. אויך ספּאָרט־פאַראיינען זענען געווען: הפּועל, שטערן און מכבי. שוין אָפּגערעדט פון אַ „תרבות״־ביבליאָטעק און קרייזן צו לערנען העברעיש.

אין די אָוונטן פלעגט די יוגנט שפּאַצירן פון אָנהייב פּאַשעקער גאַס ביז סוף נאַרוטאָוויטשאַ און שמועסן וועגן די וויכטיקסטע געשעענישן. די דיסקוסיעס פלעגן זיך ציען ביז האַלבער נאַכט און קיינער האָט נישט געשטערט די יוגנטלעכע צו טאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט. טייל מאָל פלעגן אויסברעכן געשלעגן צווישן די יידישע און פּוילישע יוגנטלעכע, אָבער אונדזערע האָבן נישט מורא געהאַט.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז אין דער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן. נאָר אין די יאָרן 1935—1936 איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג. די רויִקייט און פאַרהעלטנישמעסיקע פרייהייט האָבן אָפּגעטרעטן דאָס אָרט דעם ציטער און זאָרג, דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז באַדייטנדיק צעשטערט געוואָרן.

די נאַכט־שפּאַצירן אויף די זשיכלינער גאַסן זענען געוואָרן געפערלעכער. די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך פאַרערגערט. די פּאָליאַקן, פאַרסמט פון דער היימישער און היטלעריסטישער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע, האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון קויפן ביי ייִדן.

ב

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, האָט זיך ליקווידירט דאָס פאַרטייאיש־געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג און יעדער איז געווען אויסגעשטעלט אויף דעם אייגענעם גורל. איך בין מאָביליזירט געוואָרן אין דער פּוילישער אַרמיי, אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט און נאָך אַ קורצע צייט פלוצלונג באַפרייט געוואָרן און זיך אומגעקערט אַהיים, קיין זשיכלין. אונדזער שיין שטעטל האָט זיך געפינען אין טויט־שרעק און אין געפאַר. פון 5 פאַרנאַכט איז ייִדן געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין אין גאַס — און וועמען מ'האָט געטראָפן נאָך דער שעה, איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. באַזוכן אין די היימען האָבן אויפגעהערט און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז לגמרי געוואָרן פאַראַליזירט. יעדער איינער האָט געלעבט אין שרעק. ווי נאָר ס'האָבן זיך דערהערט די שווערע טריט, האָבן ייִדן געציטערט אַז דאָס איז פּאָליציי, צי דייטשע זעלנערס. ווי נאָר עמעץ פון זיי האָט זיך באַוויזן אין אַ ייִדישער שטוב, האָט עס תמיד זיך פאַרענדיקט מיט אכזריותדיקע קלעפּ, רויב און טיילמאָל אויך — מיט טויט־פאַלן.

באַטאָג פלעגט מען כאַפּן ייִדן צו שווערע אַרבעט, אונטער דער אויפזיכט פון דייטשן, פּאָליאַקן און אַנדערע. פאַר דער מינדעסטער „עבירה", אָפטמאָל אויך אָן וועלכער סיבה, האָט מען געשלאָגן מכות רצח. מיט דער צייט איז געעפנט געוואָרן אַן אַרבעט־אַמט אין רעסטאָראַן פון יעקב קעלמער, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפירט יהושע זיגער. די דייטשן האָבן געפאָדערט פון דעם אַמט אַ טעגלעכן קאָנטינגענט שקלאַפן־אַרבעטער. נישט איינמאָל האָט זיגער געמוזט אַליין כאַפּן אַרבעטער צו פאַרפולן די נאָרמע, ווייל קראַנקע, אַלטע לייט, אינוואַלידן האָט מען נישט געקענט שיקן צו די קאַטאָרגע־אַרבעטן — און אויף דעם באָדן איז געווען אַ סך פאַרביטערונג און קאָנפליקטן. דעמאָלט איז אויך געווען מעגלעך צו פאַרבייטן זיך מיט אַן אַנדערן, פאַר אַן אָפּצאָל וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, נאָך מערער פאַרטיפט דעם ריס צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אַ געוויסן זומערדיקן טאָג האָט מען באַפוילן אַלע יידן אין זשיכלין צו פאַרלאָזן זייערע וווינונגען און געשעפטן און אַריינגיין אין געשאַפענעם געטאָ וואָס האָט געגרענעצט פון איין זייט מיט דער ביסקאָווער גאַס און פון דער צווייטער זייט — מיט דער נאַרוטאָוויטשאַ גאַס. אין געטאָ האָט מען אין איין דירה אַריינגעשפּאַרט עטלעכע פאַמיליעס. די פענצטער האָט מען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער. דאָס לעבן דאָרט איז פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער. אין געטאָ האָט זיך געפונען נאָר איין דאָקטער. די קראַנקייטן האָבן זיך געמערט, קיין רעצעפּטן האָט מען נישט באַקומען, ווייל ס׳איז געווען פאַרבאָטן צו גיין אין אַפּטייק, וועלכע האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ. וואָס שייך שפּייז-פאַרזאָרגונג, איז מען געווען אָפּהענגיק פונעם יודענראַט, מיט וועלכן עס האָבן אָנגעפירט אלתר ראָזענבערג און יוסף אָבערמאַן. זיי, אויפן באַפעל פון די דייטשן, האָבן באַדאַרפט באַזאָרגן מיט עסן די יידן אין געטאָ. פאַרשטייט זיך, אַז די צוגעטיילטע שפּייז האָט נישט געסטייעט פאַר אַלעמען, בפרט, אַז אויך אויף דעם געביט זענען באַגאַנגען געוואָרן עוולות.



ישראל זשאַלנע, יואל ליפשיץ און גאַמבינסקי (געטאָ-פּאָליציאַנטן) מיטן בילד פון דוד גערשט

ג

די דייטשן האָבן באַפוילן צו אָרגאַניזירן אַ ייִדישע פּאָליציי וואָס זאָל אָפּהיטן די אָרדענונג אין געטאָ. די היטלעריסטן האָבן פאַרלאַנגט יעדן טאָג אַ 100—200 ייִדישע אַרבעטער זיי זאָלן זיין באַשעפטיקט אויסערן געטאָ. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע און תמיד באַגלייט מיט קלעפּ. מיט דער צייט האָט זיך געענדערט די לאַגע, ווייל די דייטשן האָבן געפאָדערט מענטשן צו שיקן אין די לאַגערן. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין משפחה, נישט ווויסנדיק פריער ווו אַהין און צו וואָס מען שיקט אים. יעטוועדער טראַנספּאָרט אין לאַגער האָט אַרויסגערופן פּאַניק און טראַגישע געשעענישן. בדרך כלל האָט מען די טראַנספּאָרטן געשיקט אין די נעכט און די קרבנות זענען אין אָנהייב געווען יוגנטלעכע.

דערנאָך האָט זיך געשאַפן אַ נייע סיטואַציע, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אָפּן צו מאָרדן ייִדן, באַזונדערס די וואָס האָבן געהאַט מיט זיי פאַרבינדונגען, ווי די ליפעראַנטן און פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער שפּייז־פאַרטיילונג. די ערשטע קרבנות זענען געווען אַלתר ראָזענבערג מיט זיין משפחה, יוסף אָבערמאַן און זיין פרוי, ייִדל געלמאַן און אַנדערע. אין דער לעצטער תקופה האָבן די דייטשן באַשטימט דעם יוגנטלעכן יעקב בן ראובן גאָמבינסקי אַלס קאָמענדאַנט פון געטאָ. ער איז געצווינגען געוואָרן צונויפּ־זאַמלען 5 מאַרק „קאָפּ־שטייער" פאַר דעקן די „הוצאות" פאַר דערהרגענען אַ ייִד. מ'האָט אויך אַרויפגעלייגט קאָנטריבוציעס אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג. פוטערוואַרג און צירונג איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן דורך דער ייִדישער פּאָליציי און איבערגעגעבן געוואָרן די דייטשן. די וואָס האָבן אָפּגעזאָגט צו באַשטייערן זיך, האָט געדראָט טויט־שטראָף.

יעקב גאָמבינסקי האָט נישט לאַנג פאַרנומען זיין אַמט, ווייל ס'איז געקומען אַ באַפעל אַוועק צו שיקן אַלע ייִדן פון געטאָ. מיר האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען וואָס אַזאַ גזירה באַטייט. פון אַ שכנותדיקן שטעטל זענען אין זשיכלינער געטאָ געקומען צוויי ייִדן און דערציילט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט. געווען ביי אונדז אַזעלכע וואָס האָבן געגלייבט זייער דערציילונג און געווען אַזעלכע וואָס האָבן נישט געגלייבט. קרובים און פריינד האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, ווי דער שטייגער אין אַן עת־צרה.

אין אַ קאַלטער נאַכט פון פּורים, 1942, זענען אין געטאָ פאַרפאָרן וועגענער געשפּאַנטע אין פערד און די רוצחים האָבן באַפוילן אַלע ייִדן זיך אויפזעצן און מ'האָט זיי אַוועקגעפירט קיין קרושניעוויץ. איך מיט מיין משפחה, ווי אויך די פאַמיליעס מאָרגנטאַלער, באָראָווער און בבא (?) האָבן זיך געפינען אויף איין וואָגן. כ'האָב גאַנץ גוט געוווסט וואָהין מען פירט אונדז און וועלכער סוף אונדז דערוואַרט און כ'האָב

באַשלאָסן צו אַנטלויפן. אויסנוצנדיק אַ מאָמענט וואָס דער זשאַנדאַרם האָט נישט אַכטונג געגעבן, בין איך אַראָפּ געשפּרונגען פונעם וואָגן. אַזוי האָבן געטאָן סאַלעק זלאַטעק און מיכאל אורבאַך. אַלע דריי האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אין וואַלד. מען האָט אונדז נאָכגעשאָסן, אָבער נישט געטראָפן. נאָכן וואַנדערן אַ גאַנצע נאַכט, זענען מיר אָנגעקומען קיין גאָמבין. פון דאָרט האָט מען אונדז שפּעטער פאַרנומען אין אַ לאַגער. פון אונדז דריי — בין נאָר איך געבליבן לעבן.

# פון געטאָ און לאַגערן — צו אַ פריי לעבן אין ישראל

## צפורה מרוז

קורץ פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז געשטאָרבן מיין באָבע אסתר ז״ל. זי האָט געהאַט די זכיה צו קומען צו קבר־ישראל און נישט זען די צרות וואָס די היטלער־רוצחים האָבן אָנגעטאָן די ייִדן. מיין זיידע ר׳ יהושע איז אויף דער עלטער געבליבן אַליין, צוזאַמען מיט דער קראַנקער מומע איטעלע. מיר האָבן געוווינט אין קוטנע. נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די שטאָט, זענען מיר — מיינע עלטערן מיט פיר קינדער — געווען אין קאָנסטאַנציע, דאָס געטאָ פון קוטנע. מיר האָבן באַשלאָסן אַלץ צו טאָן, כדי צו זיין צוזאַמען מיטן אַלטן זיידן און מיט דער קראַנקער, איינזאַמער מומע. אונדז איז געלונגען איבערצוקויפן די דייטשן מיט געלט און צירונג און זיי האָבן אונדז דערמעגלעכט אַריבערצופאָרן קיין זשיכלין. מיר זענען דאָרט געווען אין געטאָ צוזאַמען מיטן זיידן און דער מומע.

דאָס געטאָ אין זשיכלין האָט זיך געפונען אויף דער בודזינער גאַס, ווו דער זיידע האָט געוווינט. די דירה איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. מיר זענען דאָרט געווען אַכט נפשות. שפּעטער האָט זיך צו אונדז אַריינגעצויגן איטשע שמש מיט זיבן נפשות און אַזוי האָבן זיך דאָרט געשטיקט, אין צוויי צימערן, פופצן נפשות, אָן די עלעמענטאַרסטע היגיענישע און סאַניטאַרע באַדינגונגען.

אויף דער פאַראָרדענונג פון די דייטשן איז געשאַפן געוואָרן אַ „ייִדישער קאָמיטעט״ און אַ ייִדישע פּאָליציי. זיי זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די דייטשן פאַרן מצב אין געטאָ.

אויף די פעלדער וואָס האָבן זיך געגרענעצט מיט דער בודזינער גאַס, האָט זיך געפירט אונדזער לעבן און דער מסחר מיט די פּאָליאַקן. די וואָס האָבן געהאַט געלט און צירונג, האָבן געקענט קויפן פּראָדוקטן. פאַר די אָרעמע לייט האָט געזאָרגט דער „יידישער קאָמיטעט" מיט אַ וואַרעמען מאָלצייט איין מאָל אין טאָג.



אין געטאָ. פון רעכטס: פּ. וואָלקאָוויטש, ל. פּיטעל, ל. גלאָוויצקי און חיים-לייב וואַסערטרעגער

אויף דער פאָדערונג פון די דייטשן, האָט דער „יידישער קאָמיטעט" צוגעשטעלט רשימות פון דער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס פון יונגעלייט, כדי זיי צו שיקן אין די לאַגערן אויף צוואַנג־אַרבעט. די יידישע פּאָליצײ פלעגט אַדורכפירן אַבלאַוועס און אַרויסשלעפּן מענטשן פון די בעטן. איך בין אַלט געווען 16 יאָר, ווען מען האָט מיך אַוועקגעריסן פון מיינע נאָענטסטע און טייערסטע און מיט נאָך צענדליקער מיידלעך אַוועקגעשיקט אין לאַגער אויף צוואַנג־אַרבעט.

שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז מיין זיידע איז געשטאָרבן אין געטאָ און

ער האָט אויך געהאַט די זכיה געבראַכט צו ווערן צו קבר־ישראל, ווייל אין יענע צייטן איז דאָס באמת געווען אַ גרויסע זכיה.

אין יאָר 1943 איז דערהאַלטן געוואָרן אין אָשוויענטשים, ווו איך האָב זיך געפונען, אַ בריוו פון אַ קריסטלעכער שכנה וועלכע האָט געשריבן, אַז מ'האָט אַלע זשיכלינער יידן אַרויסגעטריבן פון געטאָ און פאַרשיקט אין פאַרניכטונג־לאַגער כעלמנאָ, ווו זיי זענען אַלע אומגעקומען.

ווען די רוסן האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו פוילן, האָט מען אונדז אַרויס־געפירט פון אָשווענטשים מיטן טרויעריק־באַרימטן מאַרש קיין ראַווענסבריק. מיר זענען באַפרייט געוואָרן דעם 5טן מאַי 1945.

נאָך דער באַפרייונג האָב איך געוואַנדערט אויף פאַרשיידענע וועגן און דערגאַנגען ביז קוטנע, אין דער האָפענונג אָפּצוגעפינען וועמען פון מיין משפחה. אָבער קיינער איז נישט פאַרבליבן, אַלע זענען אומגעקומען דורך די היטלער־מערדער. אין קוטנע האָב איך געטראָפן מיינעם אַ שול־חבר — מיין באַשערטער, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דער איינציקער וועג פאַר אונדז איז — עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

אין פוילן האָבן מיר זיך געטראָפן מיט נאָך חברים פון „השומר הצעיר". מ'האָט זיך אָרגאַניזירט און איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט די אָנפירנדיקע קרייזן פון דער באַוועגונג. מיט זייער הילף און מיט פאַלשע פּעסער זענען מיר אָנגעקומען קיין דייטש־לאַנד, ווו מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער קבוצה אויפן נאָמען פון טאָסיאַ אַלטמאַן. שפּעטער זענען מיר אַוועקגעפאָרן קיין איטאַליע און פון דאָרט עולה געווען, מיט דער עליה ב', קיין ארץ־ישראל.

מיר זענען אָנגעקומען אין פּאָרט פון חיפה דעם 1טן אַפּריל 1946, אָבער די ענגלישע מאַנדאַטאָרן־מאַכט האָט אונדז אויף אַן אַכזריותדיקן אופן אַוועק געשיקט קיין ציפּערן, ווו מיר זענען געווען איבער אַ יאָר צייט. דאָרט איז אויך געבוירן געוואָרן אונדזער ערשטער זון. אַזוי ווי די סוכנות האָט געמאַכט באַמיִונגען ביי דער ענגלישער מאַכט צו באַפרייען משפחות מיט קליינע קינדער און דערמעגלעכן זיי עולה צו זיין אין לאַנד, זענען מיר אַ דאַנק אונדזער קינד געקומען קיין ארץ־ישראל פאַר דער פּראָקלאַמירונג פון דער מדינה. צוערשט זענען מיר געווען אין עולים־לאַגער אין רעננה, דערנאָך — אין קיבוץ הזורע און שפּעטער אין יאָר 1947, זענען מיר די ערשטע אַרויף אויפן באָדן פון קיבוץ גזית. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער דערנער־וועג, וואָס איז געווען פול מיט פּיין און ליידן — און מיר האָבן אָנגעהויבן אַ ניי און פריי לעבן אין אונדזער היימלאַנד.

# דאָמבראָוויצער יידן אין זשיכלינער געטאָ

(דאָקומענט)

זשיכלין, דעם 10.7.1940

צו די געערטע הויכגעשעצטע פאָרשטייער פון „דזשאָינט" אין וואַרשע.
פון די דאָמבראָוויצער אויסגעוויזענע יידן, וואָס געפינען זיך אין זשיכלינער געטאָ.

זייער געערטע הערן!

דערמיט האָבן מיר די ערע צו קומען צו אייך מיט דער גרויסער בקשה וואָס איז מיט הייסע טרערן געשריבן און מיר האָפן, אַז איר וועט אונדזער פאַרלאַנג דערפילן.

מיר, דאָמבראָוויצער יידן, ווו פון לאַנגע יאָרן זענען ביי אונדז קיין גבירים נישט געווען, נאָר קוים האָט זיך איטלעכער מפרנס געווען און פאַרדינט זיין קאַרג שטיקל ברויט, איז די לעצטע צייטן, ווען די צוואַנגס־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן, איז איטלעכער אַריין אין גרויס פאַרצווייפלונג, פחד און מורא פאַר ח"ו אַ גרענעצלאָזן אונטערגאַנג. קיין פאַרמעגנס האָט קיינער נישט געהאַט, קיין פאַרדינסט איז אויך נישט געווען. די עקזיסטענץ פון איטלעכן איז געוואָרן אונטערגעגראָבן ביז צום לעצטן טראָפּן. יעדער מענטש האָט גערעדט און געוויינט — וואָס וועט זיין אונדזער ענדע?

גאָר נישט לאַנג האָט מען די ענדע געזען. דער לעצטער קלאַפּ וואָס מיר האָבן געליטן, האָט איבערגעשטיגן אַלע פאַריקע ליידן און פיין. מען האָט אונדז אַלעמען פון די הייזער אַרויסגעטריבן, בערום ובחוסר כל, נאַקעט און באָרוועס, קיין קוטנע אין דער געטאָ. אַזוי איז מען אָפּגעזעסן אין קוטנע דריי וואָכן, אונטער דעם פרייען הימל, ביי די שמערצן פון הונגער און רעגנס.

איצט האָט מען אונדז פון קוטנע אַרויסגעוויזן, קיין זשיכלין, אין געטאָ אַריין און מיר געפינען זיך אין זייער אַ פאַרצווייפלטער סיטואַציע. עס פעלן אונדז די מעגלעכקייטן צום פירן אַ לעבן. מיר זענען געבליבן אָן געלט, אָן פרנסה, אָן קליידונג.

מיר ווענדן זיך צום געערטן, האָכגעשעצטן „דזשאָינט" מיט אונדזערע וואַרעמע

ווערטער וואָס קומען פון טיפן, פאַרווייטיקטן האַרצן. זייער געערטע הערן, ראַטעוועט אונדז אַרויס פון דעם טיפן וואַסער וואָס מיר טרינקען זיך אין אים, דערלאַנגט אייער ליבלעכע האַנט. פיליייכט איז איצט אונדזער לעבן נאָך נישט פאַרלאָרן, פיליייכט איצט איז נאָך פאַראַן אַ רעטונג פאַרן לעבן פון אונדזערע פרויען און קליינינקע קינדער, וועמענס געוויינען און געשרייען קומען ביז אונטערן הימל, פיליייכט האָבן מיר נאָך עפּעס צו האָפן, נאָך דעם גרויסן ייאוש וואָס מיר האָבן געהאַט. אונדזער מצב איז זייער טראַ־גיש, עס איז שווער אייך אַלץ פאַרצושטעלן.

מיר זענען 140 נפשות, בלויז אָרעמע לייט. עס געפינט זיך נישט איין מענטש וואָס זאָל פאַרמאָגן זיינס אַ גילדן צו קויפן אַ שטיקל ברויט.

דערבאַרעמט זיך אויף אונדז און שיקט אונדז אייער באַלדיקע הילף דורך די זשיכ־לינער פאַרשטייער וואָס ווילן ביי אייך איצט אין וואַרשע. ווען איר וועט פאַרזאַמען, וועט פיליייכט ח״ו צו שפּעט זיין.

מיר האָבן געוואָלט אַליין אייך באַזוכן. נאָר צוליב די געלט־קאָסטן און אויך די שוועריקייטן פון אַ דערלויבעניש, האָבן מיר זיך באַגנוגנט מיט אַ בריוו, אָבער מיר ווילן האָפן דאָס דער בריוו וועט ברענגען דעם געגאַרטן ציל און וועט ווירקן אויף אייך צוגלייך, ווי מיר זעלבסט וואָלטן געקומען. איבערהויפּט וועט איר דאָך ריידן מיט זשיכ־לינער פאַרשטייער, וועלכע וועלן אייך אַלץ מינדלעך איבערגעבן, דעם גרויסן טראַגישן צושטאַנד אין וועלכן מיר געפינען זיך. די גאַנצע צייט וואָס מיר זענען אין הויז געזעסן, עס איז אונדז אויך זייער שלעכט געווען. דאָך האָבן מיר זיך צו אייך נישט געוואַנדן. איצט אָבער, ווען מיר זענען שוין געקומען צו ענגשאַפט ביז צו דער לעצטער סטאַדיע און קיין עצה קענען מיר זיך נישט געבן, קומען מיר מיט די ווערטער — נא, אל תשובני ריקם.

מיט טיפער אַכטונג ענדיקן מיר אונדזער שרייבן.

פאַרוואַלטונג: משה דראַכמאַן, הרב דק״ק דאָמבראָוויץ, י. ל., (ווייטער — נישט לעזבאַר), מאיר ווישעגראַצקי, מיכאל אייזיק.

דאָס איז אונדזער אַדרעס:

Idischer Elcter Rat in Żychlin,
für di Dombrowicer Juden.

(פאָטאָקאָפּיע פונעם אָריגינעלן בריוו — אויף די ז״ז 331, 332).

# אין אוישוויץ און אין בוכענוואַלד

## לייביש טאַדעליס

איך, דער זון פון בנימין און אסתר טאַדעליס, געבוירן און געלעבט אין זשיכלין, האָט אין דער צייט פון דער היטלער־אָקופּאַציע, אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, געלעבט אין זשיכלינער געטאָ. ווען די דייטשן האָבן געכאַפּט 110 יידן און זיי אַוועקגעשיקט אין לאַגער, בין איך געווען איינער פון זיי.

נאָכן אָפּזיין עטלעכע חדשים אין לאַגער, זענען געקומען די קינדער פון ירוחם לעווין מיט אַ ביטער געוויין און דערציילט, אַז זייער פאָטער איז געשטאָרבן. מען האָט דאָן געשמועסט אין לאַגער, אַז דערפאַר וואָס ירוחם איז געווען אַ כהן, איז עס אַ שלעכטער סימן, עס שמעקט מיט אַ מגפה. און אַזוי איז טאַקע געווען. נאָך אים זענען באַלד געשטאָרבן 10 יידן. דער עלפטער איז געווען אַ לוי — מרדכי ווײמאַכערס זון, לעווקאָוויטש.

אין לאַגער האָב איך געטראָפן פיל זשיכלינער. צווישן זיי — אהרן סאַניצקי. ער האָט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אויפגעהאָנגען ברוך רובינען, יצחק סוכאַטשעווסקין און בערל סאַרני. זייער „פאַרברעכן” איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן געבעטן אַ שטיקל ברויט!

אין 1942 בין איך פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ. דאָרט האָב איך געטראָפן פאָלע זלאָטקין, וועלכער האָט מיר פיל געהאָלפן. כ'האָב זיך אויך געטראָפן מיט מיין ברודער יעקב און געווען מיט אים צוזאַמען בלויז דריי טעג.

נאָך דריי יאָר אוישוויץ, האָט מען מיך טראַנספּאָרטירט קיין בוכענוואַלד. נאָכן זיין דאָרט צוויי וואָכן, האָט מען אונדז, אַן ערך 2,000 יידן, געטריבן צופוס קיין דאַכאַו. ווער עס האָט נישט געקאָנט גיין שנעל, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אויפן וועג האָב איך געטראָפן הענעך ביעלאַווסקי, יעקל דינערס אײדעם. פון דאַן האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר זענען געווען זייער אויסגעשעפּט, דריי חדשים כמעט אָן עסן און טרינקען. איין מאָל, שלעפּנדיק זיך ביינאַכט ווי די מתים, האָט מיר הענעך געזאָגט, אַז ער וועט אַנטלויפן. ווען ער איז געשפּרונגען אין די קוסטעס, בין אויך איך אַנטלאָפן.

דאָס איז געווען דעם 23סטן אַפּריל 1945. די אַמעריקאַנער האָבן באַפרייט די געגנט מיט עטלעכע טעג שפּעטער.

נאָך דער באַפרייונג האָב איך זיך געפונען אין דייטשלאַנד. דורך דער זשיכלינער סאָסייטי אין אַמעריקע, אין פאַרשטענדיקונג מיטן טשערמאַן פון רעליף און סעם ווער־מאַן, האָבן מיר באַקומען די אַדרעסן פון אונדזערע פאַמיליעס אין אַמעריקע. איך האָב אויך געפונען מיין ברודער יעקב אין פעלדאפינג. מיר זענען בידע געווען צוזאַמען ביזן עמיגרירן קיין אַמעריקע.

## די הייליקע גבורה

### יעקב ב.

אין איינעם פון די היטלעריסטישע טויט־לאַגערן האָט מען ביי אַ יידיש קינד, וואָס האָט געאַרבעט אין קיך, געפונען עטלעכע קאַרטאָפל. די דייטשע רוצחים האָבן באַ־שלאָסן אַדורכצופירן אַן עפנטלעכע עקזעקוציע איבערן אומגליקלעכן קינד, אויף אָנצו־לערנען און אָנצושרעקן די אינטערנירטע יידן.

פאַרנאַכט האָט מען פאַראָרדנט אַן אַפּעל. אַלע קאַצעטלער האָט מען באַפוילן זיך אויסשטעלן אויף איין זייט פונעם אַפּעל־פּלאַץ, אַנטקעגן די ס.ס.־מערדערס, מיט איניקע אָפיצירן. און אין דערמיט — דאָס קינד וואָס האָט געוואַגט צו נעמען עטלעכע קאַר־טאָפל, בכדי צו שטילן דעם ביטערן הונגער ביי זיך און ביי נאָך עטלעכע אומגליק־ליכע יידן.

איינער פון די אָפיצירן האָט מיט אַ טייוולאַנישן שמייכל אויף די ליפּן און מיט אַן אָנגעצילטן רעוואָלווער זיך דערנענטערט צום קינד און מיט איינמאָל אויסגעליידיקט דעם מאַגאַזין פון אַלע קוילן. דאָס קינד איז אַ פאַרבלוטיקטער אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד — און מער ניט אויפגעשטאַנען. דער מערדער האָט מיט סאַדיסטישער הנאה זיך אַרומגעקוקט, געווען צופרידן פון דעם מאָרד און גענומען אַריינלייגן דעם רע־וואָלווער אויף זיין אָרט.

אין יענעם לאַגער האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע יידן פון זשיכלין. איינער פון זיי, משה קעלמער, דער זון פון הערש־מרדכי, איז געשטאַנען אין דער ריי אַן אויס־געצויגענער, אַ שטייפער, ווי די רוצחים האָבן עס פאַרלאַנגט. ער האָט געזען דאָס דערשאָסענע קינד, דאָס פאַרגאָסענע בלוט און דערפילט אַ טיפן, אומגעצוימטן האָס צו די מערדערס. ר׳איז אַרויסגעשפּרונגען פון דער ריי, צוגעלאָפן צו אַ שטיק אייזן וואָס

איז געלעגן ניט ווייט. זיך אַ וואַרף געטאָן אויפן ס.ס.־אָפיציר און מיט אַ שטאַרקן זעץ אין קאָפּ אים אָװעקגעלייגט.

די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער אויפן העלדישן בחור, אים דערשאָסן אויפן אָרט — ס'איז אָבער געװען גענומען נקמה פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט פונעם קינד. אַ יידישער יונגערמאַן פון זשיכלין האָט מיט זיין קדושים־טויט געהייליקט די גבורה פון די וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די היטלעריסטישע רוצחים.

# מלחמה־זכרונות

## משה זיסלענדער

ערשטער סעפטעמבער 1939. עס ברעכט אויס די מלחמה. היטלער־דייטשלאַנד באַפאַלט פוילן.

מאָביליזירטע מענער — יידן און קריסטן — ווערן באַגלייט דורך זייערע עלטערן, פרויען און קינדער, מיט טרערן אין די אויגן, צו די זאַמל־פונקטן.

נאָכן באָמבאַרדירן די שטעט און שטעטלעך, האָט זיך אָנגעהויבן אַ כסדרדיקער שטראָם פון פליטים. פיל פון זיי האָבן אויך דורכגעוואַנדערט דורך זשיכלין.

מיין מוטער פריידל ז״ל האָט אויף איר אייגענער איניציאַטיוו איינגעאָרדנט אַ קיך אין אונדזער געוועלב און געקאָכט זופּ און טיי פאַר די וואַנדערנדיקע פליטים. זי האָט פאַר דעם גענומען אַ קליינעם אָפּצאָל, כדי צו דעקן די אויסגאָבן. צוויי משפחות פון טורעק האָט מיין מוטער איינגעאָרדנט צום שלאָפן ביי אונדז אין געוועלב, לא על מנת לקבל שכר.

דעם 12טן סעפטעמבער זענען די דייטשן אַריין אין זשיכלין. עס שאַפן זיך „אָגאָנ־קעס" צו באַקומען ברויט. די פּאָלאַקן שטופּן אַרויס די יידן פון די רייען.

עס הייבט זיך אָן דאָס כאַפּן יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן. זייענדיק אין לאָדזש, האָב איך געהערט אַז יידן לויפן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ, כדי זיך צו ראַטעווען פון די נאַציס. מיין מוטער ז״ל איז געווען איינשטימיק, אַז אויך איך זאָל אַנטלויפן. צוזאַמען מיט מיר זענען אַנטלאָפן ישראל לענטשיצקי און זיין קוזין משה לענטשיצקי.

נאָך שווערער מי און אָנשטרענג זענען מיר אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, פון וואַנען מיר זענען ווידער געלאָפן ביז אוראַל. כ׳האָב דאָרט שווער געאַרבעט און באַקומען אַ ביסל זופּ אין אַ פאַבריקס־קיך. צו קויפן אַ ברויט איז מען שעהען געשטאַנען אין די רייען. אויך דער קלימאַט איז געווען אַ שווערער. כדי צו שטילן דעם הונגער, האָב איך פאַרקויפט די לעצטע זאַכן מיינע. כ׳בין ניט געווען געוווינט צו די שטאַרקע פראָסט. איך ווער קראַנק אויף טיפוס. ס׳איז פּשוט געשען אַ נס, אַז איך בין געזונט געוואָרן אָן אַ ספּעציעלער באַהאַנדלונג. כ׳בין אָבער שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן פון דער קראַנקייט און באַקומען אַ לייכטערע אַרבעט ביי שלאָסעריי.

פון דאָרט בין איך אַנטלאָפן קיין לעמבערג, ווו איך האָב געטראָפן זשיכלינער. אַזוי ווי איך האָב נישט געהאַט קיין סאָוויעטישן פּאַס, בין איך אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגעשיקט געוואָרן אין יאַראָסלאַווער געגנט, צו וואַלד־אַרבעט, פאַר אַ הונגער־לוין. יעדן טאָג פלעגן דאָרט אייניקע שטאַרבן פון הונגער. די רוסישע וואַכלייט האָבן זיך געריצט מיט אונדז און געזאָגט, אַז מיר אַלע וועלן האָבן דעם זעלבן סוף.

אין 1945 בין איך צוריק געקומען קיין לאָדזש. איך האָב באַזוכט זשיכלין, אָבער דאָס שטעטל איז געווען אָן יידן. איך בין דורכגעגאַנגען אַלע גאַסן און קיינעם נישט געטראָפן.

אין זשיכלין, ווו מיין משפחה איז געווען איינגעוואָרצלט פון דורות, איז קיינער נישט פאַרבליבן, אַפילו די קברים אויפן בית עולם. נישטאָ דאָרט קיין לעבעדיקע און אויך נישט קיין טויטע יידן.

די פּאָליאַקן האָבן זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן. אייניקע פון זיי — רוצחים, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן אומברענגען אונדזער פאָלק.

מיין עלטער־זיידע, ישראל אייזענשטאַט, האָט געהאַט אַ ב־ויעריי אין פּאַשעקאַ. אין יאָר 1860, בעתן אויפשטאַנד פון די פּויערים קעגן די פּריצים, זענען די לעצטע אַנטלאָפן קיין פּאַריז און מיין זיידע האָט איבערגענומען דאָס פאַרוואַלטן מיט די גיטער און גלייכצייטיק האָט ער געשטיצט די אויפשטענדלערס מיט עסן און געווער. מיין באָבע, אַלס יונג מיידל, פלעגט פירן געווער און שפּייז אין די וועלדער פאַר די „פּאָוו־סטאַנצעס".

און היינט איז נישטאָ קיין זכר פון קיינעם, אַפילו קיין מצבה איז ניט געבליבן אויפן בית הקברות...

# דער טראַגישער סוף

## מיכאל שוואַרצבערג

קיין זשיכלין איז די מלחמה געקומען פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, אַ זייגער זעקס פּאַרטאָג, מיט אַ מוראדיקן וואָיען פון סירענעס, מיטן רעש פון עראָפּלאַנען אין אויפרייס פון באָמבעס, מיט רויך, פייער, בלוט און געשרייען. די שטאָט איז אַ גאַנצן טאָג באָמבאַרדירט געוואָרן און ס׳זענען געווען אָן אַ שיעור קרבנות. היות זשיכלין איז געווען אַ מיליטערישער אַדורכפאָר פון גרויסן פאַרנעם, איז זי געווען אויסגעשטעלט אויף באָמבאַרדירונגען. מען האָט תיכף אָנגעהויבן צו פילן אַ שאַרפן מאַנגל אין שפּייז.

אייזיק קעלמער, דער פּאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטאָט, האָט צוזאַמען מיט עטלעכע עסקנים געשאַפן אויף גיך אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר יידישע פּליטים, וואָס האָבן געשטראָמט קיין זשיכלין פון פאַרשיידענע ערטער. דער קאָמיטעט איז געווען טעטיק אין משך פון דער צייט, ווען עס זענען אָנגעגאַנגען גרויסע שלאַכטן צווישן פּוילישן און דייטשן מיליטער אין דער געגנט פון זשיכלין, קוטנע און לענטשיץ. דעמאָלט האָבן מיר אויך אָפּגערייניקט די ביבליאָטעקן און געזעלשאַפטלעכע אַרכיוון. אַ טייל מאַטעריאַלן האָבן מיר אויסבאַהאַלטן, אַ טייל פאַרברענט, כדי נישט צו שטעלן חברים אין אַ סכנה.

דעם 17טן סעפּטעמבער האָבן די דייטשן פאַרנומען זשיכלין און גלייך אַרויסגעטריבן די יידן פון זייערע וווינונגען אויפן מאַרק־פּלאַץ. דאָרט זענען מיר אָפּגעהאַלטן געוואָרן עטלעכע שעה, אַרומגערינגלט מיט זעלנער וואָס האָבן זיך „פאַרווײלט“ מיט שיסן איבער אונדזערע קעפּ. ווען מיר זענען שוין געווען גענוג אָנגעשראָקן, האָט מען אונדז צוריק געיאָגט אין די הייזער.

צוגלייך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס כאַפּן יידן אויף אַרבעט — אין גאַס און פון די שטובן. אייניקע פון די געכאַפּטע זענען פאַרשווונדן געוואָרן אויף עטלעכע טעג און קיינער האָט נישט געוווּסט ווו זיי זענען אַהינגעקומען. באַלד איז אויך אַרויס די גזירה, אַז די יידן אין זשיכלין טאָרן זיך נישט פאַרנעמען מיטן האַנדל פון אַרטיקלען פאַרן ערשטן געברויך. עס זענען טאַקע געשלאָסן געוואָרן די יידישע שפּייז־קראָמען, יאַטקעס

און בעקערייען. די בעקערס האָט מען אָוועקגענומען אין תפיסה, כדי צו באַקומען פאַר זיי אַ גרויסע סומע אויסקויף־געלט. די גזירה איז טאַקע באַלד געוואָרן אָפּגערופן און די דייטשן האָבן באַפרייט די בעקערס.

דערנאָך איז געקומען אַן אַנדערע גזירה: יידן טאָרן נישט אַרויסגיין פון זייערע הייזער נאָך 5 אַזייגער נאָכמיטאָג. די שטראָף פאַר עובר זיין אויפן באַפעל איז געווען — אַ קויל אָפּן אָרט. אָבער יידן זענען שוין במילא נישט אַרויס אין גאַס, ווייל דאָ האָט מען



אויף צוואַנגס־אַרבעט ביי די זאַמד־גריבער

געכאַפּט אויף אַרבעט, צי אָפּגעשניטן ביי אַ יידן די באָרד צוזאַמען מיט דער באַק, אָדער געהייסן אויסטאָן די שיך און אַהיימגיין באָרוועס אין שניי און בלאָטע. יידן זענען פאַרבליבן אָן פּרנסה, דעריבער האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן דער רעטונג־שטרוי וועלכן די דייטשן האָבן צוגעוואָרפן, נעמלעך: יידן זאָלן שאַפן אַן אַרבעט־אַמט, וואָס זאָל צושטעלן יידן צו דער אַרבעט פאַרן דייטשן געברויך.

אין חודש נאָוועמבער 1939 האָבן די דייטשן באַפוילן די יידן אַנצוטאָן געלע לאַטעס

אויף דער לינקער זייט פון זייערע בגדים, פון פאָרנט און פון הינטן. יידן האָבן נישט געטאָרט גיין אויף די טראָטואַרן, נאָר אינמיטן גאַס, „צוזאַמען מיט די פערד" (לויט די ווערטער פון געזעץ). פאַר יעדן דייטשן זעלנער האָבן די יידן געמוזט אַראָפּנעמען דאָס היטל און אויב נישט — זענען געווען קלעפּ און אַ שטראָף דערצו. די פּוילישע באַפעל־קערונג איז געווען גלייכגילטיק, אָדער האָט אַקטיוו מיטגעהאָלפן ביים אונטערדריקן די יידן. אַ טייל פון דער יידישער יוגנט איז אַוועק קיין מזרח, צו די געגנטן וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן דורך די רוסן. דאָרט, — אַזוי האָט געשיינט, איז געווען די דערלייזונג.

אין יוני 1940 זענען אין זשיכלין געשאַפן געוואָרן צוויי געטאָס. הונדערטער מאַמעס מיט קינדער האָבן זיך געשלעפּט איבער די גאַסן מיט זעקלעך, פּעקלעך, וועגעלעך און מיט חפצים. אָבער באַלד האָט אויך דאָס אויפגעהערט. יידן האָבן נישט געטאָרט אַרויס־נעמען קיין שום זאַך פון די דירות, וועלכע זיי האָבן געמוזט פאַרלאָזן. אין געטאָ זענען מיר פאַרשפּאַרט געוואָרן צו דריי און אַפילו פיר משפחות אין קליינע, איינצלנע צימערן. די נויט איז געקומען צוזאַמען מיט די משפחות און גורם געווען צו אַרומרייסעניש.

איך בין אַוועק קיין וואַרשע און זיך פאַרבונדן מיטן באַראָכאָוו־קיבוץ, וועלכער איז אין אָנהייב פון דער מלחמה אַריבערגעפירט געוואָרן פון לאָדזש. איך האָב זיך אויך באַטייליקט אין פירן חלוצים אומלעגאַל פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק. פון דאָרט האָבן פאַרשיידענע אומוועגן געפירט ביז ארץ־ישׂראל. ליידער, האָבן נאָר יחידים דערגרייכט זייער ציל. דער רוב איז אומגעקומען אין וועג און אייניקע האָבן זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ.

איך האָב געטרונקען דעם ביטערן כוס ביזן דנאָ. געזען אַ סך מאָל דעם טויט פאַר די אויגן און איבערגעלעבט „מער מיט מזל, ווי פאַרשטאַנד". ווען איך בין נאָך דער מלחמה צוריק געקומען קיין זשיכלין — איז שוין קיינער נישט געווען. אַלץ און אַלע זענען אַוועק מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריעס אין פאַרניכטונג־לאַגער כעלמנאָ. אַזוי האָט זיך טראַגיש פאַרענדיקט די דורות־לאַנגע תקופה פון דער יידישער קהילה אין זשיכלין.




אזכרה־אַקט ביים ברידער־קבר פון די קדושים פון זשיכלין.




שארית־הפליטה פון זשיכלינער ייִדן אויף אַן אזכרה־אַקט נאָך דער באַפרייונג

# יזכור



נר זכרון לקדושי ז׳יחלין שנפלו על קידוש השם
בידי הרוצחים הגרמנים ועוזריהם.



אַ יאָרצייט־ליכט די קדושים פון זשיכלין
אומגעקומענע אויף קידוש־השם
דורך די דייטשע מערדערס און זייערע העלפערס.

הרשימה הורכבה לפי השמות שהומצאו למערכת־הספר על־ידי בני עירנו, ויתכן שנפלו בה השמטות. לפיכך השארנו בעמודים הבאים מקומות ריקים, כדי להוסיף בהם את השמות החסרים.



די ווייטערדיקע רשימה פון אונדזערע קדושים איז צוגעגרייט געוואָרן דורך אונדזערע לאַנדסלייט פון זכרון — דעריבער איז מעגלעך, אַז אייניקע נעמען זענען ניט דערמאָנט. דערפאַר האָבן מיר נאָך יעדן אות פון דער רשימה איבערגעלאָזט ליידיקע ערטער אויף צוצושרייבן די פעלנדיקע נעמען.

# רשימת הקדושים

ואלה שמות קדושי ז׳יחלין, שנספו בשנות השואה (1945—1939)

א.

אַרבאַר פייוול
אולשטיין יואל, זיין פרוי נעבע
און טאָכטער
אלסנער און משפחה
הרב אלטער אברהם-מרדכי
און משפחה
אופּאַלאַן פייוול, זיין פרוי גיטל
אופּאַלאַן משה-אהרן
אופּאַלאַן שרה-רבקה
אופּאַלאַן רחל
אַדלער יצחק-לייביש
אַדלער יחיאל
איצקאָוויטש ברײנע

........................................
........................................
........................................
........................................

ב.

ביטש יחיאל און משפחה
בוטלער און משפחה
באָרנשטיין לאה-רייזל
באָרנשטיין חיה-צפורה
באָנדער משה און פרוי שרה
בידערמאַן משה און פרוי פעסע
בידערמאַן שמואל און דבורה
בידערמאַן יהושע
בערמאַז-כץ יהודה-אריה און פרוי
פריידע-ברכה
בערמאַן-באָרנשטיין לאה-רייזל,
חוה און צפורה
באָל נעמי
באָל רבקה
באָל משה יוסף און פרוי
באָל יעקב

........................................
........................................
........................................
........................................

ג.

גורקי משה און משפחה
גליידער מרדכי, זיין פרוי חנה
גאָלדפאַרב אליעזר, פרוי רבקה
גאָלדפאַרב משה. זאב, אברהם, יחיאל
גאָלדפאַרב יחיאל און משפחה
גאָלדפאַרב איטקע (אָרבאַר)
געלבאַרט חיים און משפחה
גערשט יוסל
געצל פּנחס, פרוי חוה און קינדער
גאָסטינסקי אהרן, פרוי און קינדער
גאָסטינסקי בצלאל און פרוי
גאָסטינסקי משה-יוסף און משפחה

געלבאַרט שמאַי און משפּחה
גאַלינסקי און משפּחה
גאָטהעלף יצחק און משפּחה
גאָטהעלף פייגע און משפּחה
גאָסטינסקי אליהו און פרוי גיטל
גאָסטינסקי ברײַנע, פּנחס
גאָסטינסקי יוסף, העניע
גאָטהעלף אליהו און אליעזר
גאָטהעלף שמעיהו
גאָטהעלף לעמעל
גאָטהעלף רייזיל
גערשט שיפרע
גאָטהעלף הערשל

.........................
.........................
.........................

## ד.

דאָווידאָוויטש לייביש, פרוי שרה
דאָווידאָוויטש פּנחס
דאָווידאָוויטש העשל, שײַנע און
שוועסטער ראָזאַ
דאָווידאָוויטש הינדע, שרה, חנה
דאָווידאָוויטש יוסף
דאַנציקער יחיאל און פרוי העלאַ
דעמבינסקי חיים און משפּחה

.........................
.........................
.........................

## ה.

העלמער יהושע און פרוי אסתר
העלמער חיה-רחל
העלמער אריה, פרוי דריזעל
און זון
העלמער מרדכי און משפּחה
העלמער חנה
העלמער מיכאל און פרוי ברכה
האַמבורג יעקב און פרוי ביילע
הודו העניטשע און משפּחה
העלמער חיה (טאָראַנטשיק)
הודו משה

.........................
.........................
.........................

## ו.

ווידעסלאַווסקי גרשון, פרוי שרה
און קינדער
ווידעסלאַווסקי יעקב-דוד און
פרוי גיטל
ווידעסלאַווסקי אברהם און פרוי
העניע און טאָכטער
ווידעסלאַווסקי-ווײַנשטאָק יוסף
און פרוי מרים און זון
ווידעסלאַווסקי משה-מאיר
ווידעסלאַווסקי אברהם
ווידעסלאַווסקי אבא-יוסף
ווידעסלאַווסקי רחל-לאה
ווידעסלאַווסקי ביילע-חיה
ווידעסלאַווסקי גרשון, ברײַנע
ווײַנשטיין יוסף און פרוי באַלטשע
ווראָבעל גרשון און פרוי לאה
ווסאָלאַווסקי יצחק, פרוי ברײַנע
ווײַנקראַנץ און משפּחה

.........................
.........................

ז.

זיגער ישראל-שלום און פרוי
דבורה-נעכע
זיגער יעקב-יהושע און שרה
זיגער שרה-לאה (שאַטאַן)
זיגער מלכה (שוואַרצבערג))
זיגער בערל און משפחה
זיגער הענעך און משפחה
זיגער יהושע און משפחה
זיגער מרדכי און פרוי רבקה
זיגער יעקב, חיה, יחיאל
זיגער שלמה און פרוי מרים
זיגר יוכבד, לוי, גיטאַ, יחיאל
זיגער יחיאל און משפחה
זלאַטניק ראַזע
זלאַטניק שמעון
זלאַטניק שמואל און חיה
זיגעלמאַן יוסף און משפחה
זשוראַווסקי אברהם, פרוי מלכה
און קינדער
זיידע בלומע
זאַנדבערג חיים-וואָלף, פרוי לובע
זאַנדבערג פסח און רבקה-רויזע
זאַנדבערג וויקטאָר און הינדע
זאַנדבערג הירש, יצחק און אסתר
זייפערט איטשע, פרוי רחל און
משפחה
זיגעלמאַן יחזקאל און פרוי צילע
זיגעלמאַן צבי און משה
זיגעלמאַן דוד און שרה-ביילע
זיגעלמאַן הערשל און פרוי יענטע
זיגעלמאַן שמעון און יעקב
זיגעלמאַן הינדע, שרה
זשוראַווסקי אברהם, יצחק און
פרוי יענטע און זון

זיק ישראל און פרוי בראַנטשע
זיק רבקה, אהרן-דוד, צירעלע,
רחל, מייטע
זשיכלינסקי מנחם-ידידיה (הרבי)
און פרוי רייזעלע
זשיכלינסקי שמואל-אברהם
(הרבי) און פרוי רודקעלע
זשיכלינסקי פערעלע, מלכה,
מרדכי, אפרים, אביגדור-ברוך
זשיכלינסקי יצחק-יעקב און פרוי
פרומע
זשיכלינסקי מיכאל, שלום, פריידל,
שפרה
זאַפראַן משה, יוכבד זיין פרוי און
טאָכטער העלאַ
זאַפראַן ישראל און פרוי חוה
זאַפראַן מונדעק און רחל
זאַפראַן הילל און משפחה
זשיכלינסקי בצלאל און אסתר-
פייגע זיין פרוי
זשיכלינסקי רבקה, לייזער, שאַמאַי
זשיכלינסקי-ראָזענטאַל יעקב-
יהודה און פרוי חיה
זשיכלינסקי רחל, דבורה, צילע,
רחום, פלאַטאַ ,רבקה
זשיכלינסקי לייזער-נפתלי
זלאַטאָק מאיר-הענעך, פרוי שרה
זלאַטאָק פייגע-רחל, אסתר-גיטל,
פעסאַ
זלאַטאָק שלום, שמואל-דוד,
יעקב-משה
זיסלענדער יוסף און פרוי
זיסלענדער אברהם און משפחה
זאַנדבערג אסתר-פריידל
זיגער יעקב און פרוי לאה

זיגער מרדכי און נפתלי
זיסלענדער פריידל און פעסע

ח.

חודה הירש-וואָלף און פרוי חנה
חאַלעמסקי יוסף און משפחה
חאַלעמסקי רבקה און ביילע הירש
חיבערט שלום און משפחה
חודה פייוול, חנה, אלתר
און קינדער

ט.

טאַטאַרקאַ שמשון און פרוי לאה
טאַטאַרקאַ יוסל, אסתר
טאַטאַרקאַ טובה-ראַזאַ און
קינדער צבי און יוסל
טאַטאַרקאַ חנה, שרה,ביילע,
שלום און די קינדער
טאַראַנטשיק רחל
טאַראַנטשיק חיה (העלמער)
טאַראַנטשיק רבקה (בלומענפעלד)
טאַראַנטשיק חיים און משפחה
טאַראַנטשיק דוד
טושינסקי בצלאל, פרוי לאה
און קינדער
טושינסקי שלמה, פרוי רבקה-לאה

י.

יאַצקאָווסקי משה און פרוי
יאַצקאָווסקי יצחק, פרוי צירעלע
יאַצקאָווסקי חנה, הינדע, משה
יאַצקאָווסקי לאה
יאַצקאָווסקי חנה
יאַצקאָווסקי משה און פרוי הינדע
יאַקובאָוויטש יצחק, פרוי מאַשע
יאַקובאָוויטש נעכע, מרים, פרידע
יאַקובאָוויטש לייזער-ליפע, יהודה

כ

כץ אברהם און משפחה
כהן ישככר און משפחה
כץ עזרא, גאָלדע, שרה
כהן יצחק-מאיר, פרוי חנה-מינדל
כהן טויבע, אליעזר, שמחה-בונים,
הינדע
כהן יוסף-חיים און פרוי מרים
כהן אברהם, פריידע, רחל, אליעזר
און חיה-שרה

ל.

לענטשיצקי הירש-פייוול און משפחה
לעמבערג בינם און משפחה
לעמבערג אברהם-אריה
לעמבערג הירש-הענעך און פרוי
לעמבערג יהודה און פרוי
לעמבערג אהרן און פרוי
לעמבערג אברהם-מאיר און פרוי
לעמבערג ישׂכה, נעכע, מאַשע
לעמבערג שרה, חנה
לעמבערג ליפּעש און הענדל
לענטשיצקי פּנחס, פרוי לאה און קינדער
לעווקאָוויטש יעקב און פרוי שרה
לעווקאָוויטש חנוך, ליבע, משה
לייזעראָוויטש אפרים, פרוי טובה
לייזעראָוויטש יצחק, גדליה
לייזעראָוויטש ראָזע און בעלאַ
לאַסמאַן שמואל און פרוי
לאַסמאַן אַבאַ און משפחה
לייזעראָוויטש שמעון און פרוי
לייזעראָוויטש יהודה, ירמיהו
לענטשיצקי חיים-דוד, פרוי שרה
לענטשיצקי העלאַ, יעקב, ראובן און מרים
לעווקאָוויטש מרדכי, פרוי רבקה
לעווקאָוויטש יצחק-יוסף, אסתר-חנה
לעווקאָוויטש לאה און יהודה
לענטשיצקי יעקב, פרוי גאָלדע
לענטשיצקי פייביש, אסתר, אברהם, זיסע, ביילע
לענטשיצקי פּנחס, לאה, משה

לענטשיצקי הירש-פייביש און פרוי חיה
ליבפריינד מענדל און פרוי חיה-שרה
ליבפריינד אירענאַ, שרה
לאַנדשניידער אברהם, פרוי חוה
לאַנדשניידער לאה, שרה, חנה, שושנה
לאַנדשניידער יעקב
לעמבערג וואָלף און משפחה
ליבפריינד לייביש און פרוי
ליבפריינד שמחה און משפחה

............................................................

............................................................

............................................................

מ.

מאַרגענטאַלער אברהם, פרוי ציפּע און קינדער
מאַרגענטאַלער יוסף, פרוי שרה
מיידאַט זעליג און משפחה
מאַקאָווער שמריהו און משפחה
מיעדזשינסקי פישל און משפחה
מיעדזשינסקי אלימלך און משפחה
מיכאַלאָוויטש גאָדל
מיכאַלאָוויטש יצחק
מאַקאָווער רחל

............................................................

............................................................

............................................................

נ.

ניסענבוים מענדל און פרוי לאה
נויפעלד נחום און פרוי חוה

נויפעלד חנה און משפחה
נויפעלד אהרן-לייב און משפחה
נאַשילאָוויטש מרדכי, פרוי הינדע
נאַשילאָוויטש מאיר, לוי און חנה
נוימאַן דוד

ס.

סאַדאָווסקי און משפחה
סאַניצקי יוסף און פרוי פעסע
סאַניצקי מאַניע
סלאָמאַ מאיר, גאָלדע
סלאָמאַ שלום, משה

פ.

פיטעל חיה
פיטעל לייזער
פיטעל הערשל און פרוי לאה
פיטעל מענדל
פאַנצער און משפחה
פייערשטיין און משפחה
פייערשטיין פייוול און פרוי
פריימאַן מרדכי און משפחה
פריידיס יצחק-אהרן און פרוי
פריידיס מנשה און פרוי
פריידיס יאָסל און פרוי
פירסט מיכאל

פעניגשטיין אסתר בלומע
פעניגשטיין שיינע, יעקב
פוקס חנה, שלמה און רות
פראַנקענשטיין חיים און אלתר
פראַנקענשטיין חוה
פלאַנסקי בנימין, זיין פרוי
חוה-לאה און קינדער

צ.

צעפּעלינסקי אברהם און משפחה
צינאַמאַן (דער לערער)
צענטנער יוסל און משפחה
צענטנער יעקב און פרוי יעסקע
צענטנער מלכה, צירל, שיינע,
ראָזאַ, גיטל
צענטנער הערש-משה
צוק שלום

ק.

קובענט אליהו און משפחה
קובענט יעקב און משפחה
קובענט יוסף און פרוי ביילע
קובענט ליבע, יעקב
קובענט נחום
קובענט שמעיהו און פרוי יוכבד
קובענט שמואל און משפחה

קובענט גרשון און משפחה
קובענט זלאַטע און משפחה
קובענט ישראל און פרוי לאה
קובענט אברהם, שמואל
קובענט יצחק-משה און פרויביילע
קובענט אליהו און פרוי גיטל
קובענט רייזל, בעלאַ, משה און משפחה
קובענט מרדכי, זיין פרוי דבורה-ליבע און משפחה
קובענט יוסף און פרוי גוטשע און משפחה
קובענט שמעיהו און פרוי צביה און משפחה
קובענט ניסן, חנהטשע
קאַרן טובה, אסתר
קאַרן מיכאל
קאַרן הערשל און פרוי פריידע
קאַרן גאָלדע, רבקה, חיה-שרה
קאַרן ליבע, יעקב און מענדל
קאַנאַריק מרדכי און משפחה
קעלמער אייזיק
קלעצעווסקי שמואל און פרוי שרה
קלעצעווסקי יצחק און פרוי
קלעצעווסקי טוביה, רבקה, סימע און מלכה
קרייצער גאָלדע, רחל
קעלמער יעקב, זיין פרוי ראָזע און קינדער
קעלמער הירש און זיין פרוי חנה-לאה
קעלמער יוכבד (אלמנה פון ר' יהושע פייביש)
קירשטיין באַלטשע, פישל, ביינע, אבא

קירשטיין פייוול, לאה, רחל
קוטנאַווסקי יונה און משפחה
קערמעל נחום, פרוי יוכבד (זיגער) און קינדער
קאַנאַריק אסתר-מלכה
קאַנאַריק זלמן, נח, מענדל זעלדע, ביילע
קלינגער רפאל און פרוי רחל
קלינגער אברהם-יעקב, פרוי חנה
קאַזוסאַוויץ און פרוי מאַרילאַ
קירשטיין יעקב און פרוי עלקע
קירשטיין חוה
קירשטיין הענעך און פרוי חוה
קירשטיין פעריל, יצחק
קירשטיין אברהם, יצחק, זיסל
קירשטיין לאה, דבורה, טובה, ליבע, צביה
קלינקעוושטיין ביילע
קלינקעוושטיין רבקה

..........

..........

..........

..........

ר.

ראַפּקאָוו יעקב און פרוי לאה און קינדער
ראָזענבערג שלמה און פרוי גאָלדע-מרים און קינדער
ראָזענבערג משה און פרוי חנה
ראָזענבערג מרים און קינד
ראָזענבערג מאיר און משפחה
ריסטער אלי, פרוי מנוחה

ראָזענבוים שושנה
רובין שושנה
רובין נחמה און קינדער
רובין סימע, שרה, מרים, טובה
רובין פרימעט, גיטל, שלמה,
ברוך און לפידות
רובין יצחק (שו"ב) און משפחה
רובין משה
ראָזענקראַנץ אבא און משפחה
ראָזענקראַנץ משה און משפחה
ראָזענקראַנץ יצחק און משפחה
ראָזענבערג שמואל-דוד און
משפחה
רובין ישראל, אשתו חנה
רובין משה, בונים, מאַלאַ
רובין גדליה ויצחק
ראָזנבלום בעריש און פרוי
רבקה-ליבע
ראָזענבערג יעקב און פרוי אסתר
רובין אהרון-דוד, פרוי רבקה
און קינדער
ראָזענקראַנץ משה

ש.

שעראַצקי יצחק און משפחה
שעראַצקי פייוויש און פרוי רבקה
שעראַצקי זעליג, דבורה, חיה
שעראַצקי העלע און יעקב
שוואַרצבערג משה און פרוי פעסע
שוואַרצבערג יעקב

שאַטאַן מאיר און פרוי איטע
שאַטאַן אברהם, פרוי שרה-לאה
שאַטאַן יחיאל, יצחק, יעקב און
ראָזע
שאַטאַן שמואל
שלאַכטוס און משפחה
שוואַרצבערג וואָלף און משפחה
שוואַרצבערג יצחק, פרוי דבורה
שוואַרצבערג חוה, רויזע, שיינע,
יוכבד און יחזקאל
שוואַרצבערג דוד און יאַשאַ
שוואַרצבערג אברהם און פרוי
שוואַרץ רבקה
שטיינבערג לוי, אסתר, יעקב,
בעטאַ
שטיינבערג שמואל
שמולעוויטש און משפחה
שטולזאפט שלמה, זיין פרוי
שפרינצע און קינדער
שטשיגעל געניע

# התוכן

# אינהאַלט